עוזר ווארשאווסקי.

# שמוגלארס

א ראמאן
אין דריי טיילן
אילוסטרירט.



# ערשטע קאַפּיטל.

פֿאַנטל פורמאַן שטעקט אַרויס אַ האַנט, ציט זיך אויס אונטער דער דעק, דרייט זיך איבער פון איין זייט אויף דער צווייטער, זעצט זיך אויף און געגעצט.

אין שטוב איז פינסטער, בלויז דורך די צוויי אויגנלעכער פון לאָדן רייסט זיך אַריין אַ שוואַכע באַגינענליכט.

—ס'איז' נאָך זייער פרי,—שטאַמלט ער רייבנדיק זיך ד'אויגן און אַרומקוקנדיק זיך איבער די שטוב, וועלכע איז אינגאַנצן אין אַ קאַלטקייט און אַ פינסטערקייט פאַרהילט, און דערזעענדיק די פראָסטבלומען אויף דער שויב, דערפילט ער אַן אומהיימלאַכקייט און ער רופט אַריבער צום צווייטן בעט:

—גליקע, גליקע!

—הע, וואָס?—כאַפּט זיך אויף זיין ווייב מיט אַ געוואַלדיקן אימפּעט און בלייבט זיצן מיט פאַרקלעפּטע אויגן און מיט אַ ברייט געעפנט מויל.

—זעסט, ס'איז' שוין ווידער אַ פראָסט,—ווייזט ער איר אָן צום פענסטער און שטעקט אַרונטער ביידע הענט אונטער דעם יאַטענעם לייבל, אין וועלכן ער שלאָפט ווינטערצייט און מיט

חשק נעמט ער זיך קראַצן מיט דער רעכטער—די ברוסט און מיט דער לינקער—אויבן אַרום די פלייצע.

—וואָס זאָגסטו?—פרעגט זי איבער. זי זיצט און מיט די פייכטע פינגער רייסט זי זיך פאַנאַנדער די פאַרקלעפּטע אויגנ-לעפלאַך.

—ס'אי' נישטאָ קאַ' געלט,—ענטפערט ער.

זי ווערט מיטאַמאָל וואַך הערנדיק דאָס.

—מ'דאַרף דאָך כאָטש אַ שטיקל קויל צו קויפן און אַ ראַ-זאָווע ברייטל...

—ס'אַ פּראָסט!—כאַפּט ער זיך פּלוצלונג נאָכאַמאָל, ווי וועלנדיק עפּעס פאַרטרייבן פון זיך.

ער נעמט אייליק די הענט פון לייבל אַרויס, לייגט זיך צריק און ציט זיך די דעק, ביז איבער דער נאָז. פון אַנדערן בעט קוקט צו אים זיין ווייב און פון איר פּנים און לייב גייט אַ פּאַרע.

—נו, וואָס 'עט זיין? האַ?—פרעגט זי. נאָר זי ווייס, אַז ער קאָן דערויף קיין ענטפער נישט געבן.

פון דער ערשטער שטוב, דער קיך, דערטראָגט זיך אַ יונגעלש קול:

—רוק זיך אַהין! זע נאָר, ווי ר'האָט זיך דאָס צעלייגט. אַנדערש געפעלט דיר נישט, נאָר אויף די פלייצעס...

—פאַרמאַך דעם „זוראָטניק", פוף!—ענטפערט אָפּ אַ גרע-בער קול.

—אַ כאָלערע...—הערט זיך נאָך דאָס ערשטע, יונגעלשע.

—אַ כאָלערע אין זייערע ביינער אַריין!—רופט זיך אויך אָן פאַנטלס קול,—אין שלאָף האָט עס קיין רו נישט.

—אָבער וואָס 'עט זיין, וואָס 'עט זיין?—חזרט גליקע דאָס איריקע שטילערהייט,—די בעקערין וויל שוין קיין קריש ברויט נישט געבן. אַ שטיקל קויל זאָל כאָטשביק ברענען אין קעך...—און חזרנדיק אַזוי, נעמט זי זיך צום קראַצן אי דאָס לייב, אי דעם קאָפּ, רייבנדיק אַזוי אהין און צוריק די שלאָפקופקע איבער אים, ווי מ'רייבט כריין.

פאַנטלען ווערט הייס פון ליגן צוגעדעקט ביז איבער דער נאָז, הויבט ער אונטער אַ קליין שטיקעלע דעק און די קאַלטע לופט טרונקט אים איבער דער הויט. אויפן גאַנצן קרעפטיקן קערפער זיינעם גייט עפעס אַ מחיה׳דיק לופטעלע אַרום. נאָר באַלד גיט ער אַ קוק אויף די געפרוירענע שויב, כאַפּט צוריק אַרונטער די אויסגעקילטע האַנט, דעקט זיך גוט איין און דער-פילט די מחיהדיקע וואַרימקייט.

באַלד שוויצט שוין ביי אים איין האַנט, דערנאָך די צווייטע, דערנאָך דער גאַנצער קערפער. די עקן פון די קורצע, האַר-טע און שוואַרצלאַכע הערעלאַך אויפן קאָפּ און אויפן פּנים גלאַנצן, ווי די טוי וואָלט אויף זיי געלעגן. ער הויבט אָן באַ-וועגן מיט די קורצע קרעפטיקע פיס, גיט זיי אַ קורטשע-איין און אַ צי-אויס, פּונקט ווי ער וואָלט געוואָלט זיך אַ לאָז געבן ווי אַ פערדל אויף דער לאָנקע, און נאָכאַמאָל זיי אַ קורטשע-איין און נאָכאַמאָל אַ צי-אויס.

—לייג זיך אין דר׳ערד אַריין, פאַנטל גנב!—שרייט צו אים דאָס ווייב.—צופליק ס׳שטיקל איינשיט, וואָס האלט זיך נאָך קוים...

אָבער „פאַנטל גנב” הערט איצט גאָרנישט. ער קאָפּעט בסדר אין בעטגעוואַנט, ער פילט זיך, ווי אַ פישל אין וואַסער, און אפשר איז ער פאַרטון עפעס אין אַ רעיון אויך... אפשר וועגן פּרנסה...

—וואָלסט געבּרויכט צו האָבן אַ נייעם שפּאַנצער,—רופט ער זיך פלוצלונג אָן, און זיין קול איז אַזוי ווייך, אויף וויפיל פאַנטלס קול קאָן נאָר,—דער איז שוין אינגאַנצן צוריסן...

און אַז זי רעדט גאָרנישט, ווערט ער אויך אַנטשוויגן און לאָזט זיך אַריין אין רעיונות וועגן אַ סך גוטע זאַכן; וועגן אַ בעסער לעבן און וועגן אַ גרויסער, ברייטער פּרנסה.

אויך זי דערמאָנט זיך טאַקע, אַז ס׳איז שוין די העכסטע צייט, וואָס מען דאַרף זיך נעמען פאַר עפעס, נישט אַזוי צו זיצן... די קאָליע גיט דאָך היינט גאָרנישט... וואַסער אויף קאַ-שע... און דאָ איז שוין אַלצדינג צופליקט, צוריסן... מ׳דאַרף

האָבן וועש, שוכוואַרג, קוילן און האָלץ... און מ׳דאַ־ף און מ׳דאַרף...

און ביי פּאַנטלען ווערט פּאַרטיק אַ גאַנצער פּלאַן... „ניש-קשה, גאָט וועט העלפן...״ און ער שפּרינגט אַרויס פון בעט און עס אַרט אים נישט אויף אַ האָר צומאָל די קעלט.

ער וויקלט אַרום די פיס מיט לאַנגע אָניצעס, ווי די האַנ-טוכער, ציט אַרויף די שטיוול און מיטן טאָג צוגלייך איז ער שוין אין שטאַל, וואו ער „פּאָיעט״ די פערד.

---

# צווייטע קאַפּיטל.

אינדערפרי קומט אַריין קאָפּל. אין שטוב איז קאַלט. שויבן פון די פענסטער זענען איינגאַנצן פאַרצויגן מיט בליאַכן, און גליקע, קוקנדיק אויף זיי, טראַכט: „אַ פינסטערער גאָרטן אַ ביסל...״ אויף דער הילצערנער שלאָפבאַנק ליגן נאָך פּאַנטלס ביי-דע זין. נעבן דער קוך זענען אָנגעוואָרפן עטלאַכע פייערקעס און אַן אייזערנער טאָפּ שטייט פול מיט וואַסער. קאָפּל קלאַפּט אַ שטיוול אָן אַ שטיוול, רייבט זיך די הענט און בלאָזט אין די פויסטן אַריין.

—גוטמאָרגן,—זאָגט ער און זיין קול אין דער קאַלטער שטוב איז ווי פון אַ פאַס אַרויס.—אָ, האַ, איז דאָס אַ ביסל קאַלט.—ער גייט צו נענטער צום טישל, וואָס שטייט נעבן איין פענצטער און, אַפערמאַכנדיק זיך די אויערן פון אונטער דעם גרויסן, פלושענעם הוט, זעצט ער זיך צו אויף אַ בענקל.

—ניש׳ געפאָרן צו דער קאָליע?—קאָן זיך פּאַנטל נישט איינהאַלטן פון אויסרעדן אין מיטען דאַווענען.

פּאַנטל גייט אום איבער דער שטוב, איינגעהילט אין אַ געל-ברודיקן טלית און דורך דער פּאַלעדיקייט שפּירט זיך, ווי פּאַנטלס קליינער, קרעמפּער קערפּער שפּראָצט מיט געזונטקייט.

—אַז ס'אי' נישטאָ מיט ווימען,—ענטפערט קאָפּל און הוסט זיך אויס, ווייזט אויס שוין אַ שנעפּסל געמאַכט,—ווער 'עטס גאָר פאָרן אויף אַזאַ פראָסט?!

פאַנטל איילט זיך שוין איצט אונטער מיטן דאַוונען. ער בוקט זיך, שפייט אויס איגדערגיך אין ביידע זייטן, וואַרפט אַראָפּ דעם טלית און תפילין, מאַכט זיך גלייך דעם אַרבל, פאַרציט דעם שפּיציקן בּאַראַנקאָוון הוט, ביז אין די ברעמען אַריין און נעמט אָן קאָפּלען פאַר אַ קלאַפּע פון זיין פוטערנער סערמענגע.

—ווייסט,—זאָגט ער, און די נאָזלעכער ציען זיך אים אויס אין דער ברייט, די אויגן ווערן אַרומגעצויגן מיט אָן אַ שיעור פעלדעלאַך, צווישן וועלכע זיי ווערן ווי פאַרזונקען פון צוזאַ-מענקוועטשן דאָס לאַכנדיקע פנים,—הע, הע, כ'האָב די נאַכט עפּעס איבערגעאַרבעט... קום, מ'וועט אויפזוכן יענקלען און מ'וועט אַריינגיין צום געלן עליע.

אַרויסגעקומען אויף דער ווייסער וועלט, איז קאָפּל געוועזן רויט, ווי אַ טשוויק.

—האָסט עפּעס דערשנאַפּט?...—ווענדט ער זיך שטיל צו זיין באַגלייטער, אָבער פון גערירטקייט, קאָן מען עס הערן אין צווייטן עק מאַרק.

—מ'וועט זיין ביי עליע'ן, וועט מען שוין רעדן,—האַלט פאַנטל דערווייל נאָך סוד.

—זעסט, ס'איז היינט אַ ווייסער פראָסט,—נעמט יענער מיט-אַמאָל גאָר פון וועטער רעדן, „זאָל ער נאָר נישט מיינען, אַז ער, קאָפּל, איז אַזוי טשעקאַווע..." און ווייזט אים מיט דער האַנט אויף אַ פּאָר ביימער, פאַרבייגייענדיק פאַר אַ הויז, וואו זיי שטיי-ען און פאַרבלענדן אַזש די גאַס מיט זייער ווייסקייט. זאָגט פאַנטל נביאות, אַז ס'וועט זיין דעם זומער אַ גרויסע „זאַראַזע" אויף אויבסט - און קאָפּל שאָקלט צו מיט זיין גרויסן קאָפּ, אָבער זיין מח איז איצט פאַרנומען גאָר פון אַנדערע מחשבות: „אפשר האָט ער ערגעץ אַן אוצר דערטאַפּט... אפשר אַ פערידל?... ווער ווייס?..." און ער רייסט אויף די צוויי אויגן „לופּעט" זיי אויס, אין וואַרפט אַ בליק פון דער זייט, צום קליינעם יודל, וואָס

גייט ביי זיין לינקער האַנט, שמייכלענדיק אונטער די וואָנסעס און בימבלענדיק מיט די ברייטע הויזנס, בשעתן שטעלן אַ טריט.

די גלעזעלאַך בראָנפן שטייען אויפן טיש און אַ פּאָר געיוירענע קיכלאַך, וואָס קיינער קאָן זיי אַזוי גוט נישט מאַכן, ווי דער געלער עליע, ליגן אויף אַ געבלימטן טעלער. זיי נעמען די גלעזעלאַך אין די רעכטע הענט און מיט די לינקע האַלטן זיי אונטער הינטערוויילעכטס די קעפּ, אַ טראָג צו די גלעזעלאַך צו די ליפּן, אַן עפן די מיילער, אַ פאַרוואַרף די קעפּ און די גלעזלאַך שטייען שוין צוריק ליידיק אויפן טיש. איצט פאַרבייסט מען מיט די קיכלאַך און מ׳זעצט זיך אויס אויף די שטולן.

—אַקיצע-אַדוועע די זאַך איז אַזוי,—פּאָרט פּאַנטל אַרויס מיט זיין פלאַן און קאָפּל מיט יענקלען עפּענען די מיילער און די הענט לאָזן זיך זיי אַראָפּ אויף די קני.—וואָס ׳עבן מיר דערלעבן פון פאָרן צו דער קאָליע? קוקטס אויס דעם פּאַרשוין און איידער מ׳דערזעט׳ן, קריכט די גרינע גאַל אַרויס. גיי ביינאַכט אַרום און קלאַפּ אין די לאָדנס, וועק זיי, און זיי ענטפערן דיר ערשט אין אַ גוטער שעה אַרום: ווער אי׳ דעס? הערסטו, ס׳זאָל אַ רוח אין זייערע מאַמעס לייבער אַריין!.. אויף „טישענצע״ כפּרות דאַרף מע׳ זיי... מ׳האָט דריי וועגן מיט פלאַנדעקעס? יאָ? ט׳ מאַכט מען אַ שותּפות און מ׳הויבט אָן צו פאָרן גלייך קיי׳ וואַרשע, אויף „יאַזדעס״—איז זאָל מען אַלע דריי אַזוי לעבן, ווי מ׳שטאַ מאַר דאָ, אַז וואָס מ׳עט נאָר פירן, ׳עט זיין ריוח. איין חדש ס׳זאָל גוט גיין, שטעלט מע׳ זיך אויף די פיס! הע?—און פּאַנטל ווערט אַנטשוויגן און ער קוקט אויף די צוויי „פּושיאַטשעלעס״. זען וואָס פאַר אַן איינדרוק זיין רעדן האָט אויף זיי געמאַכט. און צומיינסט קוקט ער אויף קאָפּלען, וועלכער שפרינגט אויף פון זיין שטול, אַזוי ווי פּאַנטל איז נאָר שטיל געבליבן און ער לאָזט אים אַראָפּ אַ האַנט אויף זיין אַקסל, אַז די פּאָדלאָגע טוט אַ ציטער:

—אַ כאָלערע אין דיין קאָפּ אַריין!--דונערט ער אַרויס,— אויף מיינע „מונעס״ ביזט געראָכטן!

—ס׳אי גאַנץ גלייך,—רעדט אויך אַרויס יענקל, וואָס איז

בטבע אַ קנאַפּער רעדער, כאָטש צו אַ קלאַפּ געבן איז ער נישט פון די לעצטע.

—און די קאָליע דאַרף מען אויכעט נישט אָפּלאָזן,—קומט באַנטל אַריין אין באַגייסטערונג, אי פון זיין אייגענעם פּלאַן, אי פון קאָפּלס אָנערקענונג... דער עיקר פון צווייטן, ווייל ער רעכנט טאַקי אויף אים... „מ׳עט דאַרפן צו קויפן מעל און ברויט... און יענקל איז פּונקט אַזאַ עושר, ווי ער...״—מ׳קאָן זיך איינטיילן,— רעדט ער ווייטער,—איינער ׳עט בלייבן דאָ און צוויי ׳עלן פאָרן. ווען די צוויי עלן צריקימן, ׳עט מע זיך טוישן.

—ס׳אי גאַנץ גלייך,—חזרט איבער יענקל און וואַרפט אַריין אַ צווייט גלעזל, וואָס קאָפּל האָט דערווייל אָנגעגאָסן.

—לאָ׳ זיין מיט מזל און מיט ברכה.—ווינשט צו קאָפּל און לאָזט זיך אויך אַריין נאָך איינס.

און אַזוי טרינקט מען אַ צווייטס און אַ דריטס, און די וואַרעמקייט צוגייט זיך פון די קישקעס איבער דעם גאַנצן לייב. די בעלי־עגלות רוקן זיך איצט צו נענטער, אַזוי, אַז אַלע דריי פּלושענע היטן רירן זיך אָן און די אָטעמס זייערע מישן זיך אויס צוזאַמען. זיי רעדן נאָך אַרום די זאַך און, ווען מ׳שטעלט זיך אויף צום אַוועקגיין, געמט מען נאָך צו גלעזעלאַך און מ׳ווינשט זיך צו צום צווייטן מאָל, אַז ס׳זאָל זיין אין אַ מזל׳דיי־קער שעה.

---

## דריטע קאַפּיטל.

שפּעטער אַ ביסל געפינען זיך שוין באַ פאַנטלען אין שטוב אַ פּאָר זעקלאַך מעל און אַ קומע ראַזאָווע ברויטן ליגט אויף דער שלאָפבאַנק. גליקע לויפט אַרום אין דער ברודיקער שלאָפקופקע מיט די שפּיצעלאַך. זי פאַרנייט און מאַכט צורעכט טאָרבעלאַך און זי רעדט מיט דער קאָפּעלעכע און מיט דער יענקעלעכע און

מ׳רעכנט איבער וויפיל ס׳וועט זיין ריוח.

דער קליינער אורקע שפרינגט נאָך דער מאַמען, כאַפּט איטליכס מאָל אַ שטיק שוואַרץ ברויט, צעפליקט עס מיט די ציין און די באַקן אַרבעטן ביי אים גאַנץ רירעוודיק. ער קוקט זיך צו צו דעם, וואָס דאָ טוט זיך און ער קוועלט גאָר אָן. ס׳איז דאָך אַ לעבן! זעקלאַך מעל, און ברויטן, און מ׳לויפט, און מ׳האַ־וועט, און מ׳שמאַיעט! ס׳גלוסט זיך אים גאָרנישט היינט צו גיין אויף דער גליטש... לויפט ער אַרום צוזאַמען מיט דער מוטער און ס׳דאַכט זיך אים, אַז ר׳איז עפּעס גאָר שטאַרק פּאַרנעמען, אַז ר׳האָט קיין מינוט אפילו קיין צייט נישט... ער מעלט זיך איין ווי גרויס ער איז און אויף דער אויבערשטער ליפּ גלאַנצן אים צו צוויי לעכטלאַך...

דער עלטערער זון פּאַנטלס, מענדל, איז אין שטאַל. ער מישט מיט די הענט אין אָבראָק און פירט זיי אַלעמאָל צו צו די פערדישע פיסקעס. יעדע מינוט לויפט ער אַרויס, כאַפּט אַ בליק צו דער פור, אַ ברייטע, אַ לאַנגע, אַן איבערגעדעקטע מיט אַ פּלאַנדעקע, צי דאַרף מען שוין אַרויספירן די פערד צום שפּאַ־נען. און אַז ער דערזעט יוזשקען, די סטרוזשקעס שיקסע, אַרויס־קומען אויפן הויף מיט אַ שיסל מיט די נאַקעטע, רויטע, נאַסע הענט און ווי זי בויגט זיך איין צום רינשטאָק די „מידלינעפּס" אויסצוגיסן, גנבעט ער זיך אונטער און גיט איר אַ ציפּ אין דער נאַסער האַנט, וואָס ווערט מאָמענטאַל בלאַס, לויפט אָבער גע־שווינד צוריק אויף און ווערט נאָך רויטער. בייזערט זי זיך אָן אויף אים און אַרויסשטעקנדיק די צונג, דרייט זי זיך אויס מיט דער אַנדערער העלפט צו זיין זייט און בויגט זיך נאָך טיפער איין... מענדל, ווידער, באַליידיקט זיך גאָרנישט און לאָזט איר אַראָפּ דאָרט אַהין אַ פּאַטש און איבערבייגנדיק זיך איבער איר, טוט ער איר אַ זאָג גלייך אין אויער אַריין:

—איך פאָר היינט קיי׳ וואַרשע...

אַז ס׳ווערט פינסטערלאַך, קריכן די בעלי־עגלות אַרויף אויף זייערע וועגנס, וואו אַלץ איז שוין פאַרפּאַקט און איבערגע־דעקט מיט שטרוי, מ׳זאָל נישט דערקענען. פוןביידע זייטן וואָגן,

אויף די בוכטעס, זיינען מיט אייזערנע קייטן אָנגעשלאָסן שטייגן מיט עופות, וואָס שטעקן אַרויס די שנאָבלקעפּ דורך די הילצער-נע שטאַכעטלאַך און זיי שרייען און פּילדערן גלאַט אין דער וועלט אַריין.

די פערד זיינען שוין געשפּאַנט, בלויז איין לייטש דערענ-דיגט נאָך מענדל צו פאַרלייגן מיט אַ שלייף אויף דעם אָרטשיק אַרויף. איצט נעמט ער די בייטש, גיט אַ שמיץ די פערד איבער די נאַקעטע פּלייצעס און—היידאַ קיין וואַרשע!

פאַר דער טיר שטייט גליקע. זי קוקט לאַנג נאָך דער פור און טראַכט אין זיך: „הלעוואַי ס'זאָל נאָר זיין מיטן רעכטן פוס!" נאָר אַז די פור איז שוין פאַרשוואונדן אין דער פינסטער-ניש און ס'איז שוין נישט צו הערן דאָס סקריפּען פון די רע-דער איבערן פּראָסטיקן שניי, רופט זי אורקן, וועלכער וואַרפט זיך מיט נאָך יונגלאַך שניי אין די קעפּ אַריין, און זיי גייען אין שטוב אַריין זיך לייגן שלאָפן.

איצט גייען ערשט אָרימע יודענעס, הענדלערינס, אויף אַוועק פון פאַר דער טיר, און זיי רעכענען איבער וויפיל ס'וועט זיין ריוח אויף יעדן שותף באַזונדער. נאָר אַז זיי קומען אַריין אין זייערע שטובן, שטעלן זיי זיך אַוועק פאַר זייערע מענער, האַלטנדיק אַ פינגער ביי די ליפּן, און זאָגן:

—זעסט, די בעלי־עגלות זענען שוין געפאָרן מיטן „שמיגל".

---

# פערטע קאַפּיטל.

אַ גאַנצע איבערקערעניש האָט די ערשטע „יאַזדע" אָנגע-מאַכט אין שטעטל. אומעטום, אין בית-המדרש און אין אַלע שטובן, ווער ס'האָט נאָר געהאַט אַ מויל, דער האָט דערפון גע-רעדט. אין די רייכע שטובן האָט מען עס נאָר דערמאָנט גלאַט אַזוי זיך, „עלעהיי עפּעס אַ נייעס." אין די אָרעמע אָבער האָט

מען זיך פאַראינטערעסירט גאָר שטאַרק. מ׳איז דאָרט געווען טשעקאַווע צו וויסן ווער ס׳איז אַלץ מיטגעפאָרן, און וואָס פאַר אַ סחורה און וויפיל מען האָט מיטגענומען, צי גייט עס אַדורך בשלום און אחרון, אחרון חביב: וויפיל ס׳וועט זיי בלייבן פאַר-דינסט.

די אַלע האָבן געוואַרט מיט גרויס אימגעדולט און זיי האָבן אויסגעקוקט די פירן, ווי משיחן. און אַז ס׳איז געקומען צומאָרגנס בייטאָג, האָבן זיך אַ פאָר נישט געפוילט און זיך גע-לאָזט צום שאָסיי—אַקייגן גיין.

זעט מען ס׳גייען יידן, קלעפט זיך צו איבערן וועג—איי-נער, אַ צווייטער, אַ דריטער, ווי צו אַ לויה אַ שטייגער. גייען יידענעס פאָרנט אין די לאַנגע פאַטשיילעס און יידן און יינג-לעך איינגרהויקערט פון קעלט, די קעפ איינגעקורטשעט אין די אויפגעשטעלטע קעלנער אַריין.

ס׳האָבן אויך נישט געפעלט קיין ווייסע חברהניקעס, וועל-כע האָבן זיך אויפן וועג געלאָזט וואוילגיין מיט קוילן שניי, אי צווישן זיך, אי טאַקי אויך מכבד זיין וועמן פון די יידן, אָדער יידענעס, וועלכע האָבן זיי פאַרשאָלטן דאָס געביין מיט די יאָרן זייערע... נאָר חנה גימפּלס גייט מיט איין טריט פאָרויס פון די אַלע יידן און יידענעס און שנייצט זיך כסדר די נאָז און שרייט אויף איר אויבערקולכל:

—אָבער ווער ס׳אי׳ שיין, בין איך קלוג! כ׳האָב ניש׳ נאָך איירערנעכטן געזאָגט דען, אַז די באַלעגאָלעס מיינען עפּעס צו טאָן? אַ ניש׳, וואָס האָבן זיי געדאַרפט באַ יענקל מעלער?

גייט אויך אויף דער סטעזשקע, האָרט נעבן ראָוו, דער זיבעציקיעריקער שעה׳קעלע, סאָפּעט ער, ווי אַ גאַנז און פרעגט איבער:

—ביי יענקל מעלער?...

—יאָ,—ענטפערט חנה גימפּלס. אַ גאַנצן זאַק מעל האָבן זיי אַהיימגעפירט. דערנאָך זענען זיי אַריין צו איטשע בעקער...

—צו איטשע בעקער?—פרעגט ווידער דער אַלטער שעה׳קע.

—יאָ, בײַ איטשן האָבן זײַ געגעמען דרײַ פּוד ברויט,— זאָגט זי און שנײַצט זיך די נאָז.

נעמט אורקע, וואָס לויפט צווישן די איבריקע ווײַסע חברה׳ניקעס, אַ שטיקל שנײַ, גײט געלאַסן צו צו חנהן און טוט עס איר אַ וואָרף גלײַך אין דער נאָז אַרײַן, הײבט זי אָן צו שעלטן, אַנטלויפט ער און זאָגט:

—חנה גימפּלס האָט די ברכה אין דער נאָז!... חנה גימפּלס האָט די ברכה אין דער נאָז!...

ווערט אַ געלעכטער צווישן די „לאָבוזעס” און זײ נעמען זיך יאָגן אײנער דעם אַנדערן. גליטשט זיך אײנער אויס, שטעלט ער זיך באַלד אויף און לויפט ווײַטער. באָרן זײ זיך, ווערט זײ וואַרימער, אַזוי, אַז דער צוועלף-גראַדיקער פראָסט פּאַרלירט אַ כּח אין זײערע אויגן. לויפן זײ אַרום מיט רויטע פּנימער, אויערן און נעז, ווי די באָרקלאַך, און ווישן זיך כּסדר איבער די אויבערשטע ליפּן מיט די אַרבל פון די פּאַלטנדלאַך.

אויף דער אַלטער שעה׳קע שפּירט כּמעט נישט דעם פראָסט, וועלכער זוכט בײַ אים אויס יעדעס שפּעלטעלע אַרײַנצובלאָזן, אפילו אויך אין די שטעקלאַטשן, וועלכע עפענען בײַ יעדן טריט מײַלער, פּונקט ווי די וואַלפישן, אין די צוריסענע וואַטענע הויזן, און דער עיקר—שפּילט ער אים אויף דער לאַנגער ציבעק-נאָז.

—אָ וואַ, אָ וואַ,—מאַכט ער מיט די ליפּן און דער געדאַנק פאַרטראָגט אים צווישן מעלן און צווישן ברויטן מיט קאָפּער און „טשאַרנעכע”, אַז ס׳שמעקט אַזש, און נאָך אַ סך גוטע זאַכן, צווישן וועלכע ער דרײַט זיך אַרום דער בעל-הבית,—„עך, עך, וואָס מע׳ האָט אַלץ דערלעבט”...—טראַכט ער זיך,—„אַמאָל איז געווען אַנדערש”. און בײַ דערמאָנען זיך פון דעם „אַמאָל”, ווײַזט זיך נאָך אַ בליצל אין זײַנע אויסגעבליאַקירטע זיבעציקיעריקע אויגן:—„אַמאָל, אַמאָל איז אַלץ געווען פּאָדאָסטאַטקאָם”...

די שנור זײַנע מיטן פּיצל קינד קומט אים פאַר די אויגן, און ער זעט די דאַרע בריסטן אירע, וואָס דאָס קינד ציט און ציט, נאָר ציט גאָרנישט אַרײַן אין זיך און פון איר ציט עס

ס׳חיות אַרויס. אָבער באַלד פאַרשווינדט דאָס צוליב די גרויסע ראַזאָװע. קיילעכדיקע ברויטן, וועלכע קומען צו אים צופליען פון אַלע זייטן.

„וואָס? ניכיי זאָל איך שוין גאָרנישט קאָנען אויפטון? הע, הע, הע, נישקשה, דער אַלטער גאָט לעבט נאָך און דער אַלטער שעה׳קעלע איז אויך נאָך נישט עובר בטול... מ׳עט אויך קאָנען קויפן אַ ביסל סחורה און פירן קיי׳ וואַרשע... עט זען אָפּשטעלן אַ קערבל, אַ האַלב קערבל—איז. אויך געלט! אַלץ בעסער, ווי גאָרניש׳..." און ער כאַפּט אָן ביילקען, אַ דרייצניעריק מיידל, וואָס גייט נעבן איר מאַמען, שטופּט זי ביז אין מיטען שאָסיי אַריין און לאָזט זי דאָרט אָפּ.

—הע, הע,--לאַכט ער,—ביזט׳ען שיער ניש׳ געלעגן אין ראָוו...

---

אינדערהיים איז נאָר איין זלפה געבליבן. איין גאָט ווייס, אַז ווען חנה גימפּלס איז איר אַריינגעקומען זאָגן, אַז זי גייט אַנטקייגן די פורן, האָט עס זי געהויבן, ס׳האָט זי פּשוט געריסן פון בעט אַרויס. אָבער דער אין הימל איז אויך אַ יודע, אַז זי האָט זיך נישט געקאָנט אונטערהייבן צומאָל... זיצט אַצינד נעבן איר איר איינציקער זון, דודל, קוקט אויף דער מאַמען און אין די שוואַרצע אויגן קומען אים אָן טרערן. שטיערהייט, אין זיך, זאָגט ער אַ תּפילה צום אייבערשטן און ער פרעגט ביי גאָט, מיט וואָס האָבן זיי זיך דאָס פאַרזינדיקט מער פון אַלע אַנדערע, וואָס ער שטראָפט זיי אַזוי האַרב...

זלפה שלאָפט נישט. זי האַלט צוגעמאַכט די אויגן און זי זעט, ווי איר איינציק קינד וויינט. אַ מאַמע, ווינד און וויי, זעט אפילו מיט פאַרמאַכטע אויגן... און זלפה ווייס, אַז די טרערן, וואָס איר קינד פאַרגיסט, זענען צוליב איר... און זי ווייס אויך, אַז דאָס, וואָס זיינע ליפּן שאָקלען זיך, דאָס בעט ער צו גאָט פאַר איר, פאַר זיין אָרעמער מאַמעס געזונט... גייט איר דערפון אַזאַ ליכטיקייט אַדורך איבער די שוואַכע, קראַנקע אברים אירע און ס׳דאַכט זיך איר, אַז זי איז געזונט. באַלד אָבער



ס'זאָל זיין אין אַ מזלדיקער שעה.

ז. 11 ש. 20 ע. ט.

שפּירט זי אַ שטעכונג אין דער לינקער זייט, אין די פּלייצעס און אויך די פיס שטעכן... „רבונא של עולם! רבונא של עולם!..‟ הייבט זי אָן שטיל צו בעטן, נאָר צום קינד זאָגט זי:

—וואָס ווײנסטו, נאַרעלע? נישקשה, ס'איז מיר טאַקי אַ סך בעסער ווי נעכטן... כ'מיין, אַז אַרום מיטוואָך, דאָנערשטאָג, מ'זאָל דערלעבן מיט געזונט, על'ך שוין קאָנען אויפשטיין פון בעט.

זי זאָגט דאָס און אויף איר, פאַר דער צייט געעלטערט פנים, לייגט זיך אַ מוטערלאַכע גוטסקייט אויס. קוקט זי אים אָן און זי דערזעט זיין בלייך פּנימל: קאַ' בלוטסטראָפּ אי' דעך נישטאָ אין זיין פּנים; אַ קלאָג און אַ בראָך איז צו דער מאַמען! נאָך קאַ' אָנבייסן נישט געגעסן...

—נעם דיר, נעם דיר, דודשי, אַ שטיקל ברויט און עס!

שאָקלט ער מיטן קאָפּ, אַז ער וועט נעמען, גלייבט זי נישט, הייסט זיך דערלאַנגען ס'ברויט פון טיש. גיט ער איר ס'רעפטל, דערקענט זי, אַז ס'איז גאָרנישט געריהרט דערפון.

—האָסט'עך גאָרנישט געגעסן! האַ? מעג מען אָפּנאַרן אַ מאַמע?.. מעג מען?..

—ניין, מ'טאָר נישט,—ענטפערט דוד ערנסט,—אָבער דו, מאַמע... ביסט'עך שוואַך... מיך הונגערט נישט...

—שוין זאָלסטו עסן! דו פשע עוכר!.. דו הערסט!—און זי וויל זיך אויפזעצן און אָפּברעכן אַ שטיקל ברויט, אָבער זי קאָן נישט אפילו דעם קאָפּ אונטערהייבן... און פון אָנשטרענגונג ווערט איר פינסטער אין די אויגן... שטאַרקט זי זיך, אַבי נאָר נישט צו חלשן.

ווען ס'ווערט איר אַ ביסל לייכטער, זיפצט זי אָפּ און דערכאַפּט דעם קינדס אַ בליק, וועלכער קוקט, ווי אַן אַלטער... „אוי, אוי, אַ בראָך איז צו דער מאַמען...‟ וויל זי אים איינרעדן עפּעס אַ גוטע זאַך, אַז ס'זאָל אים הייטערער מאַכן, זאָגט זי:

—הערסט, דודל, חנה גימפּלס איז דאָ פריער געווען, האָט זי געזאָגט, אַז די בעלי-עגלות זענען שוין געפאָרן מיט שמיגל.

נו, טראַכט איך, מיט גאָט זיינע הילף, כ׳על נאָר אַראָפּ פון בעט, באַלד נאָך שבת מיערצעשעס, וועל׳עך אויך אָנהייבן צו פאָרן. ביי יענקלען על׳עך קאָנען כאַפּן אַ האַלבן פוד מעל אויף באָרג. נו, עט מען אָנהייבן, מיטן אייבערשטנס רצון צו פאַרדי־נען און ס׳עט ווערן גאָר אַנדערש.

הערט אויס דער זון, וואָס די מאַמע זיינע רעדט צו אים און ער ווייס דאָך, אַז זי איז גוט קראַנק; און הלואי אויף אי-בערא‌כטאָג שבת, אין צוויי וואָכן אַרום, זי זאָל קאָנען אויפ-שטיין פון בעט... האָרכט ער זיך צו און קוקט דערביי אַזוי או-מעטיק... נאָר מיטאַמאָל פאַלט אים איין גאָר עפעס אַ פיינער געדאַנק און ער טוט אַ זאָג צו דער מוטער מיט שמחה:

—מאַמע, ווייסט וואָס ס׳איז מיר איינגעפאַלן?

און אַז זי מאַכט אַ פרעגנדיקע מינע, הייבט ער אָן נאָכ-אַמאָל:

—איך ׳על פאָרן קאַ׳ וואַרשע מיט שמיגל!...

און אַז זי ווערט איבערראַשט, רעדט ער שנעל און מיט היץ ווייטער:

—וואָס אי׳? כ׳על נישט קאָנען? אויך מיר אַ גרויסע זאַך: נעמען אַ ביסל סחורה, אויפזעצן זיך אויף דער פור, איבערן גאַנצן וועג האַלטן אין האַנט ס׳קיישל, אין וואַרשע פאַרקויפן און צריקומען מיט געלט?... הערסט מאַמע, בענעמאָנעס, כ׳זאָל אַזוי לעבן, ווי ס׳עט אַזוי זיין. כ״על גוט אַכטונג טון און כ״על פאַר-דינען...

אַזוי רעדט דודל צו דער מוטער און די אייגעלאַך בלי-שצען ביי אים, ווי די שטערנדלאַך. ער שטעלט זיך שוין פאָר, ווי ער קומט צופאָרן אַן אַדורכגעפראָרענער, אַ הונגעריקער; קומט אַריין אין אַ וואַרימער שטוב; די מאַמע שטעלט פאַר אים אַ טעלער הייס געקעכטס און ער לייגט אַרויס דאָס געלט אויפן טיש אין מ׳ציילט דעם ריוח אַזוי לאַנג... ביז ס׳עסן ווערט קאַלט... און ער שפּרינגט אויף פון בעט, וואו ער איז געהאַט געזעסן, כאַפּט דאָס רעפטל ברויט, שניידט אָפּ אַ שטיקל און אַ דערלאַנג דער מוטער:

—נאַ,—זאָגט ער,—עס אַ שטיקל ברויט, מאַמע...

קוקט די מוטער אויף דעם זון. קוקט מיט די קראַנקע מוטעראויגן און אויפן האַרץ ווערט איר מיטאַמאָל אי פריילאַכ-דיק, אי טרויעריק... נעמט זי שטומערהייט צו פון אים דאָס שטיקל ברויט, באַנעצט עס מיטן שפּייעכץ, בייסט אָפּ מיט די נאַקעטע דזשאָנסלעס צו קרישקעלאַך-ווייז און שלינגט זיי שווער-לאַך אַראָפּ.

די זון איז גראָד צוגעקומען צום פענסטער, האָט זי גע-שפּילט מיט די שטראַלן אירע איבער די צווייגלדיקע פראָסט-בלומען פון די שויבן. האָבן זיי אָנגעהויבן צו גלאַנצן און ביס-לאַכווייז צו טריפן און טרערן זענען געריננען פון זיי אויף די לייסטן פון די פענסטער.

# פינפטע קאַפּיטל.

דער שוואַרצער בערל האָט זייער אַ שוואַך האַרץ. אַ לאַ-דע וואָס, לא עליכם, לייגט מען אים צו שטאַרצן און טיילמאָל העלפט דאָס אויך נישט. דאַמאָלט מוז מען אים אַרומלייגן מיט הייסע גאָרטשיצעס... דעריבער האָט ער געזאָגט צום ווייב:

„—ייַטע, איך ׳על גאָר פאָרן מיט די קאָליע. ס׳עט טאַקי אָנקומען אַ ביסל שווערלאַכער: דאָס פאָרן ביז צום פאָקסאַל, דאָס נעמען אַ בילעט, און טאַקי פריער נאָך פאַר דעם אַלעם אַרויס-נעמען אַ שיין, אַ רייזעשיין. מ׳מוז גיין צום „קאָמענדאַנט" אויס-דערציילן וואו איך פאָר, נאָך וואָס איך פאָר און אויף ווי לאַנג איך פאָר. און טאָמער פאַרלערסטו די שיין אין דער פרעמד, ביזטו דאָך איינגעשטעלט מיטן לעבן... נאָר דערפאַר ביזטו אין אַ צוויי, דריי שעה אין וואַרשע און דו זיצסט דאָך עפּעס אויף אַ באַנק, אַ מענטש! אַ כלל, איך פאָר מיט דער קאָליע.

אַזוי טייטשט איר אויס בערל, וואָס נישט קוקנדיק אויפן

שוואַכן האַרץ, רעדט ער אַלץ אין איין אָטעם, אַזוי, אַז מען קאָן קוים די ווערטער מיטן אויער נאָככאַפּן. יִיטע אָבער פאַר־שטייט זיי שוין. אודאי איז געוועזן אַנדערש אַמאָל, באַלד נאָך דער חתונה. דעמאָלט פלעגט זי אים נישט פאַרשטיין איין וואָרט און ס׳פלעגן זיך טון „ריטעס״... היינט אַז זי קוקט אים נאָר אָן בלויז די צוויי אויגן זיינע, פאַרשטייט זי אים שוין, וואָס ער מיינט. און די אויגן לויפן טאַקי ביי אים הין און צוריק און זיי ווייזן אויס ווי פרעמד, ווי נישט אָנגעקניפּט מיט זיין מענטש, נאָר וואָס זענען על פי טעות פאַרבלאָנדזשעט געוואָרן צו אים.

—אודאי איז גלייכער מיט דער קאָליע,—זאָגט יִיטע,—׳עסט דיר נישט צעבּרעכן אַזוי די ביינער, נישט שלעפּן זיך אַ גאַנצע נאַכט, ווי מיט דער פור, אויסצעמאַטערן זעך.

און ביים שוואַרצן בערל, ווי קראַנק ער איז, איז נעשה ונשמע—גערעדט און געטון. פּונקט ווי באַם רעדן אַזוי אויך ביים טון—אַלץ נאָר אין דער געשווינד. „וואָרעם וואָס פריער ד׳עסט האָבן אָפּגעטון, אַלץ געכער ׳עסטו ווידער קאָנען עפּעס טון...״ דאָס איז זיין ווערטל. און טאַקי, ווען דער שרייבער אין די ברילן האָט אים אויסגעשריבן די שיין: „געשעפּטלאַך״ און דער קאָמענדאַנט האָט אונטערגעחתמעט, איז ער באַלד געלאָפן, גע-קויפט אַ ביסל סחורה, איינגעפּאַקט אין אַ קיישל, וואָס מען האַלט דערין וועש, פאַרשלאָסן אויף צוויי שלעסער, אַרומגעבונדן נאָך מיט פעסטן שפּאַגאַט צו עטלאַכע מאָל און, דער שוואַרצער בערל גייט שוין אָנגעטון דעם ברוינעם באַראַנקאָווע פּאַלטאָ; יִיטע ווידער, בינדט אים נאָך אַרום דעם האַלז מיט אַ וואָלענעם שאַל און ער זיצט שוין אויף דער בריטשקע, ווי אַ פּריץ.

אינמיטן וועג, דורך דעם וואַלד, נעמט אים שוין אָבער אָפּ-לאָזן דער מוט זיינער, מיט וועלכן ער האָט זיך אָנגעגורט פאַרן אַרויספאָרן. „כ׳ווייס, ע, בע... ביי זיי... ביי די דייטשן״...

—בים, בים, בים.—סטאַרעט ער זיך אויסצוביםבלען עפּעס אַ ניגון און ער טוט אַ פרעג ביים בעל-עגלה מיט אַ קאַלט קול, ווי אַ רוצח:

—זאָג נאָר, יענקל, הם... הם...

—וואָס?—דרייט דער פורמאַן אויס דעם קאָפּ.

—ה... ניין, כ'מיין, ס'קיישל שטייט פעסט?...

—יאָ—ענטפערט יענקל און טוט אַ שמיץ דאָס פערד.

—בים, בים, בים...—בימקעט ווייטער דער שוואַרצער בערל. גאָר מיטאַמאָל רופט ער אויס מיט גאָר עפּעס אַ פרעמד קול, וואָס האָט אויסגעוויזן ווי ערגעץ פון דער־זייט, פון פעלד אַראָבּ אהערצוקומען, אַזש דער פורמאַן האָט געגעבן אַ האַלט אין די בריטשקע...

—יענקל—זאָגט ער—ס'שטייט עמיצער ביים פּאָקסאַל?...

—צוויי שטייען—ענטפערט יענער—וואו מ'גייט אַדורך מיט די בילעטן.

—צוויי!...—און ער שפּירט, ווי עפּעס רייסט זיך שוין אָב אין האַרץ...

—אָבער זיי טשעפּן נישט.—טרייסט אים יענער, זעענדיק, ווי ער נעמט זיך אַזוי צום האַרץ איבער די צוויי...

בערל באַרויִקט זיך טאַקי באַלד, אָבער דער מוט זיינער איז שוין אויס... ס'איז שוין גאָרנישט דערזעלבער בערל, אַן אַנדערער... יענעם האָט ער געלאָזט אינדערהיים...

דורכן פעראָן איז ער געגאַנגען אין איין ציטערניש, וואַרפנדיק מיט די „פרעמדע” אויגן זיינע אין אַלע זייטן, ווי איינער, וואָס האָט די נאַכט באַגנבעט אַ קלויסטער און פירט זי, די גנבה, דאָ מיט זיך... אינעווייניק, אין וואַגאָן ערשט, האָט ער זיך אָפּגעווישט דעם שוויס פון פּנים.

בערל האָט אַרויפגעשטעלט זיין קיישל אויף דער פּאָליצע. ער האָט אפילו געזוכט צו פאַררוקן עס ערגעץ אין אַ שפּאַרע... אָבער בלויז גלאַטיקע ווענט... און די בענק זענען ביי זיי גע־מאַכט אַנדערש, ווי ביי די רוסן...

שטייענדיק אויף דער באַנק און מייסטערנדיק מיטן קיישל—אפשר איז גוט אַזוי און אפשר איז נאָך בעסער אַזוי—האָט ער געזען ליגן פיל אַזעלכע קיישלאַך און וואַליזקעס און גלאַט אַזוי פּעקלאַך... און ווען ער איז אַראָפּגעקראָכן און זיך אַני־דערגעזעצט, האָט ער געזען אויף דער אייגענער באַנק, וואו ער

איז געזעסן און אויף דער קייגנאיבערדיקער באַנק אַ סך יידן, אויך אַזוי ווי ער אַרומגעבונדן די העלזער מיט וואַרימע פּאַטשיילעס. און די יידן קוקן אויך אַזוי ווי ער, אין די זייטן, ווי גנבים... אָבער ווען ער האָט שוין אינגאַנצן געהאַט אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם, האָט ער ערשט דערזען אַ געל יודל, אַ נידריקס, מיט אַ האָרב אויף די פּלייצעס און מיט אַ הויכן, זייער אַ הויכן, אָפּשטייענדיקן שטערן. דאָס יידל איז זיך געגאַנגען הין און צוריק איבערן וואַגאָן און געזאָגט תהלים, מיט אַזאַ וויינענדיק קול, אַז ס׳האָט געקאָנט אָננעמען ביים האַרץ. בערל האָט טאַקי דערשפּירט דאָסדאָזיקע האַרץ און האָט זיך אָן אָטעם פּאַרהוסט.

—וואָס אי׳ דעס אייך?—איז צו אים צוגעלאָפן דאָס געלע יידל.

—גאָרניש׳, גאָרניש׳. דאָס האַרץ...—ענטפערט בערל. נאָר אַז יענער הייבט ווידער אָן צו ציען דעם אומעטיקן תהלים-ניגון, ווערט בערלען אַזוי ענג, אַז ר׳מיינט—נאָך אַ מינוט, נאָך אַ רגע און ס׳גייט אים שוין דאָס חיות אויס... טוט ער זיך אַ שטעל-אויף און מיטן אייגענעם קול, ווי פריער צום פורמאַן, טוט ער אַ רוף אויס:

—זאָגט מיר, כ׳בעט אייך, וואָס פירט איר דאָס?

—נאַפּט—ענטפערט יענער און ס׳קול ציטערט אים ווי ביי אַ גזלן.

—און מעל?—באַרויִקט זיך ווידעראַמאָל בערל.

—מעל ניש׳. ס׳איז אַ קליין פּאַרדינסט. נאַפּט גייט מער. אָבער מ׳האָט מ׳ך זונטאָג אָפּגעשאָכטן: אַ האַלבן פוד נאַפּט צוגענומען... און ס׳געלע יידל צעווײנט זיך שיעור נישט.

—ווער נעמט עס צו, פּעטער? כ׳מיין ווער איז ביי זיי ממונה דערויף?

—ס׳אי׳ ניש׳ קאַ׳ חילוק,—כאַפּט זיך אָן אַ שמאָל יידל מיט אַ שיטער בערדל, און מיט שפּיציקע אייגעלאַך, ווי די שפּילקעלאַך.—ווער עס וויל פון זיי, דער נעמט צו. אָט באַ מיר האָט מען פּאַראַכטאָגן צוגענומען אַ פוד מעל...

—אַ פּוּד מעל?—ציטערט שוין ווידער אויף דער שוואַרצער בערל און ס׳געלע יידל קוקט אַרויף צו אַ לאַנגער וואַליזקע און ווערט פלוצלונג דערשראָקן אויף טויט.

—גוואַלד, יידן, וואָס טוט מען? ס׳נעצט מיר אַדורך...

און ער שפּרינגט אַרויף אויף דער באַנק, און דאָס יידל מיטן שיטערן בערדל און מיט די שפּיציקע אויגן, כאַפּט זיך אויך אַרויף און זיי נעמן פאַרשטאָפּן די בלעכענע נאַפּט-באַנקעס, וועלכע,—לייטן זיך אויף נאָך יעדע „יאַזדע״,—מיט שמאַטעס און מיט פּאַפּירן, מ׳פאַרוויקלט און מ׳פאַרבינדט—מ׳זאָל נישט דערקענען.

דערווייל קומען צו, אָדער רוקן זיך צו די איבריקע יידן און שטייענדיק אַזוי אין אַ קופּע, נעמען זיי דערציילן פאַרשי־דענע אומגליקן, וואָס ס׳האָט זיי שוין געטראָפן בעתן „פירן״. און יעדער האָט צו דערציילן עפּעס אַ מוראדיקע מעשה מיט צוגעמן, מיט האַרצווייטיקן און מיט שרעקלאַכע עגמת-נפשן...

פון די אַלע מעשיות ווערט ביים שוואַרצן בערל אין האַרץ וואָס אַ מינוט, אַלץ ענגער. די אויגן זיינע שפּרינגען אים שוין נישט אַרום ווי פרעמדע, זיי ווערן רונדיק און שטייף, מיט אַ מאָדנע גלאַנץ, ווי פון שטאָל.

ווען דער לעצטער האָט שוין זיין מעשה געענדיקט, זעצט זיך דאַן יעדער אַוועק שטיל, פאַר זיך, נעבן זיין פּעקל, און זאָגט עפּעס אַ תפלה, אַ געבעט, וואָס זאָל ברענגען זיין האַרץ, זיין וויסט מזל, זיין ביטערע פרנסה, פאַר גאָט ברוך הוא, דעם האַר פון דער וועלט. און ער זאָל טון פאַרבלענדן די אויגן פון די אַלע מלאכי הבלה פון די קאָליעס און פון די פּאָקסאַלס, און די פּעק זייערע זאָלן ביי זיי אין די אויגן קליין ווערן, ווי די פינטעלאַך, ווי די שפּרינקעלאַך...

דער שוואַרצער בערל זאָגט איין קאַפּיטל תהלים נאָכן אַנדערן. און וואו ער דערזעט אויף אַ סטאַציע אַ קופּע דייטשן, וואָס ס׳דאַכט זיך אים נאָר בלויז אויס, אַז זיי קוקן צו זיין פּענסטערל, קריכט אים ס׳האַרץ ווי אַ וואָרים אין גוף אַרום און ס׳ווערט׳ן שיער ניש׳ פינצטער פאַר ד״אויגן... אין אַזאַ מינוט

רייסט ער איבער דאָס תהלים-זאָגן, און אַז ער האָט שוין די „פינצטערע״ סטאַציע ווייט הינטער זיך, טוט ער אַ נדר, אם ירצה השם, ער וועט נאָר איבערקומען—טער נישט צו פאָרן מיט דער קאָליע...

# זעכסטע קאַפּיטל.

אין האַלבן טאָג עפנט דער הויכער יוקל אַ בלעכן פּושקע־לע, נעמט אַרויס אַ נאָדל און שטעקט זי אַריין אין גראַמאָפאָן. ער דרייט אָן פאַר אַ קאָרבעלע און אונטער דער נאָדלס שפּיץ נעמט זיך געשווינד דרייען די מעטאַלענע פּליטע. צוטראָגט זיך דעמאָלט אַ זינגען און אַ שפּילן און שכנהטעס מאַכן איינע צו ד׳אַנדערע אויף אַ שטיל קול:

—אַ בראָך איז צו זיין קאָפּ! וואָס פעלט׳ן דען? שטעלט ער זיך איינמיטן טאָג שפּילן, אָפּשפּילן זאָל מען אים שוין צו דער לויה...

אָפּגעשפּילט דעם מאַרש, אָפּגעמאַרשירט איבער דעם שטיבל, ווי אַ זעלנער, צום טאַקט, נעמט יוקל די קיילעכדיקע געפלאָכ־טענע שפּיצרוט, הענגט זי אָן ביים לעדערנעם אויערל אויף אַ קנעפּל פון זיין קורטקע און גייט אין גאַס אַרויס.

באַם מאַגיסטראַט טרעפט׳ן אָן מאַלינאָווסקי. גייען זיי ביי־דע אַריין אין טויער און יוקל פרעגט מאַלינאָווסקין:

—האָסטו שוין געהערט, אַז מ׳פירט שמוגל?...

—געהערט, געהערט,—ענטפערט דער קריסט—אָבער וואָס דאַרף מען טון דערצו?

—איך מיין,—צופירט יוקל מיט די צוויי לאַנגע הענט—זאָלן זיי שמוגלען, נאָר אונז זאָל אויך עפּעס אָנקומען דערפון...

—„ראַציאַ״,—באַסעוועט יענער צו און באַ יוקלען פאַלדע־וועט זיך אין דער קאַרק פאַר צופרידנקייט. „וואָס דען מיט

די פיפצן מאַרק אַ וואָך ׳עסטו קאָנען לעבן? ׳עט זיין פרנסה?...״

און זיי רעדן ווייטער צווישן זיך, ביז עס באַווייזט זיך אין דער פורטקע דער ברייטער, צופּאַכלטער קאָפּ פון זשאַנדאַר-מען-וואַכמייסטער.

—אַ, אַ, גוט מיטאָג! „פּאַן״ יוקל און „פּאַן״ מאַלינאָווסקי!— ווענדט ער זיך צו זיי מיט זיין פּויליש-רעדן—וואָס גיבט „נאָ־וואָשטש?״

—גוט מיטאָג, גוט מיטאָג,—ענטפערן ביידע.

—ס׳גיבט ניקס נייעס צו מאַכן,—גיט צו יוקל.

—אָבער וואָס טון די יידן דען? איזט ש׳וואר דאס די לייט שמוגל מאַכן?...

—וואס שפּרעכט דער האַר וואַכמייסטער! מיר האבן ניקס געהערט.

אָבער דער „האַר״ וואַכמייסטער הערט אים שוין נישט. ער לאַכט גאָר צו אַ פאַרבייגייענדיק מיידל און רופט איר נאָך, גלעטענדיק זיך די גרויסע בלאָנדע וואָנסעס.

—איין שענעס מעדל... איין היפּשעס מעדל...—און ער שווימט מיט די העלע אויגן איבער די קיילעכדיקע זייטן פון דעם מיידל, וואָס באַוועגט זיך עלאַסטיש, שלאַנק אין גאַנג, פּונקט ווי זי וואָלט אויך געשווימען.

—איין שענע „פּאַניענקאַ״—מאַכט ער צו זיי און די אויגן ווערן ביי אים קליינטשיק, גלאַנצן, ווי די קאָטערלאַך... און אַוועקגייענדיק ברומט ער צו זיך:—הם, הם... מוסס מאַן נאַכ-זעען ווי די יודן מאַכן שמוגל...

אַז ער איז שוין ווייט פון זיי, קוקן זיך ערשט ביידע מיליציאַנטן שאַרף אָן און דעמאָלט לאָזן זיי זיך גיין צו פּאַנטלען.

באַ פּאַנטלען אין שטוב זענען געווען אָנגעוואָרפן זעק מיט מעל. ער, פּאַנטל האָט זיך געהאַלטן אין פּאַרקנעפּלען די וואַ-טענע וועסט און אין געבן עצות די צוויי שותפים זיינע, ווי אַזוי זיי זאָלן פּאַקן, בשעת ס׳האָט זיך געעפנט די טיר און ביי-דע מיליציאַנטן זענען אַריין.

האָבן זיך אַלע דריי שותּפים געטון אַ שטעל אויס אין דער ברייט, ווי וועלנדיק פאַרשטעלן מיט זיך די זעק מעל און איבערגעשראָקענע האָבן זיי געקוקט צו דער טיר.

—וואָס פאַקט איר אין די זעק אַריין?—פרעגט מאַלינאָוו-סקי מיט אַן ערנסט קול און קוקט שטרענג אויף די פורמאַנעס.

—איר מאַכט שמוגל?—דערלייגט זיי יוקל מיטן באַסאָוון קול זיינעם.

—ווייסט איר נישט, אַז ס׳איז נישט ערלויבט?—בייזערט זיך דער קריסט.

—לאָ׳ זיך נאָר דער פאַן באַרויקן,—וויל אים קאָפּל איינ-נעמען און פאַנטל ציט זיך אַרויף די הויזן און קוקט אויף יוקלען, ווי אַ רוצח.

—אַך,—ברומט ער—אַלץ דו... האָסט׳ן געדאַרפט דאָ אַריינ-פירן, האַ?...

—„נע גאַדאַטש, נע גאַדאַטש,״—רעדט שרענג דער קריס׳.

—לאָ׳ זיך נאָר דער פאַן זעצן,—וויל אים קאָפּל אַלץ איינעמען. יענקל אָבער רעדט גאָרנישט, נאָר נעמט אָן די ענג-לישע וואָג מיטביידע הענט, און הייבט זי אויף אין דער לופטן. דערזעט דאָס קאָפּל, טוט ער זיך אַ שטעל פאַר אים און ברומט אַרויס צווישן די ציין:

—דו לייגסט׳עך אַוועק?... האַ?...

און ווידער צום מיליציאַנט:

—לאָז זיך נאָר דער פאַן זעצן?... ס׳עט אַלץ זיין אין אָרדנונג...

—אודאי, אודאי, ס״עט אַלץ זיין אין אָרדנונג,—פאָטאַקע-וועט פאַנטל.

זעצן זיי זיך אַוועק, די מיליציאַנטן, צום טישל, נאָר קאָפּל שטייט אַריינגעבויגן דאָ איבער מאַלינאָווסקין, דאָ איבער יוקלען. און פאַנטל שטייט, די צוויי פיס אויף דער פאָדלאָגע, ווי אונ-טערגעטשוועקעוועט. ער קוקט מיט כּעס און טראַכט אין זיך:

„וואָלט ער גאָר דאָ אַליין געווען, וואַלט ער שוין אַרויס מיט אָפּגעהאַקטע זשעבערעס!...״

אָבער אַז די שותּפים דערהערן, וואָס דער וואַכמייסטער האָט געזאָגט, ווערן זיי אמתדיק דערציטערט.

—ווי? ווייסט ער שוין דערפון?

—ער אַליין? לאַנדסמאַן?

—און וואָס וויל ער טון?

אַזעלכע פראַגעס רייסן זיך אַרויס בײַ קאָפּלען און בײַ פּאַנטלען, נאָר יענקל קוקט שטום אַראָפּ צו דער פּאָדלאָגע און האַלט נאָך אַלץ איין האַנט אויף דער ענגלישער וואָג...

—מיט אים איז ניש' קאַ' שפּילאַכצל!—טראַסקעט אַרויס פּאַנטל.

—און אפשר מיינט ער עפּעס?...—פרעגט קאָפּל.

—זאָל גאָט היטן, זאָל גאָט היטן. איר וועט בּאַגיין אַ גרויס נאַרישקייט.—זאָגט דער קריסט, נאָר דערזעענדיק זייער אומבּאַהאָלפנקייט, בּעט דער קריסט ווייטער,—איר פאַרלאָזט זיך נאָר אויף אונז. מיר'ן שוין זען... מ'עט אים האָבן אויפן אויג...

און זיי שטעלן זיך אויף, ציען אַראָפּ די מאַרינאַרקעס און גייען צו דער טיר.

די פורמאַנעס גייען נאָך און קאָפּל שטעקט זיי עפּעס אין דער „יד" אַריין.

—יוקל, געדענק, בּיסט'עך אַ יהודה, גיב אונז צו וויסן, אַז ד'עסט עפּעס דערשנאַפּן...

—„דאָבּזשע, דאָבּזשע"—זאָגןביידע און ווערן פאַרשווינדן.

—אַ כאָלערע אין זייערע ביינער אַריין!—דונערט אַרויס קאָפּל, פאַרמאַכנדיק נאָך זיי די טיר.—וואָס 'אָסטו געוואָלט טון? מיינסט ס'איז אַמאָל ביים רוס!...—ווענדט ער זיך צו יענקלען.

—זאָלן זיי נישט קומען שעכטן—הייבּט פּלוצלונג יענקל אָן צו רעדן.—טויט איז טויט, אַ פגירה זיי! אַ זעץ מיט דער וואָג איבּער די קעפּ, אַ טרען ס'לעדער—אַ פגירה אין זיי!

און ווער ווייס, וואָס פאַר אַ מיתות יענקל וואָלט אַלץ צוגעקלערט פאַר דער מיליציע, ווען ס'גיט נישט אַ פלאַי אַריין גליקע, וואָס קנייפּט זיך די גראָבּע בּעק:

—ווגאַלד, וואָס האָבּן זיי דאָ געוואָלט, די רוצחים?

—מאַך צו דעם קוויטשער... וואָס איז׳ס פאַר אַ געוואַלדן אינמיטן דרינען?

—כ׳האָב זיי דערך געזעען אַרויסגיין פון דאַנען, די מיליציע!

—נו, וואָס זשע?—נעמט זיך קאָפּל צריק צום פּאַקן.—זיי זענען געווען און זענען אַוועקגעגאַנגען.

—האָבן זיי גאָרניש׳ געטון? לאָזן זיי מיר זיין פאַר אַ שיינע, ריינע כפּרה, לאָזן זיי מיר זיין...

פּאַקנדיק אַזוי בלייבט פּאַנטל שטיין מיטן שנויך פון אַ זעקל אין איין האַנט, מיט דער צווייטער נעמט ער זיך קראַצן אין פּיס און פאַרטראַכט זיך.

דערזעט עס יענקל, וואָס האָט שוין היינט דאָס לשון, גיט ער אַ רעד אַרויס:

—קוקטס׳ן נאָר אָן, ווי ר׳האָט זיך עס אַוועקגעשטעלט: מוזט מיינען, אַז ס׳איז ערב-יום-טוב, הי, הי, הי...

פּאַנטל אָבער הערט נישט. ער קראַצט זיך אַלץ כסדר דעם פּיס און טראַכט איבער אַ וויכטיקע זאַך, וואָרום מ׳זעט, ווי איינציקווייז צושמייכלט זיך זיין פּנים און ער לאַכט שוין כּמעט, ווען ער זאָגט צו זיי:

—הערט׳עך, ברידער, וואָס ס׳אי׳ מיר איינגעפאַלן? מ׳עט לאָזן מאַכן טאָפּעלע באָדעמס צו די וועגן, אַזוי ווי די קאָלישער האָבן... דאָ קאָנען ויי שוין ד׳אויגן אַרויסקריכן און אַ קרענק ׳עלן זיי געפינען...

געפעלט עס ביידע שותּפים גאָר שטאַרק. קאָן זיך קאָפּל נישט איינהאַלטן און ווי דעמאָלט אין שענק, טוט ער אַ זבענק פּאַנטלען אין די פּלייצעס אַריין און דונערט:

—אַ כאָלערע אין זייערע ביינער אַריין! ז׳עבן שוין קאָנען גוט זוכן...

און זיי נעמען זיך פאַר דער אַרבעט גאַנץ לעבעדיק, און זעקלאַך ווערן געפּאַקט און אָנגעשטויסן מיט די קני, זיי זאָלן זיין פעסט, נישט שיטעוודיק. און אַז דאָס פּאַקן ווערט פאַרטיק, דעקט מען אַלץ איבער מיט אַ ביסל טוכער, שטשערקעס, און מ׳נייט אַריין צו יצחק יונה׳ן מאַכן אַ שנעפּסל,

# זיבנטע קאַפּיטל.

יצחק יונה איז געווען אַ טאַנדייטשניידער, אָבער נישט ווי די אַנדערע טאַנדייטניקעס, מיטן שוויצערישן געלעכטערל און מיט די אויפגעריסענע לידעלאַך. ער איז אַ ייד מיט אַ פיין גרוי בערדל און מיטן טוכענעם הוט מיט דער ברייטער דענקע אויפן גרווילאַכן קאָפּ. גיין גייט ער שטענדיק מיטן יידישן שמייכאַלע אויף די באַוואַקסענע באַקן. אַ שטילער, אַ פאַרטראַכטער אַ ביסל, מיט שקאָט טאַבאַק כמעט שטענדיק אין האַנט, זאָגנדיק אַ קאַפּיטל תהלים, אָדער אונטערניגונדיק אַ ימים-נוראימדיק ניגונדל.

יצחק יונה דאַוונט אויף פילמאָל פאַרן עמוד אין שטאָטישן בית-המדרש. אַהיימקומענדיק פון דאַוונען, וואַשט ער די הענט און ווישט זיי אָפּ גאַנץ פּאַמעלאַך. און דאָס אָנבייסן זיינס פאַר-נעמט אַ גוטע שעה. אין דער ערשטער שטוב אַרבעטן זיינע צוויי זין און אַ טאָכטער—אַ מיידל מיט רויטע פּאָמפּאָניקלאַך.

דאָרטן פלעגט די אַרבעט פליען פון די הענט. די ייִנגען פילן אָן די שטוב מיט די פיינע לידער, און זייערע קולות מישן זיך צוזאַמען מיטן הייזעריקן געקלעפּער פון די מאַשינען, וואָס אַרבעטן מיטן האַרץ נישט ערגער, ווי אַ מסכונער מיט די לונגען...

דאָס איז אָבער געווען אַמאָל. אַמאָל, אין די גוטע יאָרן, ווען ס'איז געווען שלום אויף דער וועלט און אַ פונט געבייטלט ברויט האָט געקאָסט אַ פינפער... „אַמאָל איז געווען אַ מלך"... דאָס אַלץ איז אָבער פאַרשווינדן, ווי אַ כשוף, ווי אַ בייזער חלום, צייט ס'איז אויסגעבראָכן די מלחמה,—„בעוונותינו הרבים", ווי ס'גיט צו יצחק-יונה דער טאַנדייטשניידער. היינט! ווער אַר-בעט דאָס היינט? ווער מאַכט זיך עפּעס? טויט, אָפּגעשטאָרבן אַלע האַנדלען; סוחרים פאַרקויפן די סחורות בחצי חנם, כדי צו האָבן פאַר וואָס צו קויפן ברויט. און בעלי מלאכות! בעלי

מלאכות גייען אַרום מיט ליכט אין די הענט און מען זוכט און מען „זאָכט" דעם פויער... איז טאַקי געוואָרן שלעכט, וואָס שלעכט הייסט. מען דרייט זיך פוסט און פאַסט, דער לעצטער רובל איז שוין לאַנג אויפגעגעסן. וואָס זשע טוט מען ווייטער? געקלערט אַהין, געקלערט אַהער—איז געבליבען אַז מ׳מוז זיך פאַרלייגן אַ „מלינע". דאָס אַלץ איז גערעדט געוואָרן בסוד, אין דער שטיל. אָבער ווי שטיל ס׳זאָל נישט גערעדט ווערן, איז עס גענוג ס׳זאָל אָנקומען צו פיניע גרעגער, וואָס ס׳איז נישטאָ קיין איין זאַך אין שטאָט, ער זאָל דערפון נישט וויסן.

יצחק יונה האָט גענומען אַ פעסל, וועלכעס ער ווייס נישט על פי וועלכן נס עס האָט זיך דערהאַלטן ביי אים, גוט אויס-גערייבן, געלאָזט מאַכן ביים בלעכער אַ בלעכענעם קעסל מיט טעלערס און מיט רעדלאַך, געקויפט אַ באַראָמעטער און אין די ערשטע שיינע פאַרוואָלקנטע נאַכט געשטעלט זיך קאָכן.

יצחק יונה אַליין האָט אפילו נישט געקאָנט צוגיין, צו-טרעטן צו דעם „עסק", ער האָט שוין מער נישט פאַרמאָגט, ווי דאָס פעסל און קוים מיט צרות „צונויפגעשטיקעוועט" אויפן קע-סעלע, און דאָ האָט אַ פוד צוקער שוין געקאָסט צוואַנציק רובל! האָט ער זיך איבערגעשמוסט מיט יוסף ליאַלקע און זיי האָבן מיט מזל געמאַכט אַ שותפות. אָבער טאַקי אין דעם אייגענעם טאָג נאָך איז געקומען פיניע גרעגער און האָט זיי מודיע גע-ווען, אַז ער שטייט אויך צו פאַר אַ שותף... זענען דאָך יענע אַרויס אויף אים מיט אַ מויל:

—געוואַלד, גזלן! ווי קאָן עס דיר גאָר קומען אויפן גע-דאַנק? מיר האָבן זיך געלאָזט קאָסטן, געמאַכט אַלע כלים, און פאַר דריי ׳עט׳עך גאָרנישט בלייבן...

אָבער ער ווייס נישט, האַלט זיך ביי זיינס—אַנישט טויג נישט ס׳גאַנצע עסק...

דאָ איז שוין יוסף ליאַלקע אַרויס פון די כלים און האָט אים אָנגעכאַפּט פאַר אַ האַנט און זי געדריקט, ווי מיט צוואַנגען.

—געמיינער גרעגער! אויף „גראַנדע" ווילסטו ווערן אַ שותף! אָבער נישט באַ מיר...

האָט זיך פיניע אָנגעצונדן פאַר כעס, די נאָז האָט זיך אים אויסגעשפּיצט און אונטער ד׳אויגן איז אים געוואָרן געל.

איך ׳על אייך אָנלערנען...—האָט ער געשריגן, אויסרייסנ־דיק זיך פון יוסף ליאַלקע, און איז אַנטלאָפן.

אין אַ פּאָר טעג אַרום מאַכט זיך איינמאָל ווי יצחק יונהס זון, לייבל, זיצט אַזוי טשיפּקעם און לייגט צו שטיקער האָלץ צום פייער אונטערן קעסל, פון אויבן, אויפן אָנגעגליטן קעסל, שטייט דאָס קעסעלע און זידט. די פּאַרע גייט אַריין אין אַ רערל, רייסט זיך דורך צווישן מעשענע טעלערס און גייט ווי־דער אין אַ רערל אַריין, וואָס ליגט אין אַ קול־פּאַס. דאָ טריפן די טראָפּנס דורכן רערל באַ וועלכן יצחק יונה שטייט און האַלט אונטער אַ טעפּל...

—דער ערשטער קאָך...—רעדט ער מיט בנעומתדיקייט און דאָס פּנים שיינט אים. און ווען ער לאָזט אַריין דעם גראַד און ער בלייבט שטיין אויף נומער פינפאונאַכציק, עפנט ער ברייט דאָס מויל און גיט צו מיט הנאה: „האַ, האַ, אַ פיינער קאָך! „פינפאונאַכציקער״—האַ, האַ!״

אָט דעמאָלט קומט אָן יוסף ליאַלקע. מיט דריי שפּרייזן איז ער שוין איבער אַלע שטיגן אַריבער. גיט אַן עפן די טיר, כאַפּט אַראָפּ דעם קעסל פון איבערן פייער, רייסט אַרויס די רערן און אַ רעד אַרויס אין איין אָטעם:

—געשווינדער, געשווינדער... לאַנדסמאַן מיט יעגערן גייען אַהער...

ווערט אַ געכאַפּעריי און אַ געפּליק, קיינער ווייס נישט וואָס פריער צו טון. ס׳טייטש, אין ווינקל אַ „זאַטשער״ (ברייע) פול ביזן אויג... הייבט מען אים און מ׳שלעפּט און ס׳גיסט... און פון די רערלאַך, פון די אַרויסגעריסענע, „ווייגען״ נאָך אַלץ טראָפּנס, די פּאַרע געפינט זיך נאָך אין זיי, און די טראָפּנס פאַלן נעבעך אויף דער בלאָטיקער פּאָדלאָגע און זאַפּן זיך איין אין איר. זאָגט לייבל און באַקלאָגט:

—„פינפאונאַכציקער״...—און ער טראָגט און שלעפּט, און דאָס גאַנצע פּנים שוויצט אים, ווי אַ ביבער.

נאָר דער פאָטער איז ווייס, ווי אַ קרייד, און די מוטער, דאָס קליינע יידענעלע, שטופט אין קיישל אַריין די פלעשער פאַרטיקן בראָנפן און איבערדעקנדיק זיי מיט דער שערץ, לויפט זי אַריין צו אַ שכנטע באַהאַלטן... און ליאַלקעס נאָז איז אויס־געצויגן אין אַ שפּיץ, ווי בּאַ אַ טויטן. „אַזאַ פאַרמעג!.. אַזאַ פאַרמעג!.. ס׳גייט אַלץ אין דר׳ערד אַריין...״—טראַכט ער. און ביי בריינדלען ווערן די רויטע פאַמפּאָניקלאַך נאָך רויטער... זי כאַפּט, שלעפּט און באַהאַלט „אין דר׳ערד אַריין״, וואָס נאָר זי קאָן... און שטייענדיק אַזוי אויף אַ נאַס דעקל פון אַ פאַס, גליטשט זי זיך אויס און, פאַלנדיק, פאַרטשעפּעט זיך איר קלייד אָן אַ טשוואָק, וואָס שטאַרט אַרויס פון דער וואַנט. זעט זיך אַ שטיק פוס אירער און אַ סאַמעטל, וואָס איז אַרומגעבונדן אין אַ שלייף אַרום זאָק, באַלד איבער דער קני. אַ קלאָג אַ בראָך האָט׳עך זיי דאָ געטראָפן!.. מ׳הערט זיי דעך שוין, די הינט! ווי די רצחים קוקן זיי דעך אויס! און—ס׳קומען אַריין די דייטשן...

—וואָס פיר אין פאַבריק איז היר?—פרעגט דער וואַכמיי־סטער און קוקט זיך אַרום אין שטוב.

—דאָ היר וואוינט אַ שניידער,—ענטפערט יצחק יונה און ציטערט ווי אַ בלאַט אין יעשן.

—איין שניידער?—פרעגט יענער איבער און אַ בייז שמיי־כאַלע באַווייזט זיך אין די אויגן.—איין שניידער? און וואָ איזט די מאַשינע?...

—אָט׳אָ דאָ, הערעלע,—קאָן זיך טשיפּע, דאָס קליינע יידע־נעלע מער נישט איינהאַלטן. זי נעמט אים אָן באַ דער פּאָלע פון זיין מונדיר און לייגט אַרויס דאָס גאַנצע מענה-לשון און נאָך מער ווייפיל אין דער תחינה שטייט:—ער, מיין מאַן, יצחק יונה, איז אַ שניידער, אַ טאַנדי׳טשניידער, ס׳אי דעך אָבער נישטאָ קאַ׳ שטאָך אַרבעט, שטייען די מאַשינען אַוועקגעשטעלט אין אַ ווינקל... דער הערעלע אי׳ דעך אַזאַ גוטער, אַזאַ וואוילער... לאָ׳ זעך דער הערעלע זעצן!—און זי רוקט אים אונטער אַ פייכט, ברודיק בענקל.

—וואַס פיר אַיין שמוציגע וואוינונג,—זאָגט לאַנדסמאַן צו

זיין באַגלייטער, וואָס איז אַ הויכער, אַ דאַרער, מיט אַרויסגע־סטאָרטשעטע קינבאַקן, מיט אַ נאָז ווי אַ פיילנבויגן און מיט אַן איינגעפאַלן מויל. אויפן קאָפּ טראָגט ער אַ קיילעכדיק היטעלע אָן אַ דאַשעק און ער איז דערין ענלאַך, ווי אַ הונט, וואָס מען האָט אים אָפּגעהאַקט דעם וויידל...—זעען זי, וואַס איזט אין דיזען פּאס?

יענער בייגט זיך איין און ס׳דאַכט זיך, אָט, אָט, ברעכט ער זיך איבער, ווי אַ שטעקן.

—דאָס איז לעער, הער וואַכמייסטער, אָבער דאָס שטינקט זעער...

—וואַס איזט דאַס פיר איין פּאַס?—ווענדט זיך לאַנדסמאַן דראָענדיק צו די איבריקע—יאַ, דאַס איזט שנאַפּס!

—ניין, ניין, הערעלע, סאַרנע שנאַפּס? שנאַפּס? פון ווי און פון וואַנע׳? דאָס איז פון זויערקרויט...

און אַז זי דערזעט זיין בליק, דערשרעקט זי זיך אינגאַנצן און רופט אויס:

—האָבן זי רחמנות, הערעלע!...

און דער הערעלע באַטראַכט אַ קובעל, שמעקט צו אים און פרעגט מיט זיין געלעכטערל:

—דאַס איזט אויך פון קרויט?

—יאָ, יאָ, פון קרויט...

און ער קוקט זיך ווייטער אַרום און דערזעט ברייַנדלען אין דער טיר צו דער צווייטער שטוב. דאָ ווערט ער מיטאַמאָל אַן אַנדערער. דאָס פּנים לייטערט זיך אים אויס און די אויגן ווערן אויך עפּעס באַהעלטער.

—וואָנען זי היר, פּרוילײן?—און ער ווינקט צו יעגערן—אַ שענעס מעדל... נו,—און ער דערענדיקט נישט און גייט צו צו איר און קניפּט איר אין באַק—זאָ, זינט זי איין טאָכטער דיזן יודנס... די פּאַניענקאַ האַב׳יש שוין געזעען באַם מאַגי־סטראַט... איש׳וואַר... באַם מאַגיסטראַט... און די אייגעלאַך נעמען אים שוין ווידער בלישצען...

באַלד געמט ער אַרויס אַ נאָטיץ מיט אַ בלייפעדער און

פאַרשרייבט זייערע נעמען. אַוועקגייענדיק, זאָגט ער צו ברײנ־דלען:

—זי מוסן קאָמען צו מיר היינט, זעקס אור—ס׳וועט זיין שטראַפע...

אַז די דייטשן זענען שוין נישט געווען, האָבן זיך די יידן אויסגעזעצט אויף די פייכטע בענקלאַך און ווי אבלים באַ־דויערט דעם הזק.

—ווער ווייס, אויב דער „זאַטשער״ ׳עט נאָך גוט זיין.

—אין קעסל איז געוואָרן אַ לאָך...

—און וואו זענען די מעשענע טעלערס?

—זיי זעגען דאָ, זיי ליגן אין קעלער.

—נו, מ׳אָט נאָך גוט אָפגעשניטן. ז׳אָבן דאָך גאָרניש׳ געפינען...

און יוסף ליאַלקע גייט צו צו יצחק יונהס טאָכטער:

—ברײנדעלע...—בעט זיין קול רחמים—׳עסט אַרויפגיין צו אים... ׳עסט׳ן ווייזן אַ שמייכאַלע... ווייסט שוין ווי אַזוי...—און צו יצחק יונהן מאַכט ער—זיי זענען אַזעלכע, אַז פאַר אַ יידיש מיידל לאָזן זיי זיך שניידן ב׳האַלז...

דערהערט דאָס ברײנדל, ווערט זי רויט ביז איבער די לעפלאַך פון די אויערן און זי לויפט אַריין אַ צורודערטע אין דער צווייטער שטוב. דאָך טוט עס איר הנאה: אַ לאַסקע באַ דעם וואַכמייסטער...

—ווער ווייס צי ס׳אי׳ ניש׳ גרעגרעס אַרבעט?...—האָט ליאַלקע אַרויסגעטראָגן אַ חשד. נאָר יצחק יונה האָט זיך אָנגע־בייזערט:

—ע, ס׳טייטש, אַ ייד?..

דאָך איז ביי זיי געבליבן צוצונעמען אים, פיניען, פון היינט אָן, פאַר אַ שותף.

און מ׳ווייס נישט, ווער ס׳איז שולדיק געווען אין דער מעשה, נאָר פון אַצינד אָן האָט זיי אָנגעהויבן צו גיין שוין בעסער.

קודם איז דאָס „פאַבריקל״ שוין מער נישט אין שטוב;

געדונגען גאָר אַ פאַרוואָרפןביידל, וואָס שטייט פוסט אין אַן אויבסטגאָרטן, טאַקי הינטער פאַנטלס הויף. און דאָס „פאַבריקל“ אַליין איז פאַרגרעסערט געוואָרן אויך—צוויי פייפערס האָבן אָנגעהויבן גיין!.. און בראָנפן אַרויסצוגעבן גאַנצע פעסער. ס'איז נאָר שווער געווען מיטן וואַסער. ווייט נאָכן גאָרטן אַזש איז די ברונע, און פון דאָרט צו שלעפן די קובלעס וואַסער קאָן מען קוים „דערדוינזשען“, אַזוי אַרבעט איצט די „פאַבריק“.

האָט מען צוגענומען זרח אייזעלע, וועלכער טראָגט מיט דרך ארץ דעמדאָזיקן צונאָמען, מיט וועלכן דאָס שטעטל האָט אים באַערט. טוט זרח גאָרנישט גאַנצע טעג,—נאָר ציט אַרויף די קובלעס וואַסער פון ברונע, שלעפט זיי אַריין אין ביידל, גיסט אויס ס'וואַסער אין די ליידיקע פעסער אַריין, וואָס שטייען צושטעלט אינעווייניק אַרום די ווענט און, לויפט ווידער אָנשעפן מיט די קובלעס. וואָלט ער געהאַט צוויי פאָר הענט כאָטש!... גייט ער אפילו שבת אין גאַס, זענען אים אויך די הענט אָפּגעשפּאַרט, ווי ער וואָלט די קובלעס אין זיי געטראָגן—אַזוי אָנגעשטייפט שטייען זיי אים אָפּ...

---

# אַכטע קאַפּיטל.

דינסטאָג, ווען ס'איז אויסגעפאַלן יריד, איז פאַנטל געבליבן אינדערהיים—ניש' געפאָרן קאַ' וואַרשע.

—דער „קאַרער“ האָט זיך מיר אויסגעגליטשט אַהיימצוועגס,—האָט ער געזאָגט צו קאָפּלען.—ער האָט זיך עפּעס געטון אין פוס און קאָן נישט גיין.

קאָפּל האָט אים גאָרנישט געענטפערט און צוזאַמען מיט יענקלען געפאָרן קיין וואַרשע.

פאַנטל, וואָס אַן אמת, איז געווען שטאַרק באַקימערט: ניש' קאַ' קליינינקייט היינט אַ פערד. האָט ער אים טאַקי געלאָזט האַקן אָדער, אויסגעשמירט, אָבער ס'האָט גאָרנישט געהאָלפן.

חיימל קיסר האָט אים אפילו געבּרענגט אַ מאַשטש, וואָס קיינער האָט נישט אַזעלכעס, איינגעריבּן מיט איר דעם קאַרן, אַז ער האָט זיך אַזש געוואָרפן פון ווייטוק,—אָבּער אויך דאָס האָט נישט בּעסער געמאַכט. און וואָלט עס כאָטש געטראָפן מיטן צווייטן, נישט מיטן קאַרן, דער גאַנצער שלעפּער איז ער דאָך!

פאַנטל האָט בּאַגלייט די פירן אַ שטיק וועג, אַהיימגעקו-מען און זיך בּאַלד געלייגט שלאָפן. צומאָרגנס איז ער אויפגעג-שטאַנען פאַרטאָג. אַרויסגענומען פון שופלאָד די פּאָר הונדערט רובּל, וואָס ער האָט שוין אָפּגעשפּאָרט פון שמוגלען, נאָך אַ פּאָר געכאַפּט אַ גמילות חסד בּאַ חיימלען און איז, מיט אים טאַקי, אויפן פערדסמאַרק אַרויס.

דאָרט האָט מען איבּערגעקוקט אַלע פערד, וואָס זענען נאָר געווען צו פאַרקויפן. קיין איינס אָבּער איז נישט געפעלן. קיין שום׳ס האָט נישט קיין חן אין חיימלס אויגן, כאָטש פאַנטלען, וואָס ר׳אי דעך אויך ניש׳ קאַ׳ מלמד, האָבּן עטלאָכע פערדלאַך אויסגעוויזן ווערט צו זיין דעם כּבוד פון פירן שמוגל קיין וואַר-שע... חיימל אָבּער האָט אַלץ געקוועטשט מיט די בּרייטע אַקס-לען זיינע, אויף וועלכע ער פלעגט אַרויפשטעלן אַ זאַק מעל, אָדער זאַלץ, וואָס פלעגט שטיין, ווי אויף אַ טיש.

ער האָט זיך שוין אפילו געוואָלט געזעגענען מיטן פערד-מאַרק און אַהיימגיין אָן אַ שטיקל פערד, ווי ער האָט מיטאַמאָל דערזעען בּודליקן, אַן אַלטן בּאַקאַנטן, פון די „שוויניצעס”, וועל-כער קומט ערשט צוגיין מיט עפּעס גאָר אַ גרויסן אָגער אויפן מאַרק.

ער איז בּאַלד געווען נעבּן פויער און מיט ענטציקונג בּאַ-טראַכט דאָס פערד, אַ פראַכטיקער עקזעמפּלאַר: אַ שוואַרצער אָגער, אַ הויכער, אַ לענגליכער, מיט אַ פיינעם קאָפּ און די פיס בּאַ-וואַקסן מיט קעמפּקאַלאַך האָר בּאַ די קאָפּיטעס—אַ געזונט פערד! חיימל עפנט אים דעם פּיסק און זאָגט צו פאַנטלען:

—פיר יאָר איז ער אַלט.—און צום פויער—יל׳עי כצעטשע זאַ טאָ קאָנסקאָ?...

—טאָ קאָנסקאָ—בּאַליידיקט זיך דער פויער—אָן דאָבּרי קון.

טישענץ רובלי, ליעזער (חיימלען רופן נאָך אַלע פויערים אויפן פּאָטערס נאָמען), דאַ זאַ ניעגאָ.

—וואָס?—מאַכט חיימל אַ פאַרוואונדערטע מינע,—טויזנט רובל, „צי יינא יעסטעשצע זשיווי?" (צי זענט איר לעבעדיק).

—אַנדערש וועט נישט זיין.—זאָגט בודליק.—כ'וואָלטן פאַר צוויי אויך נישט פאַרקויפט, נאָר מ'זאָגט אַלץ אין דאָרף, אַז די שוואַבעס וועלן צונעמען אַלע פערד...

—נאָ, דייטשע מי רענקע.—און חיימל נעמט פּאַטשן אין דער האַנט, אַזש זי פייערט פונדערוויטנס.—זעקס הונדערט! זיבן הונדערט!—און ווידער אַ פּאַטש אין דער האַנט אַריין, אַז דער אָגער טאַנצט אַזש אונטער אויף די הינטערשטע פיס.—אַכט הונ-דערט!—נאָר בודליק איז איינגעשפּאַרט, ווי נאָר אַ פויער קאָן זיך איינשפּאַרן.—ניין הונדערט! פּאַנטל נעם ס'פערד!—און ער רייסט אַרויס די לייטש פון בודליקס האַנט און גיט זי איבער פּאַנטלען.

—ערשט גייט מען אין אַ שענק, מען טרינקט און מען פּאַטשט זיך ווידער אין די הענט. פון איין שענק אַרויס—אין דער צווייטער אַריין, מיט יעדן באַזונדער טרינקט מען, ביז דער פויער בלייבט זיצן ווי אַ גולם, געדענקנדיק דאָס געלט פריער צו פאַרשטעקן אין אַ זיכער אָרט.

איבערן וועג פּאַטשט חיימל פּאַנטלען איבער די פּלייצעס און שכורלאַך שרייט ער צו אים:

—פּאַנטל גנב, האָסט געפּאַקט אַ פערד—אַ לייב! 'עסט מיר שוין איינמאָל דאַנקען פאַרן.

און „פּאַנטל גנב" פּאַטשט אים צריק אין די פּלייצעס. און אַז זיי באַקוקן נאָכאַמאָל דעם אָגער, לויפן מיטן אַ שטיקל וועג, האַלטנדיק אים פאַר דער צוים, און פירן אים דערנאָך אַריין אין שטאַל—גייען ביידע אין סאָד אַריין דערקאָנטשן, צום „סאַמעראָד-נע" פּאַבריקל אַליין...

אין אָווגט, ווען פּאַנטל שלאָפט אָנגעלענט אין אָנטועכץ אויפן בעט—קומט אַריין פייסקע און דערציילט עפּעס מענדלען אויפן אויער.

ערט מענדל אויס די מעשה, און לויפט באַלד צו צום פאָטער און נעמט אים וועקן און רייסט און ציט אים פון בעט אַראָפּ.

כאַפּט זיך פאַנטל אויף פון שלאָף און פּינטלט מיט די אויגן צוליב דער שיין פון לעמפּל. זאָגט אים מענדל, אַז פּייפּקע איז געקומען צופאָרן אויף דער קאָליע און דערציילט, ווי קאָפּל מיט יענקלען האָבן זיך עפּעס אָפּגעשמיסט אין וואַרשע וועגן שותפות...

שטייט פאַנטל, ווי אַן אָפּגעגאָסענער. ער שאָקלט מיט דער איבערשטער העלפט קערפּער אויף רעכטס און אויף לינקס, שלעפּט זיך אַרויף די הויזן און ציט פעסטער איין דעם פּאַסעק.

—אַ בראַנד אין זייערע געדערים אַריין,—ברומט ער אַרויס—פּייפּקע, קום נאָר אַריין!

קומט אַריין פּייפּקע, אַ פריילאַכער יונג—לאַכט ער.

—פאַנטל,—זאָגט ער—איך הייס פּייפּקע און זיי האָבן דיר אָנגעפּייפּט...

—ווער?

—קאָפּל און יענקל טשאַפּ. וואָס, זאָגן זיי, ער 'עט זיך זיצן אינדערהיים, ווי אַ שררה, און זיך זיין אַ שותף, קומען צום גרייטן? אַזוי לאַנג קרענקט ער!...

—אַזוי האָבן זיי געזאָגט?—פרעגט איבער פאַנטל און די אויגן ווערן אים רויט און גרין.

—זיי האָבן נישט געזאָגט,—ענטפערט פּייפּקע מיט אַ גע-לעכטערל. אָבער אַז ער דערזעט די ערנסטע מינע אויף פאַנטלס פּנים, גיט ער צו, אויך שוין ערנסטער—נישט געזאָגט, נאָר בלויז גערעדט...

גיט פאַנטל מיט דער פויסט אַ זעץ איבערן טיש, אַז דאָס לעמפּל גיט אַ שפּרונג אינדערהויך, אַז ס'איז נאָר אַ וואונדער, וואָס ס'איז נישט צוהאַקט געוואָרן:

—אַ פייער אין זייערע לעבערס אַריין, בענקאַרטעס!... אַז איך האָב זיי אויף דעם אַרויפגעפירט!—און ער לויפט אַרום אי-בער דער שטוב, ווי אַ ווילדע חיה.

פלוצלינג גיט ער זיך אַ שטעל אָפּ פאַר די צוויי יינגען, קוקט זיי אין די „שליפּיעס“ אַריין און צעלאַכט זיך מיט אַ גראָב קול:

—אַ בראָך האָב איך צו זייער „צייכל“ און צו זייערע יאָר! זיי ווילן ניש' מיט מיר קאַ' שותפות? אָבער אויף וועלכע טישענצע כפרות ברויך איך זיי צו האָבן? מיין פור איז אַ גרע־סערע פור און זי קאָן אויפנעמען מער פאַרשוינען, ווי זייערע פורן. אין דר'ערד ליגן זיי מיט די בייכער...

פייפקע, דערהערנדיק אַזעלכע דבורים, שפרינגט ער צו, טראַמאַסקעט אים איבערן קאַרק און פינטלט מיט ד'אויגן:

—אַ פייער זוכט זיי... פאַנטל, לאָז מיך פאָרן מיט דיין פור. מ'עט זיי שוין אָנלערנען דערפאַר... אַ רוח אין זייער מאַ־מען אַריין...

און ס'בלייבט, אַז ווען זיי 'עלן קומען צופאָרן, עט ער, פאַנטל, זיך מאַכן, ווי ר'ווייס פון גאָרנישט. נאָר אַז זיי 'עלן אָנהויבן צו רעדן, 'עט ער הייסן שטעלן ביר און בראָנפן פאַר אַלע „פּושיאַטשעלעס“ און ס'עט זיין—אויס שותפות.

---

## ניינטע קאַפּיטל.

ס'איז געווען אַ טאָג סוף ווינטער. איינער פון יענע טעג, וואָס זענען כול אי מיט זון, אי מיט ווינט. אין אַזאַ טאָג עפנט מען שוין אין שטעטל טיר און טויער פון שטובן. קינדער הייבן שוין אָן אַרויסצוקריכן פאַר די שוועלן און זיי נעמען זיך אויף דער פרייער לופט.

אונזערע שמוגלערס האָבן, אויפכאַפנדיק זיך נאָך מיטאָג פון שלאָף, דערזעען מיט צופרידנקייט די ליבע שטראַלן פון דער זון אַריינשיינענדיק אין די שטובן אַריין, האָבן זיי זיך אויפגע־

הויבן פון די געלעגערס, פרישע און קוועלנדיקע, זענען אַרויס אין גאַס און גענומען זיך גרייטן אין וועג אַריין.

אַהערצו-וועגס האָט די גאַנצע נאַכט געגאָסן. די פּלאַנדע-קעס זענען געוואָרן דורך און דורכגעווייקט און אַלע זענען גע-וואָרן פיטש נאַס.

האָבן זיי זיך איצט דערפילט פרישער אין דער איבערגע-טרוקנטער וועש און מלבושים און זיי האָבן געקוקט אויפן הימל, וואו עס האָבן געצויגן מענגעס ווייסע וואָלקנדלאַך,—געצויגן אָהן אַ שיעור.

ס'איז געווען אַרום זעקס פאַרנאַכט. נעבן די ווענט, וואָס קוקן צו מזרח-זייט, האָבן זיך שוין גרויסע שאָטנס אויסגעלייגט, ווען די וועגנס זענען אַרויס פון די הייף און האָבן זיך געלאָזט, פּאַמעלאַך פאָרנדיק, אויפן שאָסיי אַרויס.

אויף די זייטן, נעבן די הייזער, זענען געגאַנגען די שמו-גלערס, מיט די פּעקלאַך הינטער די פּאַלטאָס און פּאַטשיילעס. קוקנדיק מיט חשד אויף די זייטן זענען זיי מיט איינגעבויגענע קעפּ געקומען אַלץ ווייטער, ביז זיי זענען שוין געווען ווייט נאָכן צלם, נאָכן ערשטן בריקל—אויפן שאָסיי.

געשווינד וואַרפן זיי דעמאָלט זייערע פּעקלאַך אין די וועגנס אַריין, וואַרפן זיך אַליין אויך אַהין אַריין און די בעלי-עגלות טוען אַ שמיץ די פערד און שרייען־צו אינדערגיך, איילנ-דיק זיך: האָ-טאַ—וויאָ-אָ!

דעמאָלט דערהערט מען אַ פייף און אַ געשריי:

—האַלט!

שטעקן די שמוגלערס אַרויס די קעפּ, און דערזעענדיק, ווער עס לויפט צו זיי, ווערן זיי נישט טויט און נישט לעבע-דיק, נאָר די רירעוודיקע כאַפּן די שווערע פּעק, שפּרינגען אַראָפּ פון די פורן און לויפן איבערן פעלד אַזוי געשווינד, ווי ס'וואָלטן שפּענדלאַך געווען ביי זיי אויף די הענט, נישט צוויי אָדער דריי-פודיקע זעקלאַך. זעט דער דייטש, ווי אַ סך אַנטלויפן, הויבט ער אויף דעם רעוואָלווער אינדערהויך און שרייט אַלץ:

—האַלט! קיין טראָט! שטעען!..



זעקסהונדערט! זיבעןהונדערט! און ווידער אַ פּאַטש אין דער האַנט.

גייט אַלע איבער אַ פּחד. דער אַלטער שעהקע שטייט מיט איין פוס אין וואָגן און מיטן אַנדערן אויפן ראָד, און קאָן זיך נישט רירן נישט אַהין און נישט אַהער. די הענט מיט וועלכע ער האַלט צו זיין פּעקל, ציטערן און וואַרפן זיך און ער קוקט מיט אַ רחמנות-בעטנדיק פּנים צום דייטש, וואָס שטייט שוין בײַ דער פיר און שרייט און בייזערט זיך.

ער הייסט מענדלען אַראָפּוואַרפן אַלע פּעק פון דער פור, זען, אויב ס'פירט נישט עמיצער קיין שמוגל...

פאַנטל שטייט בײַ די פערד, פּאָרעט זיך בײַ זיי און זיין קרעמפּער קערפּער וואַרפט זיך אים:

„האַ? ווען איך זאָל דאָס אים געׄ'ן אַ „בענטש" אין די ציין אַריין, ער זאָל מיך האָבן צו געדענקען?..."

פון דער פור וואַרפט מענדל אַראָפּ די פּעקלאַך, וואָס שפּרינגען אונטער, בלייבנדיק ליגן אויפן שאָסיי-ברוק. נאָר אַז דער דייטש שטעקט אַריין זיין קאָפּ אין וואָגן, זען אויב ס'איז נישט דאָרט עפּעס איבערגעבליבן, כאַפּט דערווייל פאַנטל פון הינטער זיינע פּלייצעס אַ צוויי פּעקלאַך אַוועק און טוט זיי אַ וואָרף אין ראָוו אַריין, פון וואַנען מ'זעט זיי נישט אַרויס... זעען אַנדערע פון דער פור, ווי פאַנטל טוט, טון זיי אויך אַזוי. און דער דייטש זעט, ווי עס פאַרשווינדן שמוגלערס מיט פּעקלאַך, ציט ער פאַרן צינגל פון רעוואָלווער און שיסט אויס אין דער לופט. דערשרעקן זיך אַלע גאָר שטאַרק און בלייבן שטיין. מילא, וואָס ס'עט זיין—'עט זיין...

איצט ציילט דער דייטש איבער די פּעקלאַך און שטעלט מענדלען אַוועק זיי צו היטן. „ס'זאָל קיין איינס נישט פעלן!" און דאָס אייגענע חזרט זיך איבער נאָכאַמאָל בײַ קאָפּלס פור.

וואַרפנדיק אַזוי די פּעקלאַך פּלאַצט פון איין טאָרבע די נאָעט און ס'שיט זיך אויס ווייס מעל און ס'פאַלט אין דער טונקלקייט אַריין, ווי אַ בוכקער שניי. צעלאַכט זיך דער דייטש און פרעגט מיט אַ חוזק:

—וואַס איז דיזעס?... וואַס?...

לויפט צו אַ גראָבע שיקסע, די „מאַטעיעכאַ", שפּרייט אונ-

טער דאָס פאַרטוך, ס׳זאָל זיך נישט שיטן אויף דער ערד און זי וויינט:

—„יעזו, אָ באָזע, צאַלי מאָי מאַיאָנטעק... יעזו קאָכאַני...״

—זאָ?—רופט אויס דער דייטש, זועענדיק, אַז דאָס מעל איז אירס—נעמ׳ס שנעלער צוזאַמען!—און צו די איבריקע:—דריי־סיק פעקלאַך איז דאָ. נעמט אויף די פורן און אין קאָמענ־דאַנטור!

ווערט אַ געפילדער צווישן אַלע. לויפט צו חנה גימפלס, אין בלויזן קאָפּ, ווייל אין געאייל האָט זי ערגעץ פאַרלוירן דאָס קאָפּטיכל. בייגט זי זיך איין די האַנט אים צו קושן און זי וויינט:

—האַר! גרויסער האַר! לאָזן זי די דערבאַרמונג האָבן אויף אַן אָרעמער יידענע... און נעמן זי ניש׳ צו דאָס שטיקל ברויט!

שטופּט ער זי אַוועק און ער קוקט אַלץ אויף דער מאַ־טעיעכעס פולע זייטן, אויפן גאַנצן גרויסן קערפּער אירן און צעשמייכלט זיך אונטער די וואָנסן. רוימט ער איר איין עפּעס איבערן וועג, שוין פאָרנדיק אין קאָמענדאַנטור און ער קיצלט זי אַזוי, פאַרשטייט זי דאָס, וואָס ער מיינט, כאָטש דאָס רעדן זיינס פאַרשטייט זי קאַ׳ וואָרט נישט... און ער ווייזט איר אויף איר פעקל און זאָגט:

—דיין שמוגל בז־ק׳מסטו צוריק... דיין גאַנצן שמוגל...— און ווינקט דערביי צו מיט די אויגן.

אַז די פורן זענען אַרויף אויפן גרויסן מאַרק, איז געוואָרן אַזאַ צוזאַמענגעלויף, אַז די פערד האָבן נישט געקאָנט גיין. האָט נאָר דער דייטש געדאַרפט איין וואָרט צו זאָגן, איין בליק נאָר צו געבן פון זיינע אויגן—און אַלע זענען זיך צעשווימען אין די זייטיקע געסלאַך. אַזאַ כח האָט עס געהאַט דער דייטש!

און אַז די פור איז שוין געשטאַנען אויפן הויף פון דער קאָמענדאַנטור, זענען אַלע שמוגלערס אַרויפגעלאָפן אויפן ערשטן שטאָק, דאָרט וואו עס זיצט דער קאָמענדאַנט, האָבן אָבער גע־טראָפן בלויז דעם אונטעראָפיציר מיטן שרייבער אין די ברילן. דער קאָמענדאַנט איז געהאַט אַוועקגעגאַנגען שפּאַצירן. פאַלן זיי

צו צום אונטעראָפּיציר און שרייען אין אים אַריין אַזוי, אַז ער ווייס גאָרנישט, וואָס זיי ווילן פון אים האָבן. ערשט אַז יעגער איז אַריינגעקומען און אַלע אַרויסגעטריבן, האָבן זיי זיך אַדורכ- געשמועסט און ס׳איז געבליבן, איין העלפט צוצונעמען און איין העלפט צוריקצוגעבן.

נאָר די מאַטעיעכע אַליין האָט צוריקגעקריגן דאָס פּעקל אינגאַנצן. זי האָט אָבער באַלד געמוזט גיין מיט יעגערן און מיטן שרייבער אין די ברילן, צו מאירל בעל-אכסניה אין אַ באַ- זונדער חדרל אויפן גאָרן.

---

# צענטע קאַפּיטל.

ווען די בעלי-עגלות זענען שוין געווען אַ צוואַנציק וויאָרסט אונטער דער שטאָט, אויף בעל-עגלה-לשון: „געהאַט צוואַנציק וויאָרסט הינטער זיך”, איז קאָפּל אַראָפּ פון זיין וואָגן, געלאָזט די פערד אַליין גיין איבערן באַקאַנטן וועג און איז צוגעקומען צו פּאַנטלען.

—פּאַנטל,—זאָגט ער,—ביזט נאָך בייז, וואָס ס׳איז געוואָרן אויס שותּפות?

—וואָס האָב איך בייז צו זיין?—דעמאָלט, זעסטו, אַ׳ דו וואָלסט מע׳ געווען אונטער דער האַנט, וואָלט איך דיר אַ זשע- ברע צעבראָכן. אָבער בייז—ברודער?!

—ווייסט?—קומט קאָפּל אַריין אין אַ מאָדנעם כעס,—ווייסט, אַז די מאַטעיעכע האָט צריק ס׳גאַנצע פּעקל?

—אודאי,—לאַכט שוין פּאַנטל—אַז ז׳איז געווען מיט יעגערן באַ מאירלען...

באַ מאירלען?—קאָן זיך קאָפּל נישט צעפוואונדערן.—ער אי׳ דען אַ חסיד!...

—אָבער ער האַלט דעך בראָנפן אויפן גלעזל.

—אַזוי—שאָקלט שוין קאָפּל מיטן קאָפּ—אַזוי.—פּונקט ווי דאָס, וואָס מאירל פּאַרקויפט בראָנפן אויפן גלעזל, איז די אמתע סיבה, וואָס די מאַטעיעכע האָט צריקגעקריגן דאָס פּעקל אירס... דאָך זאָגט ער נאָך אַ פּאָר מאָל „אַזוי״, ווייל ס׳לייגט זיך אים נאָך נישט אינגאַנצן אויפן שכל...

גייט ער שוין איצט שטיל נעבן פאַנטלס פערד, נעמט דעם עק פון אָגער אין האַנט, לאָזט אַדורכשווימען די האָר צווישן די פינגער און דונערט מיטאַמאָל אַרויס:

—אַ כאָלערע אין זייערע געדערים אַריין! אָבער וואָס ׳על׳ אונז טון?

—דער דייטש זאָל אַזוי די נאַכט אויסלעבן,—ווינשט פאַנטל און דערלאַנגט אַ שמיץ די פערד, וואָס זענען געגאַנגען סטעמפּאַ און געלאָזט זיך באַלד נאָכן שמיץ לויפן,—ווי מיר האָבן וואָס צו טון.

—אוי, ס׳אי׳ שלעכט, ס׳אי׳ שלעכט.—קרעכצט פלוצלונג עמיצער אַריין אין דער מיט פון וואָגן אַראָפּ.

אַזוי ענטפערט דער שוואַרצער בערל אויף די שאלה פון קאָפּלען און די פּאָר ווערטער לויפן אים אַרויס אַזוי געשווינד, אַלע אינאיינעם צוזאַמענגעוואַקסן, פּונקט ווי עפּעס אַרויסגעגאָסן פון זיך. געדויערט אַזוי אַ שטיקל צייט דאָס איבערזאָגן די עט־לאַכע ווערטער אַ פּאָר מאָל, אַלץ דאָס אייגענע, אַלץ דאָסזעלבע צוזאַמענגעגאָסן, ביז די פורמאַנעס קאָנען שוין פאַרשטיין, וואָס ער האָט געוואָלט.

אַ שפּאָר חלק פון זיין כעס האָט פאַנטל אויסגעלאָזט צו די פערד. דרייט דער שניאַדער מיט דעם קאָפּ נאָך יעדן פרישן שמיץ און ס׳דאַכט זיך, ווי אין זיינע אויגן הענגט די פראַגע:

—וואָס שלאָגט ער? וואָס וויל ער פון אונז? זענען מיר שולדיק, וואָס די דייטשן האָבן צוגענומען? לאָז ער זיי שלאָגן...

עפּעס אַזעלכעס איז געווען אין שניאַדענס אויגן. דער אָגער, דאַגעגען, האָט זיך נישט וויסנדיק געמאַכט, עלעהיי די פליגן מען וואָלט אים אָפּגעטריבן. און מ׳ווייס נישט, אויב פאַנטל

האָט פאַרשטאַנען דעם פערדס בליק, אָדער נישט. געניג, אַז ער האָט אויפגעהערט זיי צו שמייסען, און, איינורענדיק זיך אין דער בונדע, האָט ער זיך פאַרטראַכט איבער דעם, וואָס מען קאָן טון דערצו.

„מ׳דאַרף זיי איבערקויפען איינמאָל פאַר אַלעמאָל,—טראַכט ער זיך,—׳עט מע׳ פטור ווערן פון אַלע גהנומס איבערן וועג. באַ יעדע פאָר וויאָרסט—אַ וואַך. די קעפ זאָל׳ זיי געשוואָל׳ ווערן... איצט האָט ער שוין געפטרט אַלץ, וואָס ר׳אָט אָפּגע-שפּאָרט פון אָגער אָן... פיר פוד מעל צוגענעמען... אָבער—לאָזט עס אים נישט אָפּ—אויב דו וועסט איבערקויפען, ׳עסטו אַרבעטען נאָר פאַר זיי. דעם עפּעס, יענעם עפּעס און אַלץ וועט גיין אין זייער האַלז אַריין...”

אַזוי מאַטערט עס פאַנטלען איבערן וועג. און נישט בלויז אים אַליין, נאָר אַלע, אַלע פון די פירן זיצן פאַרגראָבן אין זיך. אפילו פייפקען, דעם פריילאַכן יינג, פאַלט איצט נישט איין צו שפּעפען מיט דער מאַטעיעכע, מיט וועלכער ער האָט אַ גוט לעבן געהאַט נאָך ווען ער איז געפאָרן מיט קאָפּלען. אַלע טראַכטן און ווילן אויסטראַכטן עפּיס אַ מיטל, וואָס זאָל זיי אָפּ-היטן שוין אַ צווייט מאָל פון דעם, וואָס ס׳האָט זיך זיי היינט געטראָפן.

אפילו דער קליינער דוד שלאָפט נישט די גאַנצע נאַכט, פאַר די אויגן שטייט אים אַלץ זיין מאַמע, וואָס איז אַזוי שוואַך, קוים וואָס זי האַלט זיך אויף די פיס, און זי האָט שוין גע-קלערט אים צו מאַכן אַ ניי כאַלאַטל אויף פסח. האָט ער שוין אַ כאַלאַטל! צוגענעמען פאַר פופצן רובל, פאַר פופצן רובל! ער האָט שוין, וואָס אַן אמת, געריכט זיך דערויף. עפּעס שוין חדשים, אַז ער פאָרט מיט שמוגל! אָבער ער האָט אין געדאַנק זיך פאָרגעשטעלט אַזאַ מינוט גאָר אַנדערש, גאָר אַנדערש. ער האָט גערעכנט, אַז ווען די דייטשן ׳עלן צוקומען, ׳עט זיין שטיל, גאַנץ שטיל. ער וועט דאַן צוגיין און רעדן מיט זיי אויף זייער לשון. ער וועט צו זיי אַזוי זאָגן:

—הער קאָמידאַנט! איך ווייס אַליין, אַז מ׳טאָר נישט פירן

קיין שמוגל. אָבער וואָס זאָל איך טון, אַז קאַ׳ טאַטן האָב איך נישט און מיין מאַמע איז אַ קראַנקע און ס׳איז נישטאָ ווער ס׳זאָל פאַרדינען אויף ברויט...

אַזוי, האָט ער זיך פאָרגעשטעלט, וועט ער רעדן און דער דייטש וועט אים אויספרעגן. וועט ער נישט קיין מורא האָבן און אויף אַלסדינג וועט ער ענטפערן—אויף אַלסדינג. וועט דער דייטש אים גאָרנישט צונעמען—קאַ׳ האָר נישט לאָזן רירן פון זיין קאָפּ... און אפשר—אפשר ׳עט ער צוגעבן אַ קוויטל צו אַלע וואַכן, זיי זאָלן אים נישט דערוועגן צו טשעפּן... אפשר...

אַזוי האָט ער טאַקי געטראַכט, אָבער אין דער אמתן איז געוואָרן גאָר אַנדערש, אינגאַנצן אַנדערש... וואָרן ווען ער האָט נאָר דערזעען דאָס וואָלפישע פנים פונם דייטש, איז ער געוואָרן ווי פאַרשעמט און אַזוי דערשראָקן, אַז ער האָט זיך באַהאַלטן הינ-טער אַלעמענס פּלייצעס, פאַרשטעקט זיך אין אַ ווינקל, ער זאָל אים גאָרנישט אָנקוקן, ער זאָל אים נאָר נישט זען...

---

# ערעפטע קאַפּיטל.

באַ פּאַנטלען האָט זיך געמישט דער קאָפּ. צייט מען האָט אים צוגענומען די עטלאַכע פוד מעל, איז ער אַרומגעגאַנגען ווי אַ שטומער בער. דאָס מעוברתע ווייב, וואָס האָט אָנגעהויבן קו־מען שוין אין דער העכערער צייט, האָט ער אויפן אויג נישט געלאָזט. פאַר יעדן וואָרט און נאָך יעדן וואָרט—אַ כאָלערע. די זין האָט ער אויך נישט געקאַרגט, אָבער דעם עלטערן, מענדלען, האָט ער נישט געוואַגט. יענער איז געראָטן אין דער מוטער: אַ הויכער, אַ ברייטער—אַ ריז! אויסגעקוקט ווי צוויי מאָל פּאַנטל... אָבער דעם יינגערן האָט ער געדזשאָכעט, וואו און באַ וואָס ס׳האָט זיך נאָר געלאָזט.

שוין ווידעראַמאָל צוגענומען און נאָכאַמאָל צוגענומען. און

צומיינסט פון זיין פור. באַ קאָפּלען איז שוין געווען אַ גאַנץ לעבן. פייפקע איז שוין צריק געפאָרן מיט קאָפּלען און האָט זיך אַרומגעשלעפּט מיט דער מאַטעיעכע. זיי האָבן געקויפט צוזאַמען און באַ דער וואַך האָט זי געזאָגט אויף זיין סחורה, אַז ז׳איז אירע און מ׳האָט זיי טאַקי גאָרנישט צוגענומען. דער אַלטער שעהקע שפּאַסט אַמאָל אפילו און רופט די מאַטעיעכע „פייפקעס כלה״—אָבער פייפט ער טאַקי, נישט נאָר אויס אים, נאָר אויס דער גאַנצער וועלט...

„אָט אַ שטייגער,—טראַכט זיך פאַנטל,—ווען אַזאַ „כלה״ זאָל זיין מיט מיר, וואָלט מען מיר נישט געווען צוגענומען נישט דעמאָלט און נישט איצט דאָ ווידער... און אין איינוועגס טאַקי איז זי אַ גרויסער באַהילף, אין וואַרשע קאָן מע׳ זיך עפּעס אַליין אַן עצה גע׳ן? נישט קיין עסן, נישט קיין רוען. מיטן ווייב באַהעלפט ער זיך דען עפּעס אַ סך, אפילו אינדערהיים? זי דרייט זיך אַרום, אַ שטיק „פוסטווע״, מיטן בויך. אַ יינג גייט זי ווידער האָבן; אַ יינג—אַנדערש ניש׳... ער קאָן איר נישט אָנקוקן אין פרצוף אַריין...״

אַזעלכע געדאַנקען גייען אום אין פאַנטלס קאָפּ. ער ווייס נאָך נישט, וואָס זיי ווילן פון אים און צו וואָס זיי וועלן אים פירן אין אַ צייט אַרום—ערשט שפּעטער.

און אפילו אַז ער קומט אַהיים פון וועג, פאַרטאָג, און לייגט זיך שלאָפן אַן אַדורכגעפרוירענער, לאָזן אים די געדאַנקען אויך נישט אָפּ. כאַפּט ער זיך שטענדיק אויף פון שלאָף אַ בייזער, שעלט דאָס ווייב און גייט אַרויס אין סאָד אַריין, צו יצחק יונהן, הייסט זיך געבן „ניינציקער״ און טרינקט איין גלעזל נאָכן צווייטן.

טיילמאָל פאַרשווינדן זיי אָבער, די געדאַנקען, ווי אין דר׳ערד אַריין. דאָס טרעפט טאַקי נאָר אַמאָל, און דאָס אויך נאָר שבת. דעמאָלט קומט ער זיך צונויף מיט גוטע ברידער, „פושיאַטשעלעס״, זיי קומען גאָר טיילמאָל צו אים אַהיים. חיימל קיסרס פאָטער, לאָזער, פאַרציילט פון אַמאָליקע יאָרן, ווען פאַנטל און די אַלע איבריקע זענען נאָך געווען בחורים—פלאָם פייער;

האָט מע׳ זיך געטון אַ נעם צו אַ געשעפטל, איז עס געעקט גע־וואָרן מיטן קוק: איינס, צוויי און דריי. אָדער, די מעשה מיט די „קאַצאַפּעס״...

„עך, גוטע ברידער, גוטע ברידער! ניש׳ אַנדערש, ס׳עלן נאָך צריקקומען יענע צייטן!—זעט מען באַשיינפּערלאַך דעמאָלט רוען אַ גרויסן בטחון אויף זיי. וואָרום אויב נישט, טאָ וואָס צע־פּלאַקערן זיך אַזוי באַ אַ־לע די פּנימער מיט ד׳אויגן און דאָס בלוט נעמט פון זיי שלאָגן מיט אַזאַ היץ, אַזש ס׳ברענט פון דערוויטנס...

פון אַזאַ שבת ווערט פּאַנטל עפּעס גאָר אַן אַנדערער,— אַ יום-טובדיקער, קאָן מען זאָגן. אויפדערנאַכט, אַז אין הימל שטייען שוין די שטערן, העלפט ער דעם אַלטן שעהקען אַרויפ־קריכן אין וואָגן אַריין און דורכן גאַנצן וועג הערט ער נישט אויף צו דערציילן און איבערדערציילן דעם אַלטן קיסרס מעשיות. שעהקע הערט זיי אויס, באַסעוועט צו און לאַכט מיט. נאָר דער קליינער אורקע, וואָס פאָרט שוין טיילמאָל מיט קאַ׳ ווארשע, ליגט אויף אַ קאַסטן און האָרכט זיך איין, פון גרויס געשפּאַנט־קייט, מיט אַן אַרויסגעשטעקט צינגל, ווי באַ אַ קליין הינטל און קוועלט גאָר אָן פון די שטיקלאַך, וואָס זיין טאַטע פלעגט מיט יאָרן צריק באַווייזן...

און איינמאָל אין אַזאַ שבת זיצט מען זיך אין שטוב און לאָזער קיסר פאַרציילט אַ מעשה שוין צום וויפילטן מאָל און גלעט זיך דערביי די ווייסע באָרד:

„זענען אָנגעקומען אין שטעטל אַריין אַ פרייטאָג פאַרנאַכט אַ ביסל קאַצאַפּעס, באַן־אַרבעטאָרער, נאָר דאָס שטעטל איבערצו־דרייען. ס׳האָט זיך געמאַכט חושך, געשלאָגן יידן, וואָס זענען געגאַנגען צום דאַווענען. טוט אודאי נישט דער אַלטער „קיסר״ אַ שפּרינג אַריין אין אַ הויפל אַריין, אַ ריס אַראָפּ אַן אָרטשיק פון אַ וואָגן און, טאַטע מיינער, נעמט ער שאַרן מיט דעם אָר־טשיק אויף לינקס און אויף רעכטס, זענען זיי געפאַלן, ווי די פליגן. קומט אונטער איין הויכער קאַצאַפּ מיט אַן אייזערנעם דראָנג, און אַ האָר, אַז ער זאָל שפּאַלטן דעם קאָפּ דעם „קיסר״,

טוט אודאי אַ שפּרונג אונטער פּאַנטל און לאָזט אים אַראָפּ אַזאַ „טאַראַמאַטש" מיט דער בלויזער פויסט איבערן קאָפּ, אַז דער קאַצאַפּ איז גלייך געבליבן ליגן.

אָט דאָס הערט אויך אויס דער קליינער אורקע און פּאַלט דערפון אַריין אין אַזאַ קליינהינטלדיקער פרייד, אַז ער נעמט קלאַפּן מיטן פויסטל אין טאַטעס פּלייצע אַריין... יענער אָבער, ווייזט אויס, פאַרלאַנגט נישט אַזאַ „פּאַן-בראַט" פון אייגענעם זון און לאָזט אים דערפאַר אַראָפּ אַזאַ פּלעם, אַז דער קליינער אורקע מאַכט אַ „קאָזשאָלעק", דרייט זיך איבער און בלייבט ליגן...

אָט אין יענער מינוט, האָט ערשט פּאַנטל אָנגעהויבן צו פאַרשטיין, וואָס ער האָט צו טאָן, וואָרום פון דעמדאָזיקן קלאַפּ האָט זיך אויסגעוויקלט אַזוי: ווען דער קליינער אורקע איז צום ערשטן געפאַלן און האָט זיך גענעמען וואַרפן אויף דער פּאָדלאָגע, אַז אַלע האָבן געמיינט, ער האָט געקריגן די „שווערע קרענק" און בלייבנדיק ליגן דערנאָך רויק, מיט אָפענע אויגן קוקנדיק אויפן פאָטער אָן שום שינוי, נאָר גרייט אים שוין ווידער צו קלאַפּן מיטן פויסטל אין די פּלייצעס אַריין, איז ערשט גליקע אַרויס מיט איר קול:

—וואָס האָסטו געהאַט צום יינגל? האָסט דאָכ'ן געקאָנט לאָזן ליגן אַ טויטן, פאַנטל גנב... אָפּגענעמען זאָלן דיר די הענט ווערן...

איז אין אַזאַ מינוט, ווען פּאַנטל האָט זיך דערפילט שולדיק און האָט נישט געהאַט צו ווענען דעם כּעס אויסצולאָזן, האָט ער זיך אויפגעשטעלט, אַ רויטער, מיט ווילדע אויגן קייגן זיין ווייב, וואָס ער האָט זי אין דער מינוט שטאַרק פיינט געקריגן און זיך געוואָלט נעמען צו איר... ער האָט זיך אָבער געשעמט פאַר די פּושיאַטשעלעס... האָט ער נאָר בלויז אויסגעשפּיגן אין איר זייט און אַרויס פון שטוב פאַרהאַקנדיק די טיר הינטער זיך, און אַוועק אין שטאַל אַריין.

דאָרט, אַז ער האָט געפירט מיט דער האַנט איבער דער הויט פון אָגער, האָט ער זיך איינציקווייז באַרויקט און ער האָט אָנגעהויבן צו טראַכטן וועגן דעם, וואָס איז פריער געשען. ער

האָט איינגעזעען ערשט זיין גאַנץ אומגליק אין ווייב. אפילו דאָס
אויך, וואָס מ'נעמט אים דעם שמוגל צו.

„אַ בו'אָך אין איר טאַטן, דעם אַלטן שיקסע-קריכער"—
טראַכט ער און גיט אַ טאַראַמאַסק דעם אָגער איבער דער זייט
און נעמט דעם לאַנגן ווידל זיינעם, דרייט אים און פאַרקניפט
אין אַ קניפ.—„פאַנטל גנב, אויב מ'עט דיר נאָך איינמאָל צונעמן,
ביסטו אַ דר'ערדליגער... ביסטו ניש' ווערט וואָס די ערד טראָגט
דיך..."

און ער גייט צו צים גניאַדן, נעמט אָן אַ פולע האַנט
מיט אָבראָק, שטופט אים אין פיסק אַריין. דערנאָך קריכט ער
אַרויף אויפן בוידעם, רוקט זיך אַריין צווישן היי און מיט די
געדאַנקען זיינע ליגט ער דאָרט אָפּ אַ צייט, און ס'בלייבט בא
אים, ניש' אַנדערש, נאָר אַזוי צו טון. ווי „אַזוי" ווייס ער נאָך
נישט עס ווערט צוגיין. אָבער דער עיקר איז שוין פאַר אים
קלאָר: „שותפות מיט אַ שיקסע". ר'עט דעך נישט צוגיין גלאַט
אַזוי צו וועלכער ער וועט נאָר באַגעגענען: „הע, פאָר מיט
מיר!.." אָבער איינס איז שוין קלאָר: וואָס גיכער זיך נעמען דער-
צו און אַ סוף, אַן עק זאָל עס נעמען!

און באַלד האָט אים טאַקי אַ גליקליכער צופאַל צונויפגע-
פירט מיט זיין באַשערטע, וואָס אפילו נישט איין יינגערער פון
פאַנטלען האָט אים מקנא געווען מיט איר און וואָס נישט איין
געשלעג איז דורך איר אַרויסגעקומען...

---

# צוועלפטע קאַפּיטל.

אין וואַרשע, אויף אַ שמאָל געסל, נעבן דער אייזנגאַס,
וואוינען אין אַ גרויסער שטוב דריי שיקסעס. איינע איז שוין
אַן עלטערע—פון אַ יאָר עטלאַכע דרייסיק, וועלכע מאַכן איר
ברויענשאפט רייף, ווי אַ ברייט געעפנטע קוויט. האָט אַ פול,

מילך-ווייס געזיכט מיט פולע ליפּן און פעסטע ברוסטן. די צווייטע האָט אַ לענגלאַכן שטערן, קעמט זיך די האָר אַרויף, האָט אפילו אַ רויטלאַך, נאָר שטאַרק אָפּגעצויגן געזיכט, אַזוי, אַז די נאָז איז ביי איר ביים סוף שוין אַ ביסל צו שפּיציק. די דריטע—די יינגסטע ווידער—מיט העלע געקאַרבירטע האָר, אַ גזשיוועלע געקרייזלט אויפן שטערן און מיט פּאהלאַך, געדרייטע און געוויקלטע, זעט אויס צווישן זיי דאָס „מלאכל”. געשיקט פאַרבעט זי דאָס בעטל אירס און האָט שטענדיק אַ קלאָר, געהאָפטן ציכל אויפן קישן, וואָס ליגט פון אויבן, אויף דער קאָלירטער קאָלדרע.

פון צייט די רוסן זענען אַוועק פון וואַרשע, ווערט אַלץ ערגער און ערגער. און סטאַשאַ, די מיטלסטע, איז די מיינסט צייט אין שטוב, ליגט אויף איר בעטל און רויכערט פּאַפּיראָסן. נאָך מיט גאָר אַ קורצער צייט צריק האָט זי פאַנטאַזירט וועגן אַ גראַף, אַ פירשט, אָדער צום ווייניגסטן—אַן אָפיציר, וועלכער וועט זיך איינליבן אין איר און זי מיטנעמען מיט זיך אַהין, אין זיינע גיטער אַריין... „ס׳איז דען נישט געשען אַזעלכע זאַכן?...” אָבער אַז די דייטשן זענען צוגעקומען נאָנט צו וואַרשע און די רוסן זענען אַנטלאָפן, האָט זי זיך פּלוצלינג אַרומגעקוקט, וואו ז׳איז אין דער וועלט. זי האָט מיטאַמאָל דערזעען אין שפּיגעלע, ווי די קנייטשן אויפן פּנים ווערן וואָס אַמאָל מערער און טיפער... „זי ווייס, ז׳עט שנעל אַלט ווערן...” און צו דעם צו איז נאָך אין גאַס געוואָרן טויט אויך, כאָטש קוק ד׳אויגן אויס אין די פינצטערע נעכט... ס׳איז קיין פויגל נישט צו זעען... און אָנטועכץ מוז מען האָבן: אָרנטלאַכע זאָקן, נישט קאָ׳ פאַרצירעוועטע... און אַ האַלקע... געסט קוקן דאָך דערויף... באָזשע מוי...”

—וואָס גייסטו נישט אין גאַס אַרויס? וואָס ליגסטו אַלץ אין שטוב?—מאַכן צו איר די צוויי חברטאָרינס, וואָס זענען שוין אַרונ׳געשמירט און אַרומגעפּודערט, אַז ס׳שמעקט פון זיי צען איילן פון דערווייטנס. און זיי לאָזן זיך אין גאַס אַרויס.

ס׳טרעפט, אַז ווער פון זיי קומט באַלד צריק מיט וועמען

עס איז און טרעפט נאָך אַלץ סטאַשען אויף איר בעטל ליגנדיק מיטן פּאַפּיראָס אין מויל.

סטעפקאַ, די עלטערע, קוקט אין אַזאַ מינוט נישט אויף איר. „וואָס אַרט עס זי?...״ נאַטשע אָבער, די יינגסטע, און וועלכע איז אינגאַנצן דערין ערשט פון אַ חדשים אַכט, אָדער צען, בשעת דער „סעזאָן״ האָט געברענט און מ׳האָט געריסן פון די הענט...—פילט זי זיך עפּעס נישט אינגאַנצן גוט... זי זאָגט אָבער נאָרנישט, נאָר דערנאָך, ווען דער גאַסט איז שוין נישטאָ, רעדט זי איר ערשט אויס דערפון.

דעמאָלט נעמט זי סטאַשע אָן באַ אַ האַנט, זעצט זי אַוועק נעבן זיך אויפן בעטל, קוקט איר לאַנג אין פּנים אַריין און נעמט אַזוי רעדן:

—הער אויס, נאַטשע, וואָס איך׳ל דיר זאָגן. איך בין עלטער פון דיר און בין שוין לענגער דערין... און וואָס וועט זיין דער סוף?... אַז ס׳איז נישט געווען די מלחמה, איז געווען עפּעס אַנדערש, גאָר עפּעס אַנדערש... היינט—זיי, די דייטשלאַך, די הינטישע בלוטן, זיי ווילן די נשמה בחנם...—און סטאַשע טוט אַ לאַנגן צי פון פּאַפּיראָס, וועלכן עס נעמט אַרום ווי אַ פייערדיק רייפל הינטערן אַש און באַלעקט אים, בשעת אירע באַקן ציען זיך טיף איין. דערנאָך בייגט זי אַרויס די הינטערשטע ליפּ און בלאָזט לאַנגזאַם אַרויס דעם רויך פון מויל.—באַ זיי דאַרפסטו צו אַרבעטן פערצן, זעכצן שעה אין טאָג, זאָלסט האָבן אויף אַ ניי היטעלע, אָדער אַ פּאָר מייטקעס... הינטיש בלוט...

נאַטשע הערט דאָס אויס און זי פאַרשטייט קוים אַ הונדערטסט חלק פון דעם, וואָס סטאַשקע רעדט צו איר. און דאָס, וואָס זי פאַרשטייט, קאָן זי אויך נישט פאַרשטיין...

„וואָס איז דאָ צו רעדן—טראַכט זי אין זיך—אַז ס׳איז אַזוי, זאָל זיין אַזוי.״ און זי גייט ווידער אַרויס אין גאַס, ווי פריער, און דערציילט אַלסדינג איבער פאַר סטעפקען, וועלכע שטייט באַ דער לאַמטער.

סטעפקע, אויסהערנדיק וואָס נאַטשע פאַרציילט, לאַכט. און בליצנדיק פאַר געוואוינהייט מיט די טונקל אונטערגעשמירטע

אויגן, וואַרפט זי מיט די ווערטער:

—זי איז דאָך אַ פילאָזאָפקע!... כאַ, כאַ, כאַ...

זעט נאַטשע, די מומע לאַכט, לאַכט זי מיט, כאָטש זי פאַרשטייט אויך נישט, וואָס ס'איז ווידער דאָ צו לאַכן. אָט אַז ס'קומט אַרויף אַנטעק, וועלכער שדכנט זיך צו סטאַשקען, צייט איר „קוזין" איז אַוועק אין „זאַפּאַס", און אַז ער ציט זי אַרויס פון בעט אַ נאַקעטע, האַלטנדיק זי בײַ איין פוס, דעמאָלט קאָן מען דאָך טאַקי די זייטן פאַרלירן לאַכנדיק... נאָר ווען זי, סטאַשע, פאַרציילט ווידער פון איר „חתן", ווי ער פלעגט זי טייל-מאָל שלאָגן, דעמאָלט איז שוין עפּעס אַנדערש... ווערט נאַטשע אויף אַן אמת ערנסט. „פאַרוואָס האָט ער זי געשלאָגן, פאַרוואָס האָט ער זי געשלאָגן?"

סטאַשע דערציילט אויך, אַז ס'גאַנצע געלט האָט ער איר שטענדיק צוגענומען, אָנגעשכורט זיך דערפֿאַר און געשריען אויף איר פאַסקודנע נעמען און זי געשלאָגן... טראַכטנדיק אַזוי, באַשליסט זי, אַז יענער איז נישט איבעריק גוט און ס'הייבט איר אָן קלאָר ווערן פאַרוואָס יענע רעדט אַזוי.

„איבריגענס, וואָס איז צו קלערן... אָט דאָרט, דאַכט זיך, גייט אַ מיליטערישער און קוקט עפּעס אַזוי אויף אַ פאַרבײַגייענדיק מיידל..."

גיט זי זיך אַ מאַך גלייך דאָס גזשיוועקעלע, די פאַהלאַך און מיט די הענטלאַך אין די קעשענעס פון זשאַקעטל, טאַנצט זי אונטער צו אים. ער דערזעט זי, גייט ער איר אַנטקייגן, קוקט איר אַריין אין פּנים און צעשמייכלט זיך: ווייזט אויס, זי געפעלט אים.

יענעם טאָג האָט עס נאַטשען באַזונדערס געגליקט. יעדע האַלבע שעה אַרויף און אַראָפּ; אַראָפּ און ווידער אַרויף... און אינדערפרי, אַז ז'האָט איבערגעציילט דאָס געלט, איז געווען פונקט גענוג אויף צו קויפן אַ ברויט מיט שינקע און צו באַצאָלן פאַר אַ פּאָר האַלבע זוילן מיט אָפּצאַסן צו די געלע לאַטשן, וואָס זענען שוין גוט אויסגעריבן פון לויפן איבער די שטיגן.

—וואָס, אפשר האָב איך נישט רעכט?—רופט זיך אָן סטאַ-

שע.—האָב איך נישט געזאָגט? צוואַנציק שעה דאַרפסטו אַרבעטן אין מעת-לעת... ממזרים זענען זיי... הינטיש בלוט...—און זי האָט זיך אויסגעלייגט אויפן בעטל און האַסטיק געריכטערט דעם פּאַפּיראָס.

סטעפקע פונדעסטוועגן האָט זיך אויך פאַרקלערט.

„ווייס זי עס דען נישט?... פון פריער נאָך, פאַר סטאַשען?...״ און זי קוקט אויף נאַטשען:

„בלוט און מילך איז זי נאָך...״—און זי דערמאָנט זיך אָן איר שוועסטער:

דער שוואָגער איז אין דער מלחמה געגאַנגען און די שוועסטער איז אין שפּיטאָל געשטאָרבן. אַלץ אויספאַרקויפט. געבליבן איז בלויז נאַטשע מיט צוויי קישנס, אַ וואַטענע קאָלדרע און אַן אייזערן בעטל. וואו האָט זיך געקאָנט אַהינטון אַ זעכצנ-יעריק מיידל, אַ יתומה, אַן עלנטע, אין דער גרויסער שטאָט? האָט זי איר טאַקי אַריינגענומען צו זיך...

און טראַכטנדיק אַזוי, קומט איר אַ טרער אין אויג אַריין און זי זעט-איין, אַז סטאַשקע זאָגט אמת, דעם הייליקן אמת!... אָבער, וואָס קאָן מען טון? ס'איז טאַקי שלעכט... נעמט זי אַ רויט שטיקל פּאָמאַדקע, שמירט דערמיט איין די ליפּן און זאָגט מיט אַ גאַנץ גלייכגילטיק קול:

—באָזשע מוי!...

הערט נאַטשע אַזוי איר מומע, שפּאַרט זי אָן די עלענבויגנס אויף די קני, דאָס קעפּל—אויף די הענט און חזרט איך איבער:

—„באָזשע טי מוי... באָזשע טי מוי...״

---

# דריטצנטע קאַפּיטל.

אין וואַרשע איז נישטאָ קיין ברויט! ווייס ברויט און זעמל

זענען גאָרנישט בנמצא. נאָך מער: מ׳טאָר עס פאַר ד׳אויגן נישט ווייזן, אויב ס׳האָט עס ווער יאָ. מ׳שמיסט, אַז די דייטשן נעמען אַלץ צו, פירן אַרויס צו זיך, אין זייער לאַנד אַריין... אויף די גאַסן שטייען קופקעלאַך מענטשן. מ׳רעדט, מען מאַכט מיט די הענט, נאָר אַז עס באַווייזט זיך אין דער נאָנט אַ שפּיץ, ווערט מען פאַרפאַלן, ווי אין דער ערד אַריין...

דאָס שטיבל אויפן שמאָלן געסל איז פאַרשלאָסן. קיינער איז איצט דערין נישטאָ. אַלע דריי שפּאַצירן אין גאַס, דרייען זיך, קוקן אַהין, אַהער, טרעפן זיך אין פנים, מיידן זיך אויס און טרעפן זיך ווידער.

—ס׳איז קאַ׳ הינט צומאָל נישטאָ.—זאָגט סטעפקע.

—ווען ליגט „דאָס" איצט גאָר אין זינען.—מאַכט סטאַשע אַ פילאָזאָפישע באַמערקונג.

—מ׳דאַרף אָבער קויפן ברויט,—זאָגט נאַטשע.

קומען זיי צו צו אַ געוועלבל, גייען אַריין און הייסן זיך געבן ברויט.

—נישטאָ, נישטאָ קאַ׳ ברויט.—מורמלט דער קרעמער.

—וואָס הייסט—נישטאָ?

—נישטאָ—איז נישטאָ. אַ באַפעל אַזעלכער איז דאָ, וואו מ׳עט זען ברויט, וועט מען עס צונעמען און נאָך באַשטראָפן... נו,—מאַכט דער קרעמער,—גלוסט זיך נישט צו האָבן מיט זיי צו טון...

גייען זיי אַריין אין אַ צווייט געוועלבל, אין אַ דריטס,—אומעטום דער אייגענער ענטפער. נאָר אַז זיי האָבן געצאָלט, וויפיל דער קרעמער האָט געפאָדערט, האָבן זיי סוף כל סוף באַקומען ברויט. אָבער לויט דער טייערקייט, האָבן זיי געמעגט נאָר בלויז קוקן דערויף, נישט עסן...

ביים אַוועקגיין האָט זיי דער קרעמער געטרייסט:

ס׳עט זיין ברויט, ס׳עט זיין. מ׳עט טיילן אויף באָנעס.

—וואָס איז דאָס פאַר אַ נייס ווידער?...

און גאַנץ וואַרשע,—ס׳פאַרשטייט זיך נישט די אויבערשטע טייל פון שטאָט, נאָר די אונטערשטע,—האָט גערעדט, געהיצט זיך

און געשריען. אין פיל הייזער—צומיינסט אין די טונקל גע-פאַרבטע, אָדער איינגאַנצן הילצערנע און אין קעלערס צווישן שוואַרץ-פאַרקראָכענע ווענט—זענען געלעגן קינדער מיט פאַר-טריקנטע מיילער; מיט צינגלאַך, ווי שטיקלאַך לעדער; און זיי האָבן געריסן פון די מאַמעס:

—ברויט, מאַמע, אַ שטיקל ברויט!

און די מאַמעס, אַ קלאָג איז צו זיי, ס׳אַרן זיי שוין גאָר-נישט זייערע אייגענע פאַרטריקנטע מיילער און ברוסטן, אַבי זיי זאָלן נאָר פאַר דעם יינגסטן כאָטש אַרויסבאַקומען אַ לעק מילך, כאָטש די ליפלאַך אויפצופרישן, נאָר קוועטש, צי,—אויסגע-טריקנט...

אין טייל ווידער קליינע, טונקאַלע צימערלאַך קומען זיך צונויף יינגע מענטשן און מ׳רעדט עפּעס סודותדיקס... ס׳קומען בליצן אַרויס פון די שוואַרצאַפּלען און מ׳שפּירט, אַז ס׳ווערט עפּעס נישט היימלאַך... גאָט ווייס, וואָס דאָ וועט זיך טון... וואָרן אַלץ, אי די גאַסן, אי די שטיבן זענען פאַרהילט עפּעס אין אַ חושכדיקן שלייער, וואָס האָט זיך געלייגט איבער דער שטאָט, פּונקט ווי אַ שווערע חושכדיקע מאַסע.

איבער די הייף און גאַסן פון די אָרעמע קוואַרטלען איז אַרומגעפלויגן אַ שרעקלאַכער גייסט—איין זיפץ.

און אין די ברייטע, מיט האָלץ געפּלאַסטערטע גאַסן, שטויסן זיך מענגעס-מענגעס שפּאַצירנדיקע. ס׳איילן אויטאָמאָבילן, ס׳רוישט און עס זשומט דער טראַמווייען-געקלאַנג אָן אויפהער, אויסמישנדיק זיך מיט די קולות פון מענטשן-טומל.

און פון ערגעץ אַ פּאַלאַץ, וועלכן די דייטשן האָבן פאַר-נומען אויף אַ רעגירונגס-אָרט, טראָגן זיך פריידיקע קולות פון יינגע, געזונטע ברוסטן אַרויס. און פאַרנאַכט-צו, אַז די זון נעמט זיך טיקן און לאָזט זיך אַראָפּ אויף מערב, ווי אַ גרויס קיילעכ-דיק רויט איי, איבער וועלכן די נאַכט וועט זיך באַלד זעצן ווי אַ הין מיט אירע שוואַרצע פליגל, הייבט דורך די פענצטער פון דעם פּאַלאַץ אָן צו פאַרטויבן די גאַס די מוזיק פון די „זיגערס״. קלינגען אָפּ די שטאָלצע קולות: „דער רהיין, דער



ווען די ייִנגען דערזעען די דריי געשניצטע פֿיגורען.

רהיין״... וועלכע רייסן זיך פון דאָרט אַרויס און צופּ׳יען זיך ווייט און ברייט אַרום און אַרום...

אזן נישט נאָר צענדליקער און נישט נאָר הונדערטער שטעלן זיך אָפּ און נייגן צו די אויערן צו דער „מוזיק״. און אַז זי ענדיקט זיך, די לעצטע קלאַנגען מיט דער זון פאַרגייען און פאַרזונקען, לאָזן זיך ערשט דעמאָלט די פּאָרלאַך אַוועק אין דער ברייטער אַלעע און אין די גערטנער אַריין.

# פערצנטע קאַפּיטל.

פאַרנאַכט. אויף די וועגן זיצן שוין די פאַרשוינען, ס׳איז וואַרעם—איז די פלאַנדעקע אַרומגעוויקלט אַרום דעם דראָנג, וועלכער ציט זיך איבער דער לענג פון די וואָגנס, אין דער הויך, איבער די רייפן, וועלכע בילדן דעם דאַך. נעמט מען דע-מאָלט, נישט געאיילט, די לייצעס אין די הענט; אַ צי רעכטס, אַ צי לינקס; אַ געשריי: האַ-טאָ, וויאָ-אָ!״ און מען לאָזט זיך פאָרן איבער די גאַסן פון וואַרשע, צום ברייטן וועג צו, צום טראַקט, וואָס פירט צריק אין שטעטל אַריין.

מענדל—אָנגעטון אין די געפּאַסטע שטיוועלאַך, געוועגטענע מאַרינאַרקע און אין היטל מיטן גלאַנציקן דאַשעק, גייט נעבן די פערד און קוקט בעת מעשה אין די זייטן—טאָמער שפּרינגט אונ-טער אַ גנב...

נעבן פאַנטלס פור גייט אויף פייפקע, דער מיט דער גזשיוועקע ביז אין טיפן שטערן, אַזש ביז צו די אויגן... ער גלייכט זיך אויס מיט מענדלען און זיי גייעןביידע אין איין טריט און שמיסן און קלינגען מיט די קעשענעס געלט.

נעבן דער לאַמטער שטייען די דריי שיקסעס און וואַרפן מיט די אויגן. באַ סטאַשקען זענען די זאַקן שוין גוט צוריסן, זי קאָן זיי שוין גאָרנישט צורעכט מאַכן... און אַ פּאָר נייע

מײטקעס װאָלט זי געדאַרפט מיטן לעבן...

װען די ײנגען דערזעען די דרײ געשניצטע פיגורן אױפן פּאָן פון דער האַלבער פינצטערקײט, גיבן זײ זיך אַ ציפּ אײ־נער דעם אַנדערן פאַר די אַרבל און פײפקע שפּרינגט־צו און טוט זײ אַ פרעג:

—פּאַניטשקאַ... פּאַניטשקאַ יִלע כּצע?...—און װינקט דער־בײ ממוריש מיט אַן אױג.

מענדל, װאָס איז בטבע אַ ביסל צריקהאַלטעװדיק פון פרעמדע, נאָר פונדעסטװעגן נישט צו װײזן חלילה פאַר פײפקען, אַז ער איז אַ „פרײער״, װאַרפט ער אױך אַרײן:

—נו?... יִדזשעם?...

נאַטשע לאַכט, קװעלט. בײגט זיך אַזש פון צופרידנקײט. אַ „זאַבאַװע״! נאָר די עלטערע, די פּראַקטישע, זענען זיך פריער משוה, און אַז זײ װילן שױן גײן, באַצט פײפקע אַרױס:

—כּאָ, כאָ, כּאָ! אונזערע פורן זענען דאָך שױן דאָרט! כּאָ, כּאָ, כּאָ!

און אַז די שיקסעס זענען װי פאַרבליפּט פון אַזאַ מעשה, און ס׳איז זײ טאַקי אַ שאָד, אַ גאַר גרױסער שאָד דאָס פאַר־דינסט—פּאָרט מענדל אַרױס מיטן לשון:

—קומטס דאָרטן מיט, אױף די פור, נישקשה...

און בײדע ײנגען צעלאַכן זיך און פײפקע פּינטלט מיט ד׳אױגן און הײבט דעם רעכטן פוס, װי אײנער, װאָס גײט צום טאַנץ.

די פורן זענען שױן דערװײל אָפּגעפאָרן אַ שפּאָר שטיקל װעג און האָבן זיך גענומען צו פאַרקערעװען אין אַ זײטיק געסל אַרײן. דערזעען עס די ײנגען, דערצײלן זײ די שיקסעס, אַז זײ פירן „שמוגל״ קאַ׳ װאַרשע און אַז זײ קומען צו פאָרן דרײ מאָל אין דער װאָך, אין זאַיאַזד אַרײן, יעדעס מאָל, װען ס׳טאָגט ערשט.

יענעם אָװנט זענען די שיקסעס מער אין גאַס נישט גע־שטאַנען. זײ האָבן זיך אױפגעלאָזט די קלײדלאַך, צעפלאָכטן די

האָר, און זעצנדיק זיך אויף סטאַשקעס בעַט, האָבן זיי אַ סך גערעדט צווישן זיך.

סטאַשקע איז עפּעס גאָר פאַרענדערט געוואָרן. זי זיצט צווישן ביידע חברטאָרינס און קייגן איר געוואוינהייט, הערט זי זיך היינט איין אין זייער רעדן און אַליין וואַרפט זי נישט אַריין קיין איין וואָרט. זי שטעלט זיך אויף, גייט איבער דער שטוב אַ פּאָר מאָל אַהער—אַהין, און רויכערט דעם פּאַפּיראָס. מיטאַמאָל בלייבט זי שטיין, הייבט הויך אויף דעם קאָפּ און ד׳אויגן ווערן איר מיט אַ פרייד אַרומגענעמען, וואַרפט זי אַוועק דעם נישט דעררויכערטן פּאַפּיראָס און אונטערהייבנדיק דאָס קליידל, טוט זי זיך, הינטן אַרום, אַ צי-אַרויף אויפן טישל און בלייבט דאָרט אַזוי זיצן.

—מיידלאַך!—רופט זי אויס,—כ׳האָב אַ פּלאַן. אַ גוטן געדאַנק. צו הונדערט טייוולאָנים!

—דערמאָן נישט דעם טייוולס נאָמען,—זאָגט סטעפקע מיט אַ געלעכטער. נאָר נאַטשע צלמט זיך איבער.

—שוועסטערלאַך,—הייבט יענע אָן מיט אַ טרויעריק קול,—וואָס ווערט מען זיך מאָרדעווען דאָ אין וואַרשע? ס׳אי׳ דען ניש׳ קאַ׳ ווינדער, וואָס מ׳האַלט זיך נאָך?... און ס׳ווערט דען ניש׳ מיאוס?...

זי פאַרטראַכט זיך אַ מינוט, וואַרפט מיט די פיס אַרויף און אַראָפּ, פירט מיט די פיס איבער די דין געשטריקטע זאָקן, וואָס דורך די אייגלאַך זעט זיך אַרויס די פיס, פּונקט ווי דורך אַ זיפּ. באַלד אָבער טוט זי זיך אַ פּאַטש איבער דער קני און מיט דעם אייגענעם קול, וואָס גאָר צום ערשטן:

—ווי גאָט איז מיר ליב! לאָ׳ מען זיך נעמן צו שמוגלען. אַלע קאָנען פאַרדינען—וועלן מיר אויך פאַרדינען. נו, וואָס זאָגט עך?

די צוויי חברטאָרינס האָבן זיך פאַרקלערט. סטעפקען, וואָס איז כמעט אויפגעצויגן געוואָרן צווישן דעם, וואָס איז ביז היינט איר פּרנסה, האָט זיך אויסגעוויזן, ווי אַן עבירה—אַלץ איצט צוועקצעוואַרפן און נעמען זיך צו שמוגלען גאָר, האַנדלען...

באַ נאַטשען אָבער האָבן אויפגעלויכטן די צוויי בלויע אויגן, ווי צוויי קיילעכדיקע פינקלענדיקע הימלען. די צוויי ליפּלאַך האָבן זיך איר צעבליט אין זייער אייגענער, נישט געשמירטער פאַרב. אין דער פאַנטאַזיע האָבן זיך איר גענעמען אויסמאָלן פעלדער, וואָס ווינקען מיט אַזויפיל בלומען זומערצייט. עפּעס האָט איר אָנגעהויבן ציען. זי האָט זיך דערמאָנט, ווי זי איז אַמאָל קליינערהייט געווען אין אַ דאָרף, באַ דער מוטערס אַ „קומע“- ווי זי איז דעמאָלט אַרומגעלאָפן איבער די לאָנקעס אַרום דאָרף; ווי זי האָט געזוכט נעסטן פון פייגעלאַך אויף די צווייגן פון די ביימער. אַזוי האָט אַלסדינג אויפגעלעבט און זיך אָפּגעשפּיגלט אין איר זכרון, און איבער אַלעם—אַ ניי לעבן, אינגאַנצן ניי... כאָטש עס פעלט איר דאָ אויך ניש׳... „דזיענקי באָגו זאַ טאָ“... און זי רופט אויס:

—יאָ, שוועסטערל, דו זאָגסט גוט. איי, וועל׳ מיר עס לעבן! מ׳עט פאָרן אויף אַ פור, איבערן וועג ׳על׳ מיר זינגען... אַ ניש׳, סטעפּטשוניאַ, מיר׳ן פאָרן?

און סטעפּקאַ זעט אויך ענדלאַך איין די זאַך פּאַר גאַנץ גלייך... „וואָס שטעלט מע׳ דאָ דען איין?...“ און „ס׳קאָן זיך נאָך טרעפן אַ מאַן אויך... אַלץ איז מעגלאַך...“ נעמט מע׳ זיך אַרום אַלע דריי און מ׳קושט זיך. דערנאָך טוט מען זיך אויס און מ׳לייגט זיך שלאָפן—ווער ווייס פון ווי לאַנג שוין אַזוי באַרוט־אַליין...

אין נאַטשע נאָר וואַרפט זיך פון איין זייט אויף דער אַנדערער און קאָן לאַנג-לאַנג נישט איינשלאָפן. גייט זי שטיל אַראָפּ פון בעט, צינדט אָן דאָס לעמפּל און קוקט אין די בעטן אַריין. וועקט זיך סטעפּקע איבער, פאַרווינדערט זיך, וואָס נאַטשע דרייט זיך אַרום אַ נאַקעטע. קריכט דאָס מיידל אַריין צו איר אין בעט, דריקט פעסט איר לייב צו יענערס און קושט זי הייס אין די ברוסטן.

רעדן זיי אַ מינוט צווישן זיך און נאַטשען דאַכט זיך אויס, אַז זי איז אַ נייע געוואָרן.

—וואָס איז עס דאָס מיט מיר?—פרעגט זי אַליין באַ דער

מומען. יענער אָבער שלעפּערט זיך שוין ווידער, בייזערט זי זיך אָן:

—שלאָף שוין, שלאָף שוין, שיקסלו!

פאַרשעמט זיך דאָס מיידל און לייגנדיק זיך אויף די פּליי־צעס קוקט זי אַרויס אויפן הויף און זעט די וואַנט פון קייגנ־איבער, וואָס איז איינגעטונקט אין לבנה-ליכט. פאַרטראַכט זי זיך איבערן היינטיקן טאָג און ס׳קומען איר אָן פאַר די אויגן די צוויי יינגלאַך, וועלכע זי האָט פאַרנאַכט געזען, און זי קלערט, ווי אַזוי זיי וועלן מיט זיי רעדן.

ווען די געדאַנקען האָבן זיך שוין באַ איר אָנגעהויבן צו מאָנטשען אין קאָפּ, דערהערט זי אַ שאָרכן אויף יענער זייט טיר. זעצט זי זיך אויף שטיל, נישט איבערצעוועקן די מומע, און האָרכט זיך איין.

עמיצער טאַפּט אָן די קלאַמקע פון דער טיר, פון דער צווייטער זייט, אין הויז, און דריקט זי אַראָפּ. טוט עס אַ סקריי־פּיע און די אַנדערע צוויי וועקן זיך אויף פון שלאָף, זעצן זיך אויף אין די בעטן און פרעגן:

—קטאָ טאַם?

—צו די פּאַניענקעס...—הערט זיך אַ שכורלאַך קול, וואָס קומט צו זייערע אויערן הייזעריק און צעבראָכן.

ציגדט מען ווידער אָן דאָס לעמפּל און די חברטאָרינס קוקן זיך איבער מיט פרעגנדיקע מינעס.

—איך וויל ניש׳...—רעדט די ערשטע אַרויס נאַטשע, ווי זי וואָלט זיך געפּיעשצעט.

—אי׳ך אויך ניש׳...—זאָגט סטעפקע, דערמאַנענדיק זיך אָן סטאַשקעס צעריסענע זאָקן.

און סטאַשע האָט געעפנט די טיר.

# פיפצנטע קאַפּיטל.

פייפקען איז עס גוט געגאַנגען אין שמוגלען. צייט ער איז געוואָרן מחותן מיט דער מאַטעָיעכע, האָט מען אים נאָך קיין איין מאָל נישט צוגענעמען און מ׳האָט אים שוין געשאַצט אין די שיינע הונדערטער. האָט ער זיך באַשטעלט אויף שבועות אַן אַנ־צוג און טאַקי באַ אהרלע קוואָרטירמייסטער, איטשעלעס פאָטער.

ער האָט זיך דאָרטן אויסגערעדט, אַז באַ די הויזן זאָל מען אים מאַכן ברייטע קלאָשן און באַ די מאַנקעטן פון די הויזן, טאָפּלטע קנעפּלאַך. ער אַליין איז אויך געווען פאַר דער מלחמה אַ שניידער, גענעמען שוין אין וואַרשע פיר רובל ד׳וואָך. און די מאַרינאַרקע האָט ער געהייסן מאַכן מיט קעשענעס, ווי באַ די דייטשן, אָנגעשטעפּט פון אויבן.

הייבט ער זיך נאָר אויף פון שלאָף, איז תיכף ומיד אַרי־בער צו אהרעלען.

—נו, ווי האַלט איר מיט מיין אובראַניע?—פרעגט ער.

—נאָך איין מאָל צו מעסטן.—ענטפערט איטשעל פאַרן פאָ־טערס וועגן.

גיט פייפקע אַ קריך אַרויס פון די שמוגלערישע ליינענע הויזן און אַ מעסט אָן דעם גאַנצן אַנצוג.

—זע נאָר, ז׳אַכט זיך, דאָ ליגט נישט.—זאָגט ער צו אי־טשעלען אַריינקוקנדיק אין שפּיגל. אין זיך—האָט ער הנאה: „ס׳זעט גאַנץ גוט אויס.“

—אַי, ס׳אי׳ גאָרניש׳, ס׳אי׳ גאָרניש׳,—קומט צו אהרעלע אַליין, ציט און גלעט אים די אַקלען.

דערנאָך גייט מען אין גאַס אַריין. דאָרט טרעפט מען בערטשען, דעם קיסרס מענטש, מיטן ווייסן מוליע און אברמטשע ווערלוועלס, וואָס אַלע מיידן און שיקסעס ווערן פאַר אים די צענטע כפרה. און אַז אַלע טרעפן זיך, זוכט מען אויך אויף

מענדלען און מ׳גייט צו עליע שענקער און מ׳נעמט צו טרינקען „סקאָלקאָ אוגאָדנאָ״.

—עך, גוטע ברידער,—עפנט דאָס דריטע גלאָז מענדלס מויל,—זאָלט׳ץ געווען אָנקוקן דריי שיקסלאַך—סמעטענע!...—און טוט אַ צמאָקע צו מיט די ליפּן אויף צוויי פינגער.

—וועלכע שיקסעס מיינסטו דאָס?—לאַכט פון אים בער־טשע, מיינענדיק, אַז מענדל איז שכּור.

—פייוול, דערציייל אים פון וועלכע שיקסלאַך... אַ פייער זוכט אים...

נעמט זיי פייוול דערציילן די נעכטיקע געשיכטע, ווי אַזוי זיי האָבן געטראָפן די דריי שיקסלאַך און ווי זיי האָבן גערעדט מיט זיי.

האָרכן די יינגען מיט גרויס געשפּאַנטקייט און באַ בערטשן, וואָס האַלט שטענדיק אָפן דאָס מויל, רינט דער גאַווער אַרויס.

—הערט׳ץ, אַ פייער זוכט ענק...—ענדיקט פייוול צו דער־ציילן.

אברמטשע וועלוועלס הייבט מיט די ברעמען און ער גיסט אַריין איינס און נאָך איינס.

—וואָלטן זיי נאָר דאָ געווען,—זאָגט ער—איז עס אַן עסק...

—אויסגעשלאָסן!—כאַפּט זיך אַרויס איטשל.

וויל זיך דאָך אברמטשע נעמן צו אים. וואָס הייסט עס עפּעס? באַ אים איז נישט קאַ׳ אויסגעלאָסן!... ווייס ער דען נישט, דער שניידעריק, ווער אברמטשע וועלוועלס איז?... נעמן זיך אָבער אַלע אָן פאַר איטשלען: ס׳אי׳ דעך איטשל! אי׳ דען דאָ גאָר איין בוך און איטשל זאָל עס נישט האָבן נאָך גע־ליינט? היינס זיין „דיקלימירן״... נאָר אברמטשע, וועלכער האָט שוין מער אין קאָפּ, ווי אַן אַנדערער אין פלעשל, שטעלט זיך האַרדע קייגן אַלעמען. און ווער ווייס, וואָס דערפון וואָלט אַרויסגעקומען, ווען די זאַך ווערט דאָ נישט אומגעריכט אַ ביסל אַנדערש. וואָרן אינמיטן, ווען אברמטשע כאַפּט אַזוי אָן אַ פלעשל ביים העלזל און, שאָקלענדיק זיך, נעמט ער זיך רוקן צו איטשלען, טוט זיך אַן עפן די טיר און דער בלינדער גרונם

שטעקט אַריין דעם קאָפּ. מיט איין טריט איז ער נעבן פּייוולען און, אָנכאַפּנדיק אים באַם קאָלנער, טרייסלט ער אים, ווי אַ לולב.

—הער, ברודער, די לעבּער על׳עך דיר צוהאַקן! כ׳על דיר די קישקעס אַרויסטרענען! אַ ברענונג אין דיינע געדערים אַריין!

בלייבן אַלע אַ מינוט, ווי צומישטע. זיי דערכאַפּן זיך אָבער באַלד און נעמן קודם אַרויסרייסן פּייוולען פון גרונמס „לאַפּע״.

„ער קאָן דאָך פון אייזן אויך מאַכן אַ תּל!״

און דער ווייסער מוליע, ווענען דאָס גאַנצע שטעטל רופט: דער שטאַרקער! רופט זיך אָן גאַנץ פאַמעלאַך:

—וואָס אי׳ דעס עפּעס דער מער מיט דיר, גרונם! האַ?

—און וואָס אי׳ דעס דיין פראַנצעוואַטע עסק?—ענטפערט אים אָפּ גרונם און דאָס בלינדע אייגל נעמט אים ציטערן און ס׳גלאַנצט אַ נאַסע רויטקייט פון הינטערן לעדענדל אַפּער.

—גיי שוין, גרונם, וואָס איז עס פאַר אַ לשון?—מישט זיך אַריין מענדל און גיסט אים אָן אַ גלאָז ביר.

נעמט גרונם, זעצט זיך און גיסט אַריין דאָס גלאָז ביר. גיסטן מענדל אָן נאָך איינס—גיסט ער עס ווידער אַריין. אַ דריטס אַזוי און אַ פערטס.

נאָר דער ווייסער קאָפּ שטייט, קוקט דאָס צו און די נאָז ווערט אים אויך ווייס פאַר כעס. און די אייגעלאַך פאַרציען זיך אים, ווי זיי וואָלטן פאַרגאָסן געוואָרן מיט פעטס.

—וואָס ווילסטו, ברודער?—רעדט ענדלאַך דער בעל דבר אַליין;—און ער איז ווייס, ווי אַ קרייד.

„גרונם איז נישט קאַ׳ יינגעלע״.

נאָר אַז ער זעט, יענער גיסט אַריין און די שוים פון ביר רינט אים איבערן מויל און די הויט ציטערט אויף אים פון װער נאַסער קאַלטקייט, באַקומט ער מוט:

„נישקשה, איך, פּייפּקע, ׳על אויך ניש׳ אָפּשטיין!״

און ווידער צו גרונמן:

—וואָס האָסטו דעך אַזוי צעראָצט אויף מיר?...

גרונם, וואָס האָט אָנגעגאָסן אין זיך ביר, האָט זיך דער־ווייל אָפּגעקילט און ער רופט זיך אָן גאַנץ געלאַסן:

—ס'זאָל דיר אַ רוח אין דיין מאַמען אַריין! און ווען 'עסטו שוין שרייבן תנאים?...

דערהערט גאָר אינמיטן אַזעלכע דבורים, פּלאַצט חברה אויס אין אַ געלעכטער, און זיי פאַרוואַרפן זיך שוין זייערע פּעטשלאַך און פּייוול קוועטשט מיט די אויגן:

—קאָנסט דאָך, ברודער, דאָס לידל: „צוויי דליתים גייען טאַנצן אָן אַ פּעני, אָן אַ סענט"... פאַרשטייסטו שוין?

—זאָלסט מיר ווערן פאַרברענט!—לאַכט שוין דער בלינ־דער גרונם, און זיין מויל מיט די איבערגעליאַמעוועטע ליפּן קרומט זיך מוראדיק אויס באַם לאַכן.—לאָזט וויסן, אַז רייטשל גרייט זיך שוין צו: אַ שטיקל דזשערדעווער (זשיראַרדאָווער) לייוונט האָט זי זיך געקויפט...—און ער פאַרוואַרפט די האַנט אַרום פּייוולס האַלז און קוקט אים אַריין טיף אין די אויגן אַריין.

—וואָס קוקסטו מיך אַזוי אָן? קאָנסט מיך ניש'?—אַזוי פרעגט פּייוול, ווען ס'ווערט קאַלט פון גרונמס בליק.

—פאַרוואָס רעדסטו גאָרניש' מיט רייטשלען איבערן וועג? האַ?—קומט יענער ווידער אַריין אין כּעס.

—ווער? ווער זאָגט דען?

—ס'הייסט, מיין שוועסטער אַליין זאָגט.

—נו, לאָ'מען גיין צו איר פרעגן.

—לאָ'מען גיין.

זיי שטעלן זיך אויף און גייען אַרויס מיט די הענט פאַר־וואָרפן אַרום די אַקסלען. זיי קוקן זיך גאָרנישט אום אויף די קאָלעגעס, וועלכע בלייבן זיצן, ווי אָפּגעפּאַטשטע.

—רייטשל אי' נישטאָ?—פרעגט גרונם אַריינשטעקנדיק דעם קאָפּ צו קאָפּלען אין שטוב אַריין.

—ז'איז ערשט אַרויפגעגאַנגען זיך אָנטון.—שרייט צו זיי קאָפּלס ווייב.

זיי שפּריזן געשווינד איבער די שטיגן, עפענען די טיר

און פאַר איבעראַשונג גליטשט זיך פּייוולס האַנט פון גרונמס אַקסל אַראָפּ און ער בלייבט שטיין, ווי אַ געטראָפענער. אין גרונמן הייבט זיך האסטיק אונטער דאָס לעדענדיל פון בלינדן אויג, און ס׳באַוויייזט זיך אַ מוראַדיקער גלאַנציק-רויטער אָפּגרונט אָפּער.

רייטשל אַ נאַקעטע, שטייט אויסגעדרייט פון זיי און וויקלט זיך אַרום מיט שטיקער פלייש, פון וואָס ס׳רינט נאָך דאָס בלוט. זי וויקלט אַרום די ברוסטן, אַרום בויך און אַרום די פיס, די פּלאַטשיקע שטיקער קיל-נאַסע פלייש קלעבן זיך אָן צו איר וואַרעמער הויט און תוך כדי דבור נעמט גיין פון זיי אַ פּאַרע. זי וויקלט און זי בינדט נאָך אַרום יעדעס שטיק באַזונדער מיט שטריקלאַך און באַהעפט זיי דערנאָך מיט אַ שטריק איבער די אַקסלען און פאַרפעסטיקט זיי איינס צום אַנדערן.

עפּעס שרעקלאַך האָט עס אויסגעזעען:

אַ נאַקעטער מענטש, אַרומגעוויקלט מיט געשניטענע פּאַסן רוי פלייש, האָט עס אויסגעזען, ווי מ׳וואָלט אַ לעבעדיקן מענטש די הויט אָפּגעשונדן.

פּייוול האָט קיינג ווילן אַ ציטער געטון, אָבער איז גאָר אויפגעלויכטן און געוואָרן פול מיט באַוואונדערונג פאַר איר.

—רייטשע!—שרייט גרונם אויס און צו פּייפּקען:—זעסט, ווי אַ פאַרדינערין זי איז. אַ ברעכעניש אין דיר אַריין!

פאַרשעמט זיך רייטשע פאַר דעם, וואָס וועט זיין איר חתן, כאַפּט זי אַ מלבוש און דעקט זיך איבער.

—רייטשע,—רעדט ווידער גרונם.—פּייפּקע רעדט עפּעס מיט דיר איבערן וועג?

—וואָס ווילסטו פון מיר?—זאָגט זי, גאָר אַלץ פאַרשעמט.

—ני, ני,—וויל שוין גרונם אַליין אויך אָפּלאָזן, זעענדיק זייערביידעס פאַרלעגנהייט,—פּירסטו שוין ניש׳ קאַ׳ מעל?

—יאָ, מעל פיר איך באַזונדער. אָבער פלייש גיט אַ גרויסן ריוח.

קריגט פּייוול רעספּעקט פאַר די רייטשע און זי קומט אים פאָר, ווי עפּעס אַן אַנדערע פון אים, ווי גאָר אַ העכערע.

„ווערמען ׳עט עס דען איינפאַלן צו זוכן אויפן מענטש?...״

—הערסט, גרונם,—רופט ער אויס אַנטציקט,—ראש חודש שרייבן מיר תּנאים!

קומט גרונם אַריין אין אַ באַגייסטערונג, נעמט אים ציקן דאָס אויגנלעדנדל און ער כאַפּט זיך אַרום קושן מיט פּייפקען.

—אַ בראָך איז צו דיר! זעסטו שוין, וואָס רייטשע קאָן? נו, קום דו אַהער, רייטשע, נו שוין! עץ זענט דעך שוין חתן-כלה!

און ער שלעפּט צו די שוועסטער און שטופּט זי צו צו פּייוולען אין די הענט אַריין. דער שאַרפער ריח פון רויען פליייש קומט אים דעמאָלט אין דער נאָז אַריין און ס׳ווערט אים שיער נישט גוט. אין דער מינוט האָט ער שוין חרטה, וואָס ער האָט זיך אַרויסגעכאַפּט פריער מיט אַזעלכע ווערטער... און אַז גרונם לאַכט מיט זיין שרעקלאַך געלעכטער און וויל זיי גוט צו-דריקן איינס צו ס׳אַגדערע, דערשפּירט ער זיך ענג, און ס׳נעמט אים איבלען צו ברעכן... זוכט ער עפּעס אַן אויסוועג, אַ תּירוץ, קלערט ער און שרייט מיטאַמאָל אויס:

—הערט עץ, איך ׳על גאָר מאַכן נאָך אַ „יאַזדע״ ביז שבת!

און ער רייסט זיך אויס פון איר אומאַרמונג און אַנטלויפט, ווי פון אַ פּעסט...

---

# זעכצנטע קאַפּיטל.

ווען פּאַנטלס פור איז נאָר אַריינגעפאָרן אין „זאַיאַזד״ אַריין, זענען באַלד צוגעקומען דריי שיקסעס און זיך געפרעגט אויף די צוויי יינגען אין די „מאַטשעיוווקעס״ און מיט די „גע-באַלדעס״.

מענדל, וואָס האָט גרייט געמאַכט זיינע פּעק צום אַראָפּ-נעמען, האָט זיי גלייך דערקענט און איז אַראָפּגעשפּרונגען פון

דער פור. נאָך אַ נאַכט נישט שלאָפן האָט ער אויסגעזעען פיל עלטער, ווי ער איז אין דער אמתן געווען. דאָס פנים ברודיק, די האָר צעטשאַכמערט און מיט שטרוי. אין זייערע אויגן אָבער איז איצט קאַ׳ שענערער פאַר אים נישט געווען...

—ווען פאָרט דער פאַן פון דאַנען אַרויס?—פרעגטן באַלד סטאַשע, ווען די קאָלעזשאַנקעס האָבן איבערגעגעבן אָנצופירן מיט דער גאַנצער זאַך.

—פיניווע, זעקסע,—ענטפערט מענדל. איצט, אין שיין פון טאָג, זעט ער ערשט דאָס קיילעכדיקע פנימל פון דער יינגסטער שיקסע, מיט די צוויי פולע ליפלאַך. דער פאַרפום־ריח, וואָס שלאָגט פון אַלע דריי—באַרוישטן אינגאַנצן, און ער נעמט מיט־אַמאָל דערשפירן די מידקייט זיינע. אַ „מיליאָן״ וואָלט ער איצט געגעב׳ן, ר׳זאָל שוין ליגן אין אַ בעט...

—וויפיל קאָסט דאָס איבערפירן פון אַ פאַרשוין?—פרעגט ווידער די שיקסע.

—וואָס, איר ווילט מיטפאָרן מיט דער פור?—ווינדערט זיך מענדל און ער שפירט זיך שוין צריק וואַך, ווי ס׳וואָלטן גאָר קיינמאָל נישט געווען געשלעפערט אפילו.

—יאָ, מיר ווילן זיך נעמען פאַרן שמוגל...

—אַזוי?—ווערט מענדל פון זיי אַנטציקט,—טאָ זאָל אייך זיין נאַ „שטשענשטשע! „איר זאָלט ניש׳ האָבן קאַ׳ מייזלאַך אין בוזים״.—זאָגט ער נאָך איטשעלעס אַ וואָרט, און זיי ענטפערן צריק אָפּ מיט אַ געלעכטער.

דערווייל זענען שוין אַלע פאַרשוינען אַראָפּ, און צוגענעמען זיך דאָס זייעריקע. שרייט פאַנטל צום זון:

—וואָס ׳אָסטע דעך דאָרט אַנידערגעשטעלט? שפאַן אויס די פערד.

גייט מענדל צו די פערד און ווייזט אָן דעם פאָטער אויף יענע דריי שיקסלאַך.

—זעסט, טאַטע,—זאָגט ער,—זיי ווילן מיטפאָרן מיט די פורן.

—צו ווענענע׳ פאָרן זיי דעס?—פרעגט פאַנטל.

—צו קיינעם ניש׳. זיי ווילן שמוגלען.

—שמוגלען?...

און פּאַנטל גיט זיך פלוצלינג אַ כאַפּ און גייט צו צו זיי.

—וואו ווילט עץ פאָרן?—פרעגט ער, און קוקנדיק אויף די יינגסטע פון זיי, טראַכט ער זיך: „אַזאַ איינע, פּאַנטל, זאָל מיט דיר ווערן אַזוי, וואָלסטו נישט באַדאַרפט מורא האָבן אפילו צוויי גאַנצע זעק צו פירן״...

—מיר ווילן מיטפאָרן מיט דיר. ׳עסט אונז מיטנעמען?

—פאַרוואָס ניש׳? אַז מ׳באַצאָלט—

—און וויפיל נעמסטו?

—צו דריי רובל פון אַ פּאַרשוין.

—צץ—צץ. הייסט עס, ניין רובל פון אונז דריי, האַ...

—ניין רובל.—צופּט זי נאַטשע באַם אַרבל.

—צץ—צץ—צץ.—מאַכט אויך סטעפקע.

—איר ווילט שמוגלען?—פרעגט פּאַנטל.

—זאָל נאָר דער פּאַן הערן.—הייבט אָן סטאַשע—מיר ווילן שמוגלען, אָבער מיר ווייסן ניש׳ וואָס, און ווי אַזוי. מיר זעען, דו ביזט אַ „זשעטעלנער״. ווי דו וועסט אונז זאָגן, אַזוי ׳עלן מיר טון.

איז איצט געקומען מיין צייט... קלערט איבער פּאַנטל.

—נו, ווי קלערט דער פּאַן?—פרעגט איבער סטאַשע, דערזעענדיק, ווי ער קווענקלט זיך עפּעס, און אין אירע אויגן באַווייזט זיך איר אומרויִקייט.

—הערטס,—נעמט פּאַנטל זיי ענטפערן, ווערט אָבער שטיל און נעמט זיך קראַצן די באָרד. באַלד אָבער באַשליסט ער: אָפּן אַרויס מיטן לשון.—הערטס אויס, וואָס כ׳על ענק זאָגן. אַלץ קאָן זיין גוט. זייער גוט. אָבער צום ערשטן: האָט עץ געלט? אַ סך?—און אַז זיי שאָקלען מיט די קעפּ אויף ניין, זאָגט ער ווייטער—זעט עץ! און אויפן וועג נעמט מע׳ צו... טויג ניש׳, נאָר אין ווייס, ווי אַזוי מ׳קאָן זיך אויסהיטן, מ׳זאָל נישט צונעמען... פאַרשטייט עץ?

—מיר פאַרשטייען, מיר פאַרשטייען.—ענטפערן זיי, כאָטש

זיי הייבן נישט אָן צו פאַרשטיין, וואָס ער מיינט.

דערווייל קומט צו „גאָלקעפל“, אָנגעטון אין אַ לעדערנער מאַרינאַרקע און אין לאַקירטע כאָלעווקעלאַך, און נעמט מיט פאַנטלען רעדן איבערן היינטיקן פרייז פון מעל.

—כ׳האָב געהערט,—זאָגט ער לאַנגזאַם (אַ שטאַרקער...)—אַז דינסטאָג האָסטו פאַרקויפט אין אָכאָטע צוויי פוד מעל!

—יאָ,—ענטפערט פאַנטל—ער האָט מיר געצאָלט מיט דריי-ערלעך טייערער, ווי דו.

—אָבער ס׳זאָל זיין דאָס ערשטע און דאָס לעצטע מאָל,— העכערט גאָלקעפל דעם טאָן—הערסט?...

—און אַז ניש׳?

רעדט יענער גאָרנישט, נאָר הייבט אויף אַ האַנט, שפרייט אויס פינעף פינגערלאַך און גיט זיי אַ וואָרף אַריין פאַנטלען. קומט אָבער אָן אין מיטן מענדל (די פערד זענען שוין אין שטאַל) און כאַפּט אָן גאָלקעפלס האַנט אין הייסטן מאָמענט און האַלט זי מיט אַלע כחות. ווערט אַן אַמפּערניש זאון די שיקסעס דערשרעקן זיך גאָר שטאַרק. זיי פאַרשטייען ניש׳, וואָס דאָ גייט פאָר, אָבער זיי זעען, אַז דאָ איז אַן ערנסטע זאַך. קומען דער-ווייל אָן הויפמענטשן: דער בלינדער פסח פון דער קאַמער, יוסל נטע פון דער גאָרקעך און אַ ייִנג אין בינאָקלען, וואָס איז נאָר-וואָס אַריינגעפאָרן אין הויף אַריין. אַלע ווילן איינעמען די צוויי צדדים. אויסגלייכען זיי. אָבער גאָלקעפל דראָט אים מיט אַ פינגער:

—דאָ, פון הויף, טאָר מע׳ קיינעם ניש׳ פאַרקויפן אַ חוץ מיר, פאַרשטייסט?...

—וואָס מיינסטו עפעס, כ׳בין אַ ייִנגעלע?—קאָן זיך פאַנטל נישט איינהאַלטן.

נאָר דער סוף איז געווען, אַז פאַנטל האָט געמוזט פאַר אַלע שטעלן בראָנפן מיט צובייס: גאָלקעפל האָט „פאַרע“!...

שפּעטער אַ ביסל, אויפן הויף איז געוואָרן שטיל. אָפּגעגעסן, האָט זיך פאַנטל געזעצט אויפן דישעל פון זיין פור, דער-ענדיקן זיין שמיס מיט די שיקסעס. ער האָט גערעדט, און איז, ווייזט אויס, געווען גאָר שטאַרק צופרידן, וואָרום די נאָזלעכער

האָבן זיך אים אויסגעשפּרייט אין דער גאַנצער ברייט און פון די אויגן האָט מען אים אָנגעזעען בלויז צוויי שמאָלע שפּעל-טעלאַך.

ווען די שיקסעס זענען אַהיימגעגאַנגען זיך צוגרייטען אין וועג אַריין, איז שוין מענדל געלעגן אונטער אַ געזעס און גע-כראַפּעט. נעבן אים איז געשלאָפן דוד, וואָס האָט שוין פאַר-קויפט זיין ביסל מעל און דאָס געלט שוין באַהאַלטן אין טאָר-בעלע, וואָס הענגט אויפן העמד, אונטער דעם טלית קטן. נאָר פאַנטל האָט גאָרנישט געקאָנט איינשלאָפן. אַ ביסל צוליבן גאָל-קאָפּ: ס'אי' ניש' קאַ' געלעכטער! דאָ ציטערן אַלע פאַרן!... און אַ ביסל, גאָר אַ שטאַרק ביסל, צוליב די נייע פאַרשוינען זיינע.

„הע-הע,—טראַכט ער—איצט 'עט זעך אָנהייבן גאָר אַן אַנ-דער פאָרן, גאָר אַן אַנדער...“

און אַז דאָס יינגסטע שיקסל קומט אויפן זכרון, ווערט ער רויט און שטעקט אַרויס די צונג, ווי בהורווייז, און צעשמייכלט זיך פאַר תענוג: „האַ, האַ, איז דאָס אַ שיקסל... האַ, האַ...

שפּעטער אַ ביסל הייסט ער מענדלען צושיקעווען אַ בעסער געזעס. מענדל פאַרשטייט, פאַר ווען דאָס איז. קאָן אָבער ניש' פאַרשטיין, מיט וואָס זיי האָבן אַזוי נושא-חן געווען אין פאָטערס אויגן.

פאַרנאַכט, ווען די שיקסעס זענען געקומען צוגיין מיט דע-רעלאַך אויף די קעפּ, האָט זיי פאַנטל אַליין אָנגעוויזען זייערע ערטער. זענען זיי אַרויף אויף די פור און זיך באַלד אַוועקגע-זעצט, כאָטש ס'איז נאָך געווען אַ גוטע שעה צום פאָרן.

מענדל איז געווען פאַרנומען מיט די פערד און פאַנטל האָט זיך געשטעלט פאַרן טויער און געקנאַקט מיט דער בייטש: אפשר גייט נאָך אַ פאַרשוין.

דערווייל זענען זיך צוזאַמענגעקומען אַלע באַשטענדיקע, און אַז דער אַלטער שעהקע איז אַרויפגעקראָכן אויפן ראָד, אַריין אין דער פור און זיך געזעצט נעבן דודן, קייגנאיבער די שיק-סעס, האָט ער באַלד אַרויסגעכאַפּט אַ שקעטאַלע טאַבאַק און זיך

צונגעשטאָפּט פולע נאָזלעכער—אַזאַ ריח איז עס געגאַנגען פון די עיקסעס...

פּאַנטל האָט זיך געדרייט, געלאָפן צּהין, אַהער, געכאַפּט אַ בליק אין דער פור אַריין און די הענט האָבן אים עפּעס זייער „געשווענדזיעט", ווען ער האָט געגעבן דעם ערשטן שמיץ די פערד צום אַרויספאָרן...

## זיבצענטע קאַפּיטל.

שטעטל האָט אַ ביסל אָפּגעאָטעמט. בעקערס, בראָנפנמאַכערס, זייפמאַכערס, פּאַפּיראָסן-סוחרים, שענק-אייגענטימער, קצבים און גלאַט מכל המינים שמוגלערס,—האָבן זיי געטון אַ שבח צום אייבערשטן, וואָס פאַרזעט נישט אפילו קיין ווערמל און דערויף, וואָס ס'איז געקומען המנס סוף...

„ס'איז דאָך שוין ניש' געווען צום אויסהאַלטן!..."

און טאַקי איז דער לאָמער קאָמענדאַנט ווערט געווען דעם צונאָמען. אין די פאָר וואָכן, וואָס ער האָט געקיניגט, האָט ער אַ האַלב שטעטל אודאי אומגליקלאַך געמאַכט. אַז ר'איז נאָר געהאַט אָנגעקומען, האָט שטעטל אפילו געמיינט, אַז ר'אי' ניש' קאַ' שלעכטער גוי. לויטן אויסזען: אַ הויכער, אַ שצופּלער, לאָמט אויפן לינקען פוס—פאַרווינדעט געווען. נאָר שוין באַלד צומאָרגנס האָט מען צוגענעמען דעם גאַנצען שמוגל פון די וועגן. דערנאָך האָט ער זיך גענעמען צו די בראָנפנמאַכערס. עפּעס האָט ער געהאַט אַ נאָז, ווי אַ שמעקהינט. אַז ער איז געשטאַנען פאַר דער פורטקע פון מאַגיסטראַט, האָט ער דערשפּירט דעם ריח פון אַ „זאַטשער" פון דער צענטער גאַס... ער האָט אָפּגעשאָכטן דוד יצחקן און יענקל בעדער. פון לעצטן פלעגט טאַקי אַרומגיין אין שטאָט גאַנצע מעשיות. געוואוינט האָט יענקל בעדער אין אַ קליין שטובעלע, אויף אַ גרון. די טרעפּלאַך, וואָס האָבן אַרופּ-

געפירט צו אים, זענען געווען ווי צו אַ הינער-גזשענדע און אַ טייל זענען אויך געווען אויסגעבראָכן, אַזוי אַז מ'האָט זיך גע-מוזט גוט אָנהאַלטן פאַרן אָנלען-דראָנג, וואָס איז געווען צוגע-קלאַפּט אָן אַ זייט פון די טרעפּלאַך, מ'זאָל נישט פלוצלינג דורכ-פאַלן דורך זיי. דאָס גאַנצע שטובל איז געווען ווי אַ מין סוכה, אַרויסגערוקט פון דער הינטערשטער טייל הויז, און געשטאַנען איז עס מיט די ווינקלען אויף קלעצער. אין דעם דאָזיקן שטובל האָט יענקל בעדער געמאַכט זאַטשערס, געהאַלטן דעם קעסל און געקאָכט בראָנפין. וויפיל מאָל אָבער ס'האָבן נישט געזאָלט אַרויפ־קומען צו אים מענטשן, ווילנדיק וויסן, וואו ער קאָכט, האָט עס נישט געטראָפן מ'זאָל עפּעס געפינען, מ'זאָל עפּעס דערקענען אין שטוב. ס'האָבן זיך אָבער געפינען „אַזעלכע". וואָס האָבן שטאַרק „געליטן" פון דער זאַך: „וואָס הייסט ער 'עט קאָכן און גאָרנישט?..."

פלעגט טיילמאָל אומגערעכט, ווען מ'האָט זיכער געוויסט, אַז איצטער קאָכט דער בעדער, אַרויפפאַלן צו אים דער וואַכ-מייסטער מיט זיין אומגעשיידטן יעגער, און פלעגט אָנהייבן פון די שטיגלאַך נאָך צו קלאַפּן מיט דער שווערד אין דער טיר.

דעמאָלט אָבער פלעגט זיך דערהערן פון אינעווייניק אַרויס אַ „ווער איז עס?" און די זשאַנדאַרמען מוזען צו-וואַרטן אַ מי-נוט, איידער מ'עפנט די טיר.

אינעווייניק דערזעען זיי אָבער בלויז אַ פייער, וואָס ברענט אין קעכל. דאָס קעכל איז אָפן און די פלאַמען שפּרינגען אַרויס און טאַנצן צום סופיט אַרויף. אין שטוב איז אַ פאַרע און אַ פייכטקייט שטעלט זיך באַלד אָפּ אויף די פנימער פון די אַריינ-געקומענע. זיי דערקענען, אַז ס'איז נישט גלאַטיק און נעמען זיך באַלד צום זוכן. אָבער וואו, משטיינסגעזאָגט, האָבן זיי געהאַט צו זוכן? אַז אינגאַנצן איז דאָס שטובל גרויס, ווי די גרייס פון צוויי קברים און די ווענטלאַך—כאָטש קוק דורך זיי אַדורך! געזוכט אונטער די בעטן, אונטערן טישל, אויפגעהויבן די פּאָר מלבושים, וואָס הענגען אויף דער טיר, צוגעגאַנגען נאָך צום איינציקן פעסל, וואָס איז דאָרט געשטאַנען, אַריינגעשטעקט די

קעפּ און דערזעען קרויט—זויער קרויט!... וואָס האָבן זיי געקאָנט מער אויפטון?... ס׳איז טאַקי אַ פּאַרע, אַן אויסטערלישע פּאַרע, און זיי שפּירן אויך עפּעס אַ ריח, יענעם ריח פון בראָנפין, אויף וואָס דייטשן זענען שוין געוואָרן גרויסע מבינים; אָבער אויפן קעכל קנאַקט און שפּריצט זאַלץ אָנגעשיטס און עפּעס אַ פּאַראיי-לעצטער ריח פאַרשלאָגט יענעם נישט-דייטלאַכן בראָנפין-געשמאַק. און יענקל בעדערס ווייב שניידט צו ציבעלעס אין דער פּרע-געל-פּאַן אַריין, האַלט אַראָפּגעבויגן דעם קאָפּ, אויסגעדרייט מיט די פּלייצעס, קוועטשט און גיסט מיט ד׳אויגן פאַר ציבעלעס-שטאַרקייט.

—נעמען זיי נישט פאַר אומגוט—מאַכט זי—וואָס ס׳איז אַ „סוואָנד״; מיר מאַכן די אָנגעברענטע זופּע...

זענען נישט די דייטשן אַוועק מיט ליידיקן?...

„המן״ אָבער, אַז מ׳איז געקומען צו אים און געזאָגט:

—זאָלסט וויסן זיין, פּאַניע קאָמידאַנט, אַז יאַנקעל קאָכט ערשט...

—איז ער געגאַנגען און יענע האָבן זיך געפּאַטשט אין בייכל אַריין:

„המן״ ׳עטן כאַפּן!...

און „המן״, אַז ער האָט געטראָפן די אַלע סמנים, וואָס די דייטשן, האָט ער זיך גאָרנישט געפּלעפּט דערמיט. אדרבא, ער האָט צופרידן זיך צעלאַכט. ער האָט דערשמעקט דעם בראָנפין מיט דער נאָז, און זי וועט אים שוין צופירן, ווי אַ שפּירהונט צום עיקר...

האָט ראשית, ווי יענע, געזוכט, האָט אָבער אויך אויפגע-רוקט דאָס שיפלעדל פון טישל און האָט געפונען דעם „גראַד״. דאָ האָט ער שוין מיט נצחון אַ געשריי געטון:

—דאַס איזט עס!...

איצט האָט ער שוין גענומען זוכן לאַנגזאַם און טריט באַ טריט. ער האָט געקלאַפּט אין די ווענטלאַך, געקוקט אויפן סופיט אַרויף, געקוקט צום פענסטערל, וואָס איז געווען אינדערהייך, ווי איז אלע אפּיצינקעס, און ס׳איז׳ן נישט געפעלן, וואָס דאָרט

שטייט איצט אַ בענקל און דאָס פענסטער אַליין איז אָפן...

„ס'איז נאָך גאָרנישט אַזוי הייס..."—האָט ער זיך גע-טראַכט.—און די יודן האָבן נישט זאָ גערנע די לופט..."

איז ער צוגעגאַנגען און זיך אַרויפגעשטעלט אויפן בענקל.

באַ יענקל בעדער און באַ זיין ווייב איז די נשמה אויף די שפיץ נאָז אַרויס. ער, יענקל, האָט אָנגעקוקט דאָס ווייב מיט אַ בליק פון אַן אמתן רוצח. „גזלן!"—האָט דער בליק זיינער גע-שריגן—„האָסט נישט געקאָנט דעם גראַד אויף באַגראָבן?... אין טישל געלייגט... לייגן זאָל מע' דעך שוין..."

און יענער, דער המן, שטייט מיטן לאָמען פוס אויפן בענקל און שנאַפט מיט דער נאָז און ער דערזעט מיטאַמאָל, ווי פון ליגברעטל פאַרן פענסטער הייבט זיך אויף אַ פאַרע, דורך די ווינקלען, דורך די שפאַרעס—און זי פליט אַרויס אויף דער פרייער לופט.

ער האָט אָנגעהויבן קלאַפן מיט דער האַנט, דערפילט אַ פוסטקייט און ער טוט אַ הייב-אונטער דאָס ברעטל.

דאָס פאַרפאָלק האָבן אַרויסגעלאָזט אַ קוויטש, פונקט ווי מען וואָלט זיי געגאַנגען ווערגן, און דער קאָמענדאַנט ציט אַרויס פון דאָרט דעם קעסל, וועלכער בריט נאָך גאַנץ שטאַרק; אַ קובעל, פלעשלאַך און גלעזלאַך. דאַן גייט ער אַראָפּ און דאָס גאַנצע לייב מיטן גאַנצן אָנטועכץ לאַכן אויף אים, אפילו דאָס לאָמע פיסל צוגראַטשעט זיך אויך פון געלעכטער... איצט נעמט ער איבערזוכן און איבערטאַפּן אַלץ פון דאָסניי. ער שטעקט אַריין די שווערט אין די טון קרויט און ער בלייבט שטיין פון איבעראַשונג: די שווערד בלייבט שטיין באַלד נאָך אינדערהייך. קוקט ער שוין אויף גאָרנישט, און פונקט ווי אַ שפורהונט באַם לעצטן מאָמענט, ווען ער גייט זיך וואַרפן אויף זיין קרבן, אַזוי טוט ער אַ שאַרץ אַרויף די אַרבל פון מונדיר, פאָרט אַריין מיט די הענט אין דעם נאַסן, פאַרפוילטן קרויט און גיט אַ שלעפּ אַרויס אַ באָדעם, וואָס ליגט פון אויבן איינגעפּאַסט אין פאַס און ער דערזעט דעם זאַטשער, וואָס איז אינעווייניק נאָך מער ווי אַ העלפט...

און אויך באַ רב יידן האָט ער צוגענומען פאַר פופצן הונדערט מאַרק! בלויז צו יצחק יונהן האָט ער נישט געטראָפן. יוסף לאַלקע האָט זיך אפילו באַרימט אינדערשטיל:

—אַז מיר אַרבעטן אין סאָד און אַז גרעגער איז מיט אונז, האָבן מיר נישט וואָס מורא צו האָבן...

האָבן זיי טאַקי געקאָכט כמעט אין העלן טאָג. און אייזעלע האָט געשלעפט די קובלעס וואַסער און אויפן שטערן און אַרום די באַקן זענען אים געוואַקסן הארטע פאַסן פאַר־טריקנטער שוויס, וועלכע ער פלעגט אָפּוואַשן פון איין פרייטאָג פאַרנאַכט צום אַנדערן.

אָבער טאַקי אין דער אייגענער נאַכט נאָך האָט זיך דער קאָמענדאַנט צוזאַמענגעטראָפן מיט לאַנדסמאַנען און מיט יעגערן־אָנגעטועגע אין זייערע „דינסט־קייטן“—און זיי זענען צוזאַמען אַוועק הינטן־אַרום אין סאָד אַריין...

מ׳דערציילט אפילו אויף דער שטאָט, אַז יענעם פאַרנאַכט, אַ שעה שפּעטער, ווי מ׳האָט געכאַפּט יידלס פאַבריק, איז זייער אַ זון, אָדער אַ טאָכטער, געגאַנגען שפּאַצירן הינטער דער שטאָט, פאַר דעם צווייטשטאָקיקן הויז, אין וועלכן ס׳וואוינט דער וואַלד־מייסטער...

דאָס אָבער איז גאָרנישט... נענוג איז, אַז יצחק יונה איז ווידער געבליבן אַ „ריינער אָרעמאַן“, ערום וחסור, אָן אַ גראָשן ביי דער נשמה.

„וואָס טוט מען, וואָס טוט מען ווייטער?“...

בריינדלען זענען די פּאָמפּאָניקלאַך פאַר גרויס עגמת־נפש פיל בלאַסער געוואָרן. נאָר לייבלען האָט עס געאַרט, ווי דער פאַראַיאָריקער שניי: ער איז אַלץ אַרומגעגאַנגען מיט זיין שמאַ־יעדיקן שמייכל און געלאַכט יעדן אין פנים אַריין...

און גרעגער? אָרעמער גרעגער נעבאַך!... ער איז אַזוי שולדיק געווען אין דעם ערשטן מאָל, ווען מ׳האָט געמאַכט די רעוויזיע אין יצחק יונהס שטוב, פונקט ווי ר׳איז איצט אין אַמע־ריקע... וואָרן ס׳איז אים שוין אַזוי אויך מיאוס און מאוס געוואָרן ס׳גאַנצע קאָכן. ער האָט געוואָלט אינגאַנצן נאָך אַ פּאָר וואָכן

צו אַרבעטן און דינגען ערגעץ אַ סעדל, פאַר זיך. אָן אַ סאָד קאָן מען היינט גוט פאַרדינען... און דער עיקר—ס׳איז דעך כשר!..."

דער גאַנצער גרעגער איז בטבע געווען אַ גרויסער פחדן. ער האָט נאָר ליב געהאַט אַ סך צו רעדן...

„אָט דעמאָלט, אַ שטייגער, וואָס האָט עס׳ן גענוצט אַזוי צו סטראַשען יענע?... נאָר אַזאַ נאַטור איז שוין ביי אים".

און אין דער אמתן, טאָמער הערט ער רעדן, קאָן ער נישט שווייגן... אוי, וואָס זיין ווייב האָט שוין אין אים אַריינ-געלייגט פאַר אַזאַ נאַטור... נאָר ס׳איז פאַרפאַלן...

רעדט מען אַמאָל איבער גבורות, מעשיות, העלדישקייטן, דאָ צעפלאַקערט זיך אין אים מיטאַמאָל זיין העלדישקייט, און אַז ער כאַפּט אָן אַ פרעמדן, וואָס האָט זיך ערשט נישט לאַנג אַריינגעצויגן אין שטעטל, אָדער ער קומט צווישן קלענערע חברה-לייט, פאַרציילט ער אודאי נישט, אַז בעתן געשלעג מיט די „קאַצאַפּעס" איז ער געווען פון די ערשטע, וואָס האָבן זיך געגעמן צו זיי... אָדער באַ אַ שרפה, אַ שטייגער—דאָ ווייזט ער אַרויס זיין גאַנצע בריהשקייט... און אין וואָס? אין אַרומלויפן מיטן דאַשעק פאַרדרייט...

אָרעמער גרעגער, נעבעך! ס׳גאַנצע ביסל פאַרמעג געהאַט שטעקן אין דער „מלינע". צוגעבאָרגט זיך נאָך אפילו: געקויפט אַ פאָר פוד צוקער, אָנגעגרייט, געמיינט, ס׳עט טייערער ווערן...

אָבער ס׳איז אַ געשווינדער טויט געקומען אויף אים, אויף דעם לאָמען קאָמידאַנט. און ס׳איז אָנגעקומען אַ פרישער, אויך אַ יינגיטשקער, אָבער אַ גאָלד!

וואָס איז עס זיין דאגה: מ׳שמוגלט, צי מ׳קאָכט?... ער האָט זיך אַ פידל, זיצט ער זיך און שפּילט אויף איר.

ס׳טרעפט אַמאָל—די זעלנער אין די קיילעכדיקע היטלאַך אָן דאַשקעס, נעמען עפּעס צו אויף אייגענער אחריות, און מ׳גייט אַרויף צום קאָמידאַנט, לאַכט ער און גיט צריק דאָס פּעקל. אַ פריילאַכער יינג! שפּאַצירט און פאָרט אויף ראָווער און רעדט מיט אַלע זייער פריינטלאַך...

אָט האָט גאָט געשיקט אַ ישועה אויף זיינע יידעלאַך! און

אַלע האָבן שוין צריק זייערע מאַשינדעלאַך, מיט די קעסעלאַך, מיט די פּעסער, און מ׳שטעלט שוין אָן און מ׳קאָכט שוין, אויף וואָס די וועלם שטייט...

# אַכצענטע קאַפּיטל.

באַלד ווי דער נייער קאָמענדאַנט איז נאָר אָנגעקומען אין שטעטל און אַלץ האָט אים אָפּגעוואַרט אין גאַס נאָך: „זען, ווי ר׳קוקט אויס״, האָבן זיך געפּעדערט „חוואוינאָרסקיס״, דעם קריסט-לאַכן שענקערס צוויי טעכטער, וואָס האָבן זיך אָנגעטון: די על-טערע, די ברונעטע, אין אַ ווייס קליידל, ווייסע לאַטשן און אין דעם ווייסן שטרוי-הוט אויפן קאָפּ; די יינגערע ווידער, די גע-לע, „אויסגעסטרויעט״ אין דעם קורצן, „קראַקאָוויאַצקן״ רעקל מיט די פּאַסן פון אַלערליי קאָלירן; גוט פּאַרמאַכט אויף די העקלען דאָס אויסגעפּאַסטע באָרדאָ סטאַניקל, פּאַרצויגן די מענ-גע פּאַרשידנפּאַרביקע בייטשלאַך קרעלן, אויפן קאָפּ—פּויעריש-מעסיק, אַרומגעבונדן אַ קאָלירט טיכל, אויף די פיס אָנגעטון די געלע שיך מיט די הויכע כאָלעוועס און די גרויסע, מעשענע, ספּאָרטאָווע שנור-הוקלען, און ביידע, נעמענדיק צו גרויסע בו-קעטען בלומען אין די הענט, האָבן זיך אָנגענומען הינטער די אָרעמס און זענען אַוועקגעגאַנגען אַוועק אין דער קאָמענדאַנטור אַריין, מיט דעמדאָזיקן קלאַפּערגעצייג...

אויף דער גאַס האָבן זיי נאָכגעקוקט הונדערטער אויגן. אַלטע האָבן אַוועקגענייגט די קעפּ און אויסגעשפּיגן: פּאַרשייטע!.. יינגערע אָבער, האָבן געקוקט מיט אויפגעריסענע אויגן און באַם האַרץ האָט יעדן בחור אַ ציפּ געטון, ווי איינעם, וואָס האָט שוין פון דריי טעג נישט געגעסן און מ׳ווייזט אים פּלוצלינג אַ פרישׁ אויסגעבאַקן זעמעלע... אפילו מיידלאַך האָבן זיי נאָכגעקוקט מיט גרויס קנאה... אַך, וויפיל וואָלט עס אַ יידיש מיידל אַוועקגעגעבן,

אַז מ'זאָל זי לאָזן אַזוי אָנטון „עלט פּויליש” און זאָל אַזויערנאָך אַרויסגיין אין גאַס אַריין!... יינגען וואָלטן דאָך צעזעצט געוואָרן קוקנדיק. און פייפקע, מענדל מיט זייער חבריא שטייען און: אַ פייער זוכט זיי!.., נאָר איטשל זאָגט זיך זיין באַליבט ווערטל:

—די צוויי שיקסלאַך האָבן אַ טעם...

נאָר רב וואָוון, דעם גרויסן זאַלץ-סוחר, וואָס האַנדלט שוין נישט פון צייט דער מאָביליזאַציע אָן, פאַלט פלוצלינג איין אַ זינדיקער געדאַנק. ניש' חלילה... ער איז אַ חלוש ניש' פאַר קיין שום ייד געדאַכט, שוין פון שיינע עטלאַכע יאָר... נאָר אַ טאָכטער האָט ער—אַ בת-מלכה... שררות ווערן געפּלעפט... ווי מ'קאָן ניש' קוקן אין דער זון אַריין... אָט טאַקי אין זומער פאַר דער מלחמה האָט איר דערזעען „מאַגנאַצקי”. אַן אייגן דאָרף, מיט פעלדער, מיט וועלדער. האָט ער אים אַ צייט נישט אָפּגע-לאָזט: נאָר און נאָר, ער זאָל זי שמדן...

און איצט, אַז ער זעט די „חוואַרינאָרסקיס” אַרויפגיין צום קאָמידאַנט מיט בלומען—מקבל פּנים זיין, פאַלט אים איין דער געדאַנק, ער זאָל זיין טאָכטער אויך אַרויפשיקן צו אים, ס'פאַר-שטייט זיך, ער דאַרף איר אָנזאָגן, ווי זי זאָל רעדן מיט אים און ווי זי זאָל קוקן; ווי זי זאָל גיין, ווי זי זאָל שטיין און ווי זי זאָל זיצן: ניש' קאַ' קליינינקייט... וואָרן איז ער דען ניש' אַ טאַטע...

אַזוי טראַכט זיך רב וואָווע. און ער שטעלט זיך פאָר, ווי זיין טאָכטער שטייט אַזוי פאַרן קאָמידאַנט און בעט אים, ער זאָל איר פאָטער אַרויסגעבן אַן ערלויבניש צו ברענגען אַ וואַגאָן זאַלץ. און ווי ער, דער קאָמידאַנט, קוקט איר אין ד'אויגן אַריין—זיי קריגן דאָך די כפרה פאַר איר—און ער קאָן איר נישט אָפּזאָגן...

„נו, מילא,—רעדט ער אַרויס, ווי באַשלאָסן—און אַז ר'עט זי אָנרירן, ג'ען איר אַ גלעט, אַ ריר דאָרט באַ אַ האַנט...”

און אויבן, אין דער קאָמענדאַנטור, קומען אַריין די „חוואַרינאָרשטשאַנקעס” מיט די בוקעטן אין די הענט, און מיט אָפּענע, שמייכלענדיקע מיילעכלאַך פרעגן זיי:

—טשי יעסט פאַן קאָמענדאַנט?

דער קאָמענדאַנט, וואָס בערשט זיך אַרום פון שטול, דערזעט זיי, ווערט ער אינגאַנצן באַהעלט און ער רופט זיי אַריין אין זיינע שטובן.

—ביטע, ביטע,—רעדט ער צו זיי אין דייטש—קאָממען זי אַריין.

גייען זיי נאָך אים און לאַכן און רעדן, נאָר לאַכן מער, ווי זיי רעדן.

—דזשען דאָברי פאַנו קאָמענדאַנטאָווי!—זאָגט די עלטערע און גלאַנצט מיט די טונקל-ברוינע אויגן. נאָר די געלע לאַכט פאַרשייטער און זאָגט אויף דייטש דידאָזיקע פאָר ווערטער, וואָס זענען מער יידיש:

—גוט מאָרגן, הער קאָמענדאַנט!

ווילט שטאַרק זיך דער דייטש, און ס'טוט אים שוין אַ הנאה, נאָך פון די ערשטע פאָר ווערטער... און יענע אומצו-פרידנקייט, פאַרוואָס מ'האָט אים באַשטימט אין אַזאַ קליין שטעטל אַריין, פאַרשווינדט שוין אויך... אדרבא... און ער קלינגט אָן נאָך דעם בז'רשע און הייסט מאַכן טיי.

שטעלט דער דינער אויף פאַרבייסעכצער און איין זעלנער ברענגט אויך אַרויף דאָס פלעשל קאָניאַק, וואָס חנא ווייגמאַכער האָט שוין גערווינזשעט אַרויפצושיקן.

לאַכט ער, דער קאָמענדאַנט, און גיסט אָן אין גלעזלאַך און גיט זיי צו טרינקען און ער טרינקט. נעמן זיי נישט באַלד, די שיקסלאַך, נאָר לאָזן זיך בעטן; נעמט ער אַרום די ברונעטקע באַם האַלז, בייגט אַרונטער דאָס קעפל און גיסט איר אַריין דאָס גלעזעלע אין אָפענעם מויל, און גיט איר צו פאַרבייסן מיט אַ קוש אונטערן אויער... דערנאָך ס'אייגענע מיט דער געלער...

שפעטער אַ ביסל טרינקט מע' טיי און מ'רעדט צווישן זיך. ס'הייסט אפילו נישט קאַ' רעדן, ווי מען רעדט, וואָרום נישט ער פאַרשטייט זייערס אַ וואָרט, נישט זיי פאַרשטייען זיינס, נאָר אַזויאַרימעט, מ'רעדט, און דער עיקר—מ'פאַרשטייט זיך... אַ גע-לעכטערל, אַן אייגל—ס'קומט שוין אַרויס עפעס... און צומיינסט

לאַכט די יינגערע. ווייזט אויס, אַז זי האָט שוין אַזאַ טבע. און אפשר, ווייל דאָס מיילעכל איז קליין און די ציינדלאַך זענען ווייסע... און אַז זי לאַכט, מרוזשעט זי נאָך צו די אייגלאַך און אַ הייסע תאוה שלאָגט פון איר פנים...

אים געפעלט אָבער אויך נישקשה די עלטערע, און אפשר נאָך בעסער... יאָגן זיי זיך אַרום אין שטוב און מ׳שפּילט אין כאַפּט זיך... און מ׳לאָזט זיך אָפּ און מ׳כאַפּט זיך ווידער... און טיילמאָל קלינגט אויך אַריין אינדערמיט עפּעס אַ פּלוצלונג אויפ־געכאַפּטער קוש...

און ער נעמט דערנאָך אַרויס די פידל און שפּילט עפּעס זייער אַ שיין שטיקל. לאָזט ער ווידער ליגן די פידל אויפן טיש און רוימט עפּעס איין דער ברונעטקע, אָבער זי פאַרשטייט גאָר־נישט... גלעט ער איר העלזל און קוקט אויפן האַרץ, וואָס איז טיף אויסדעקאָלטירט, שטייענדיק אַזוי אַנטקייגן איר, און ער ווייס אַליין אויך ניש׳, וואָס ער וויל, נאָר עפּעס איין קני קור־טשעט זיך אים און שטעלט זיך אויס שיף... איז ער זיך גאָר מישב און צולאַכט זיך אינדערמיט... דאָס געלעכטער פאַרשלאָגט אַלץ און פאַרטרייבט אַלע בייזע מחשבות... לאַכט אויך די קליי־נע, לאַכט אויך די ברונעטקע. און דעמאָלט האָט ער ערשט דאָס געלעגנהייט אַרומצוכאַפּן די ברונעטקע דאָס ערשטע מאָל און רעכט צודריקן זי אַרום דער טאַליע...

און די געלע ווייזט אָן דורכן פענסטער, וואָס גייט אַרויס אין מאַרק אַריין, די גרינע טירן פון זייער פאָטערס שענק און דעם פאָטער, וואָס שטייט פונקט אויף די שטיגלאַך...

פרייט ער זיך, טוט עס אים אַ שטאַרקע הנאה... און פאַר גרויס שמחה, ווייס ער נישט, וואו זיי צו זעצן... זעצט ער זיי אַמאָל אויפן פעלדבעטל, און געפעלט עס אים נישט, טראָגט ער זיי איבער און זעצט זיי גאָר אויפן טיש... און אונטער דער טיר שטייען: דער אונטעראָפיציר, דער שרייבער אין די ברילן, יע־גער און נאָך אַ פּאָר זעלנער און ס׳געפעלט זיי אויך זייער שטאַרק די מעשה און רייבן די הענט פון צופרידנקייט:

„ער ׳עט זיך נישט מישן, ווי יענער...״ זעען זיי שוין איזו אַ גוטן סימן...

---

## ניינצענטע קאַפּיטל.

שבת נאָכן עסן, נעמען זיך צוזאַמען אַלע יינגען און, אַרום-געוואַשענע, אין די שבתדיקע „אובראַניעס״, אין די קאָלירטע העמדער מיט די בלויזע ברוינע העלזער, אָן אַ קראַגן, גייען זיי אַרויף אין דער „ביליטעע״ אַריין...

דער ערשטער און פאָרויס גייט גרעגער. און פאַרוואָס דען נישט, אַז ער איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט אָפּגעגעבן צום קרייז-שעף אַ ביטע וועגן אַ „ביליטעע״; ווייל אין שטעטל האָט זיך געמאַכט פּרנסה, די יינגען, עס קומט אַ שבת גייען זיי אַרום פּוסט און פּאַסט, די מיידן דעסגלייכן, און אַזוי זאָל כאָטש זיין מיט וועמען אַ וואָרט צו שמיסן, און אַמאָל, אַז ס׳לאָזט זיך— אויך צו טאַנצן... ווייל מ׳האָט אויך געוואָלט איינפירן אַ באַזונ-דערע מוזיקאַלישע אָפּטיילונג... איז פאַר וועמענסוועגן זאָל זי שפּילן? האָט ער, גרעגער, טאַקי דאָס פאָרויסגעזען. באַזונדער איז זויך אָנגעקומען ידיעות פון אַרום און אַרום אין אַלע שטעט און שטעטלאַך, מיט וועמענס יינגעלייט און מיידלאַך מען טרעפט זיך אויף די טראַקטן און אין די קרעטשמעס, וואו זיי לויבן זיך אָן מיט זייערע „ביליטעען״, וועלכע ווערן „שטאַרקער״ און „גרע-סער״ מיט „דראַמאַטישע״ און „מוזיקאַלישע״ אָפּטיילונגען—האָט טאַקי גרעגער נישט געשוויגן און איצט גייט ער פאָרויס. ער האָט זוכה געווען...

אַלע יינגען, וואָס גייען הינטער אים, פילן זיך עפּעס ווי אויסגעצויגן און אָנגעשטייפט, ווי די סטרונעס... מיט די זייגערס אין די וועסט-טאַשן און מיט די „איינלאַדונגער״ אין די קאָ-פּער׳טעס, אויף וועלכע עס שטייט קלאָר אויפגעשריבן יעדענס נאָ-

מען, ווי אַ שטייגער: „פּייפּקע, מען בעט דיך אויף דער שבתדי-קער פאַרזאַמלונג״...

נאָר פּייפּקע קרומט זיך אַ ביסל:

—ס׳זאָל זיי,—זאָגט ער—די שרייבער, די הענט אָפּגענעמען ווערן. נישט געקאָנט אויפשרייבן: פּייוול, נאָר „פּייפּקע״.

עפּעס שפּירט ער, פּייפּקע, אַז דאָ איז נישט אויף דער פור, אַז דאָ דאַרף ער הייסן אַ ביסל לייטישער...

פונדעסטוועגן גייט דער רוגז לייכט איבער, ווייל ער שפּירט, אַז עפּעס גייט ער דאָך פאָרט אין אַ „געזעלשאַפט״ אַריין און איז אַ „מיטגלידער״...

גייט מען טאַקי און אַז מען קומט אַרויף און מ׳שטעלט זיך אַוועק, דערזעט מען בּאַם שוואַרצן טיש שמואל מייטעס, בערל אהרן-לייבס און מעכלען. קוקן זיי זיך איבער, די ייִנגען, צווישן זיך און אַ ווינק מיט די אויגן:

—אָבער דו זעסט... אַ רוח אין דיין מאַמען אַריין...

און בּאַם טיש, דאָרט אויבן, שטייט בערל אהרן-לייבס און לייענט פון אַ פּאַפּיר אַרויס דעם באַריכט. ער רעכנט אויס, וויפיל מיטגלידער עס האָבן זיך פאַרשריבן, וויפיל געלט ס׳האָט „איינגעפלאָסן״ און וויפיל מ׳האָט „אויסגאַבן״ געהאַט אויף דירה, טישן, בענק און ביכער.

טראַכט זיך אַזוי אַ ייִנג בּחורל אין אַ קורצער מאַרינאַרקע, האַלטנדיק אַ טוכן „ליציפּעט״-היטל אין האַנט:

„דאַכט זיך, גאָרנישט... שמואל... דער אייגענער, וואָס אַרבעט מיט מיר צוזאַמען בּאַ משה שניידער. פונדעסטוועגן״...

טראַכט זיך אויך, שוין אַן עלטער מיידל:

„ער איז אַ וואַזשנער מענטש,—אַ לייט! מ׳זאָגט ער ווערט אַ חתן מיט משה שניידערס עלטערע טאָכטער...״

דאָס גלעקל רייסט איבער אָט דידאָזיקע מחשבות פון דער לעצטער און מעכל ווידער טוט באַקאַנט מאַכן, אַז מ׳טרעט איצט צו צו די „אַלגעמיינע, גלייכע, דירעקטע, געהיימע וואַלן״... מ׳טרעט צו אויסצעוויילן אַ פאַרוואַלטונג, וואָס זאָל אָנפירן מיט די אַרבעט אין דער ביבליאָטעק אַ גאַנץ פעליק יאָר, ער מאַכט

אויך באַקאַנט, אַז זיי, דאָס „פּרעזידיום“, דאָס הייסט, ער און שמואל מייטעס און בערל אהרן־לייבס, זענען ביז היינט געווען נאָר פּראָוויזאָריש, צייטווייליק. נאָר אַז די פֿאַרזאַמלונג וויל, קאָן מען זיי אויך אויף ווייטער אויסוויילן...

ווערט טאַקי אַ גערעדעריי און ס'ווערן באַלד צעטיילט ווייסע שטיקלאַך פּאַפּיר, אויף וועלכע יעדער דאַרף אויפשרייבן די נעמען פון די, וואָס געפעלן אים צו זיין אין דער „פּאַר־וואַלטונג פון דער אַלגעמיינער ביבליאָטעק און לעזעזאַל“. דער, וואָס קאָן נישט שרייבן, דאַרף נאָר אויפצייכענען בלויז די נו־מערן, ווייל יעדער קאַנדידאַט האָט זיך „זיין אייגענעם נומער“.

און נאָנט באַם טיש גייט צו די „לעבהאַפטע אַרבעט“, דאָס אָנווייזן... מעכל ווייזט אָן, אַז נאָר בערל אהרן־לייבס טויג אויף צו זיין סעקרעטער פון דער געזעלשאַפט און נישט קיין אַנדע־רער; בערל אהרן־לייבס ווידער, ווייזט אָן, אַז נאָר מעכל קאָן זיין קאַסירער פון פעראיין און נישט קיין אַנדערער; און זיי ביידע צוזאַמען זענען גרייט צו שווערן, אַז קיין אַנדערן אויף פאָרזיצנדער, ווי שמואל מייטעס, 'עסטו דעך נישט געפינען, מ'זאָל אפילו זוכן...

זעט גרעגער אַזוינס, שווייגט ער אויך ניש'. לויפט ער אַרום צווישן זיינע באַקאַנטע, ס'הייסט צווישן די יינגען מיט די אָפּגעוואַשענע ברוינע העלזער און קאָלירטע העמדלאַך און זאָגט זיי אָן, זיי זאָלן נישט פאַרגעסן איינצושרייבן זיין נאָמען, און אויב זיי קאָנען נישט, איז כאָטש „נומער אַכצען“, למען השם... 'עט עס אויך זיין געצנוג.

דאָס ביסל יינגען האַלטן זיך ביז אַהער גאָר לייטיש. פייוול, מענדל, אברמטשע וועלוועלס און דער ווייסער מוליע שוויצן שוין אפילו אַ ביסל, די פנימער זייערע ווערן זיי רויט פונקט ווי זיי וואָלטן נאָר־וואָס געקומען פון די זעלנער... נאָר פונדעסטוועגן, שאַדט נישט.

שטייט צווישן זיי איטשל און „אַרגיטירט“. הערן זיי זיך צו און פון יעדן איינציקן וואָרט, וואָס ער רעדט, ווערט זיי היי־סער און אין די אויגן מטושטושער. נאָר פייפקע פּאַרלירט זיך נישט:

—גאַנצע קנאַקערס, גאַנצע יאַ טעבע דאַמס!—גיט ער אַ ווינק צו דער מויד טעמע, וואָס זיצט אויף דער באַנק, אַז יענע נעמט שיער אַ מיתה משונה איין פאַר זיינס אַן אויג... און ווען זי דערכאַפּט דעם געממזרטן בליק זיינעם, ווערט זי רויט, ווי א פסחדיקער ווישניק...

ווערט דאָס געפעלן בערטשן, און פייוולען, פאַר זיין גרויס געממזרטקייט, לאָזט ער אַראָפּ אַ קנאַק אין די פלייצעס אַריין, גלייך ס'וואָלט גאָר נישט אין קיין פאַראיין געווען.

הייבט דער פאָרזיצנדער אָן שטאַרק צו קלינגען, און ווייל אַ סטודענט, וואָס האָט באַזוכט דעם פאַראיין אַלס גאַסט זיצט אויך דאָרט אויבן אָן, פילט זיך דער פאָרזיצנדער פערפליכטעט צו געבן אים אַ שטיקל ערקלערונג אין אויער אַריין: ער זאָל ניש' מיינען, אַז דאָס איז חלילה די געזעלשאַפט... זיי זענען נאָר אַזוי... בלויז אויס מורא... זאָלן זיי אויך זיין... נאָר דער-באַ דערציילט ער נישט, אַז דאָס מיטגלידגעלד צאָלט טאַקי מענדל, פאַר ביכער קויפן צאָלט אויך ער—און גלאַט אַזוי—די קאַסע נייטיקט זיך: „דעפּיציט", געשעפטן, מעשיות... און דאָרט די „אינטעליגענץ", וואָס זיצט אויבנאָן און קלויבט זיך אויס דעם בעסטן פּיק פּיש, איז טאַקי נאָר גלאַט אַזוי... בלויז אויס דרך ארץ ווידער... און דאַדורך פילט זיך דער סטודענט נאָך דער אָפּגעגעבענער ערקלערונג אין אויער אַריין באַפּרידיקט... און דער פאָרזיצנדער—זיגער!... ער האָט געוויסט, ווי די זאַך צו „פאַרעכטן"... און קוקט זיך דאַדורך אום צו די אינטעליגענטע-רע מיידלאַך הינטער זיינע פלייצעס, „צי איז ער שוין ווערט כאָטש עטלאַכע טוץ בליקן"...

שטייט אַזוי מענדל און עס ווערט אים אַזוי טרירירי; אפילו קאַ' פּעטשל אין די פלייצעס אַריין טאָר מען שוין אויך נישט געבן... זאָגט ער צו פייפקען:

—פייפקע, קום!

גיט מען איבער גרעגערן די קוויטלאַך מיט די אונטער-געשריבענע „אַכצענס", און אַלע אַכטן, אָן אונטערשיד, פון אַלע קוויטלאַך, זענען אינדערהייך ביי די קעפּ אָפּן און זעען אויס

פונקט ווי די שטאַרקע צוואַנגען, וואָס שלעפּן אַרויס אופּנאַלעס פון פערד-קאָפּיטעס... אַזויערנאָך דערוואַרטן זיי זיך נישט אויף דעם סוף פון די וואַלן: נישקשה, גרעגער אַליין וועט שוין מאַכן אין אָרדנונג... און מ׳גיט אַ האָפּטשע אַראָפּ פון אַלע שטיגלאַך און פון דאָרט—גלייך צו עליען אין שענקל אַריין...

## צוואַנציקסטע קאַפּיטל.

טיילמאָל ווערט מען אומעטיק, מ׳לאָזט אַראָפּ די קעפּ, ווי איינער זאָגט: „נאַ, שלאָג, וויפיל דו ווילסט!...״

די שמוגלערס, וואָס זענען שוין איינגעוואוינט מיט די וועטערס: זינען, לבנהס, וואָלקנס און שנייען מיט רעגנס, ווערן טיילמאָל אַדורכגענומען פון עפּעס, וואָס הענגט דאַכט זיך אין דער לופט. און דער „עפּעס״ ציט נישט זעבארע אומעט-פעדעס, ביז אין די פאַרהאַרטעוועטע שמוגלערס הערצער אַריי

דעמאָלט לייגן די יינגען זייערע הענט אויף די „בוכטעס״ אַרויף און גייען שטום נאָך די וועגנס און שטילערהייט ציט זיך דאָס „סטענקענדיקע״ ליד, וואָס די רעדער זינגען איבערן וועג.

דער אַלטער שעהקע זיצט אין דער פור טויב און שטום, מיט פאַרמאַכטע אויגן און קלערט דורך אַלע אַלטע געדאַנקען, פונקט ווי אַ קי, וואָס איז מעלה גרה; מישט און קייט איבער צום הונדערטסטן מאָל יענעם געדאַנק וועגען זיינע קינדער: דאָס אייניקל איז אַלץ קראַנק און פון זון הערט מען קאַ׳ וואָרט ניש׳. און וואָס ׳עט זיין, וואָס ׳עט זיין? ווי לאַנג ׳על איך זיך עס נאָך אַרומדרייען?!

און דוד, אויך ער דרעמעלט איין, וואַקלט זיך אים זיין קאָפּ, זיצנדיק, און ער פאַלט אַראָפּ נידעריקער, און בלייבט ליגן ווייך—ווייך—אויף דער שויס פון דער גוטער סטאַשע, וועלכע העלפט אים אַלעמאָל צו באַם שלעפּן, אָדער באַם אָפּבעטן עפּעס.

און ער חלומט דעמאָלט מאָדנע חלומות, וואָס פירן אים אַרום און ווייזן אים מאָדנע זאַכן.

טיילמאָל ווערט ער דערשראָקן פאַר די חלומות, וועקט ער זיך איבער און נעמט מיט אַלע כחות אַוועקטרייבן זיי, וואָס דאָס קומט אים אָן זייער שווער. ער מוז פריר זיך דערמאָנען אָן דער באָבען זיינער, וואָס איז געשטאָרבן מיט דריי יאָר צריק; אָן טויטן טאַטע,—אָן גאָט אין הימעל. לעצטנס אָבער ווילן אים די געדאַנקען נישט אָפּלאָזן פאַר קיין געלט! ווייסט ער שוין, אַז ר׳איז פאַרקראָכן אין זינד און, אַז ס׳גהנום וועט זיין פאַרן ווייניק. וואָרן, ווי חלומט זיך עס אַ יינגל, אַ דרייצניעריק יינגל, אַזעלכע זינדיקע חלומות? אָט טאַפּט ער אָן מיט דער האַנט עפּעס ווייכס, עפּעס, וואָס וואַרעמט אים דעם גאַנצן גוף דורך אַלע זיינע אָדערן, עפּעס גלאַטיקס און ער דערשפּירט אַ זיסקייט, אַ גרויסע זיסקייט... נעמט ער, באַרירט פעסטער, נאָך פעסטער... ווערט אים הייס, בייגט ער אַראָפּ דעם קאָפּ און מיט דעם מויל באַרירט ער דאָס ווייכע. עפּענען זיך זיינע ליפּן, קושט ער דאָס אָרט הייס, קושט ער פריידיק, ווי ער פלעגט אַמאָל קושן אַלע הייליקסטע זאַכן... נאָכמער, ער האָט גאָר צו קיין זאַך קיינמאָל ניש׳ געהאַט אַזאַ ברען... אַזאַ העליש פייער... און ווי קומט עס צו אים? אָבער ער דווינזשעט נישט צו קומען צום געדאַנק, ווי ער פאַרגעסט אָן אַלעם,—פאַרגעסט און קושט ווידער און קושט ווידער.— —

אַזעלכע חלומות, אַזעלכע איבערלעבונגען האָט דוד אין די אומעטיקע נעכט, אין די פינסטערע נעכט, אין די רעגנדיקע נעכט.

אַמאָל, אין דער ערשטער צייט, ווען די דריי שיקסעס זענען געפאָרן מיט פאַנטלען, האָט ער זיך איבערגעוועקט און פאַרשלאָפענערהייט נאָך האָט ער געמיינט, אַז ער געפינט זיך אינדערהיים און ס׳האָט אים אויסגעוויזן, ווי די מאַמע וואָלטן גערופן; שטעלט ער זיך אַזוי אויף און וויל צוגיין צו איר, ווי ער שטויסט זיך אָן אָן זיצנדיקע מענטשן און ער פאַלט. אַרום איז געווען פינסטער—שטאָק-פינסטער און איז דרויסן האָט גע-

שטורמט און אַ רעגן האָט געגאָסן טיילנווייז—ס׳מבּיל. דערהערט ער דאָס בלאָנדע שיקסל, וואָס פרעגט אין דער פינסטער אריין:

—קטאָ יעסט?

און פאַנטלס קול:

—שלאָפּטס, שלאָפּטס!

האָט ער איינגעהאַלטן דעמאָלט דעם אָטעם, ווי אַ גנב. און באָטש ס׳איז געווען שטאָק-פינסטער, האָט ער צוגעמאַכט די אויגן - מ׳זאָל זעען, אַז ער שלאָפט...

און אַ צווייט מאָל, בעת׳ן אַראָפּקריכן פון דער פור, אין וואַרשע. דעמאָלט איז שוין ליכטיק געווען: ער איז געשטאַנען אויף דר׳ערד און גענעמן דאָס פּעקל זיינס, וואָס איז בעלעגן אויפן געזעס. איז פונקט אַראָפּגעגאַנגען נאַטשע, אַרויסגעשטעקט אַ פוס, האָט זי געפּריווט אין דער לופט, געטאַפּט, ביז זי האָט אָנגערירט די ערד. האָט ער געזען אַ שטיק נאַקעטן פוס אירן און ער האָט דערפילט, ווי דאָס האַרץ זיינס האָט אים אַ ציטער געגעבן און אַזאַ גלאַטיקע ווייכקייט איז אים אין זיינע אַלע אברים צעגאַנגען.

נאָר רייטשל זיצט אין די רויע, נאַסע פּאַסן פלייש און קוקט אין דער לופט אַריין, ווי אַ גולם. זי דערמאָנט זיך בלויז אָן שטיקל „דזשערדעוור״ לייוועגט, וואָס זי האָט זיך שוין אָנ-געגרייט צו דער חתונה; אָן די זעקס העמדער, וואָס זי האָט געקויפט אַ מציאה בּאַ מינקע די צעלניקערן; און זי טראַכט, וואָס פאַר אַ שיך זי זאָל זיך קויפן אויף יום-טוב.

טיילמאָל טרעפט אויך, עס פאָרט אַ בכבודער, הויכער ייד, אַ גלייכער, מיט אַ ווייסער לאַנגער באָרד; אין אַ „קופּיעצקע״ פּאַלטאָנדל און אַ האַרטן היט אויפן קאָפּ. זיצט ער און שלעפט זיך מיט אַלע שמוגלערס און פון האַנט לאָזט ער נישט אַרויס אַ טלומאָקל איבערן גאַנצן וועג.

„ווער איז ער דאָס, דער ייד? איז ער אויך אַ שמוגלער?״ שטעלט זיך יעדער אַ פראַגע. אַלע שפּירן זיך עפּעס געקרעמ-פּירט אין זיין געזעלשאַפט. ער באַצאָלט אָבער, און פאָרויס, ווי-פיל ס׳קומט און רעדט אַ גאַנצן וועג נישט קיין וואָרט. אַ יוד—

אַ מלכות. קיינער ווייס אָבער נישט, אַז די קינדער זענען אַוועק קיין אויסלאַנד: דאָקטוירים, אינזשינערן. איין טאָכטער נאָר געבליבן מיט אַ קינד ביי דער ברוסט און דער מאַן איז אויף דער מלחמה. פייניקט מען זיך שוין העכער אַ יאָר—ס׳געשעפט אויפגעגעסן, האָט מען פאַרקויפט אַלץ פון שטוב: קרעדענצן, טישן, שטולן—פאַר אַ שיבש. און וואָס טוט מען ווייטער? די קינדער שרייבן נישט. מוז מען זיך צו עפּעס נעמען...

„אַלע קאָנען, ׳עסטו אויך קאָנען!..״

האָט ער אָנגעטון דעם האַרטן הוט, ווי איינער, וואָס גייט טון אַ כבוד-זאַך. געפאָרן אויף אַ מאַרקסטאָג נאָך אַ ביסל אייער, פּוטער, מעל און געפירט קאַ׳ וואַרשע. שטיל, מיט אַ רויק פּנים געגאַנגען אין אַ געוועלבל אַריין, פאַרקויפט און דאָס פּאַראיבעריקטע געלט געבּרענגט אין שטוב אַריין...

די שמוגלערס וויסן דאָך נישט—נאָר עפּעס אַ שטילער דרד ארץ שלאָגט, מ׳ווייסט נישט פון וואָס.

טיילמאָל ווידער אין אַ לבנה-נאַכט, זיצט דער אַלטער שעהקע, דערציילט ער מעשיות פון רבנים און פון מכשפים. אַלע האָרכן און בעתן הערן, קוקט מען אַרויס פון דער פור איבער דער שטילקייט פון פעלד. ד׳אויגן בלאָנדזשען, אַ פאַרזילבערטקייט שווימט דעמאָלט אַרום אין דער נאַכט... און אַז דער אַלטער בלייבט שטיל, דערשפירן זיי אַ נאָגעדיקייט אין זיך און אַזאַ פרייגיביקייט, אַז זאָל נאָר ווער קומען, וואָס דאַרף עפּעס צו האָבן - אַ פינפעצוואַנציקער, קריגט ער מיטן ערשטן וואָרט...

אָבער, אַז מ׳קומט קאַ׳ וואַרשע, פאַרשווינדט דאָס אינגאַנצן. יינגען און מיידן הייבן אָן די קעפ אויפצוהייבן, צו זוכן, וואו אָפּצופּטרן דאָס „מת״, ווי זיי רופן די סחורה און צו קריגן אין דער האַנט אַריין די „לעבעדיקע״ קלינגערס...

---

# איינאונצוואַנציקסטע קאַפּיטל.

און אַז מ׳קומט צופאָרן אין שטעטל, לויפט יעדער אין זיין היים אַריין און לאָזט איבער באַ דער פור פּאַנטלען, מיט די זין און די נאַטשע. אויף די פורן האָט שוין יעדער איינציקער זיין „כלה". דער בלינדער גרונם, וואָס פאָרט מיט יענקל טשאַפּ, האָט באַלד באַם ערשטן מאָל אַריינגעפירט זיין כלה צו זיך אין שטוב. דאָס ווייב האָט ער געהייסן זיך אויפהייבן פון בעט. „גע־נוג געכאָליעט!", האָט ער געזאָגט, און די שיקסע זיינע האָט זיך דאַרין אַריינגעלייגט שלאָפן.

אין אָנהויב האָט עס אָנגעמאַכט אין שטעטל אַ גאַנץ גע־רודער. „מילא, יינגען"—האָט מען געזאָגט—זענען יינגען! אָבער מאַנען, וואָס האָבן ווייבער, טאַטעס פון קינדער־פע, פע..."

גרונמס ווייב האָט געוואַלדעוועט, האָט געריסן פון זיך און פון אים—האָט געמאַכט שאַנד און שפּאָט, ביז ער האָט איר איינמאָל געזאָגט:

—דו ווילסט ניש׳, קאָנסטו דיר אַוועקגיין פון שטוב.—אויף וואָס זי האָט געענטפערט:

—אַן אויסרייסעניש זאָל אויף דיר קומען. און די קינדער?

—טאָ ליג אין געהאַקטע ווינדן און רעד ניש׳...

און מ׳דערציילט, אַז ער שלאָגט זי, אַז ער מאַכט איר ברוינע און בלויע צייכנס אויפן לייב... מענטשן האָבן זיך גע־וואָלט אַריינמישן, האָט ער אויף זיי אָנגעשטעלט דאָס בלינדע אייגל, איז זיי ס׳בלוט פאַרקילט געוואָרן אין די אָדערן. „ווער וויל דען האָבן מיט גרונם גזלן צו טון?"

דעם ווייבס ברודער, אַ שוסטער, האָט אים אפילו איינמאָל אָנגענומען פאַרן האַלז און געזאָגט:

—טויט אָדער ברויט! ׳עסט אַרויסוואַרפן די שיקסע פון שטוב?...

האָט גרונם נישט געכאַפּט אַ מעסער און אים פאַרוקט אין

דער האַנט אַריין? יענער גייט נאָך ביז היינט געבונדן.

און ווייל עס איז אַזוי, אַז אפילו מאַנען האָבן כלהס, האָבן זיך דאָך יינגען אודאי ניש׳ וואָס צו שעמען און פּאַנטל אויך נישט.

האָט ער טאַקי איינמאָל געזאָגט צום ווייב:

—הער נאָר, זאָלסט מיר גאָרנישט דערוועגן צו רעדן.

האָט זי געטון נאָך קלוגער, אַז די שיקסע איז געקומען, איז זי באַלד אַליין אַרויס פון איר בעט, אָפּגעטרעטן איר, אַ׳ ניש׳ ׳עט ער זי דעך לייגן אין זיין בעט...

און ס׳האָט זיך געפּירט, ווען מ׳האָט נאָר אַריינגעלאָזט די פערד אין שטאַל און גליקע האָט עס דורכן לאָדן געהערט, אַ בלאָז פון די פערדליפּן און אַ שאָקל אָפּ זיך, אָדער די טריט פון די פערדס קאָפּיטעס, און גלאַט אַזוי, מ׳קומט צו צופאָרן פאַרן הויז, איז גליקע שוין געשטאַנען אויף די פיס אין אירע שטעקלאַטשן, אַרויפגעוואָרפן די קורצע באַרכאַנע האַלקע און אַוועק אין קיך אַריין: לאָ׳ מע׳ ניש׳ דאַרפן מיט איר טענהן. פלעגן זיי זיך לייגן, פּאַנטל אין איין בעט און די שיקסע אין צווייטן, איבערדעקן זיך מיט די דעקעס און שלאָפן געשמאַק.

דערוועקט זיך טיילמאָל באַ גליקען אַ בושה. זי דערמאָנט זיך, אַז זי קומט אין די הויכע חדשים אַריין. זי טראָגט דאָך,.. און ס׳שטעלט זיך איר פאָר די ערשטע צייט, ווען זיי האָבן נאָר אָנגעהויבן צו שמוגלען, הייבט איר אָן צו דריקן, צו קלעמען באַם האַרץ און אַן אומבאַוואוסטער טרויער נעמט זי אַרום. לויפט זי אַריבער צו איר טאַטן, קלאָגט זיך פאַרן, ווײנט זיך אויס איר ביטער האַרץ.

הערט ער אויס, דער אַלטער, בייזערט ער זיך נאָך אָן אויף איר:

—פע, שעמען מעגסטו זיך. אויף אַן אייגענעם מאַן אַזוינס צו רעדן... וואָס ווילסטו פון אים? פרנסה גיט ער דיר? ברויט האָסטו? און אַ קאַרטאָפל פעלט נישט אין שטוב? וואָס ווילסטו? אַ סך ווייבער וואָלטן זיך געווינשן אויף דיין אָרט, צו האָבן אַזעלכע פאַרדינערס!

בלייבט זי זיצן מיט פאַרוויינטע גרויסע אויגן, ווי בײַ אַ קאַלב. שטעלט ער זיך אויף, דער אַלטער, קוקט זי אָן און לאַכט:

—כי, כי, כי... גלייכער וואָלסטו גאָרנישט געווען גערעדט! זעסטו, און אַ ברית ווער ׳עט מאַכן?.. הע?..

טוט זי אַ וויין אַרויס. ווערט ער גערירט. נעמט ער דעם סענקאַטן שטעקן, און געבויגען אין דרייען גייט ער, דער אַל־טער דודקע, פאַנטלס שווער, אַריבער צום איידעם—איבערעדן מיט אים.

אַריינגעקומען אין קעך, זעצט ער זיך אַוועק נעבן טיש און קוקט זיך אַרום אין שטוב. „הע. הע, אַ שפע קאָן עין הרע..." נאָר אַז זי צופט אים פאַרן אַרבל און ווינקט צו אים, שטעלט ער זיך אויף, גייט צו צו דער טיר, עפנט זי פאַמעלאַך און גייט אין דער צווייטער שטוב אַריין.

וואָס ער האָט דאָרט געזען, ווייס מען נישט, וואָרום ער האָט פאַר קיינעם קיין וואָרט נישט געזאָגט. ער איז בלויז צריק־געלאָפן אַריין אין קעך אַריין; געלאָפן, אויף וויפיל ער האָט נאָר געקאָנט, און פאַרהאַקנדיק די טיר, האָט ער זיך נעבן איר אָפגעשטעלט, ווי ווענדיק פאַרשטעלן מיט זיך דאָרט אַהין דעם אַריינגאַנג, און האָט זיך אָנגעלענט אויף זיין שטעקן.

דער טאָכטער, וואָס האָט אים געהאַט אָנגעהויבן עפּעס צו פרעגן, האָט ער נישט געענטפערט. ער האָט צוגעלייגט אַ פינגער אויפן מויל און בלויז געזאָגט:

—ש-ש-ש-אַ-אַ-אַ— —

אין אַ פּאָר מינוט אַרום האָט ער זיך גלייך געמאַכט דעם הוט זיינעם און מיטן פינגער נאָך אַלץ אויף די ליפּן איז ער אַוועקגעגאַנגען. אויף דער גאַס ערשט, האָט ער געזאָגט צו זיך:

—אָ-וואַ, וואַ, וואָס אַ יינג קאָן... או וואַ, אַ, בײַ אַן אייגן וייב אין שטוב... וואַ—וואַ!— —

אָבער גליקע האָט זיך איינגעוואוינט דערמיט. טיילמאָל, ווען פאַנטל איז אין גאַס און זי ברויך צו האָבן געלט, גייט זי צו צו דער שיקסע און נעמט וויפיל זי באַדאַרף... און אַז

מ׳נעמט אַמאָל צו אַ ביסל שמוגל, זעצט זי זיך מיט איר אַוועק און פרעגט: זי אויס, ווי אַזוי ס׳איז געווען, וויפיל מ׳האָט צוגענעמען און בּאַ וועמען אַלץ. די שיקסע פּאַרציילט איר באריכות און זי הערט אויס צושאָקלענדיק מיטן קאָפּ:

—יאָ—יאָ.

פּאַרנאַכט. ס׳גאַיעס זיצן שוין אין שטוב. אין דרויסן איז נאָך גוט לעכטיק, אָבער אין שטוב ברענט שוין דאָס פּינפּערלעמפּל. פּאַרשפּרייטן זיך שאָטנס פון די מענטשן און פּעקלאַך. לייגן זיך אויס שיקסעס מיט שקצים אין די שאָטנס אַריין און אַ כיכעריי טראָגט זיך פון צווישן זיי.

קומט אַריין פּאַנטל און זאָגט, אַז די פור שטייט שוין גרייט, נאָר מען מאַכט בלויז די געזעסן. שטעלן זיך אַלע אויף און נעמען זיך צו די פּעק, אַרויסצוגיין, ווי ס׳קומט אָן פּייפּקע מיט יורעקן, האַלטנדיק זיך אַרום די העלזער—לוט שכור—און זינגען עפּעס אַ מאָדנע ליד און טופען כסדר מיט די פיס.

הינטער זיי גייען אַלע חברים מיט איטשעלען „נאַשפּיץ״ און זינגען צו דעם „רעפריין״ און האַלטן יענע צוויי צו—ווי אַ כאָר.

דערהערט זיי מענדל פון הויף, לאָזט ער שטיין די פור מיט די געזעסן, לויפט אַריין אין שטוב און פּאַטשט זיך מיט די קאָלעגעס אין די פּלייצעס אַריין און זיי מוזן נאָכאַמאָל אָנהייבן צו זינגען פון אָנהייב:

ז׳ מיאַסטעטשקאַ וויעזשדזשאַמי,
נאַ וואָזו שמוקעל נאַקלאַדאַמי—
אוי טשי ד׳ריפּטשו—טשיפּטשו,
טשי׳ ד׳ריפּטשו—טשיפּטשו—האָפּ!

יעדזשעם, יעדזשעם ווּשיסצי וו׳סטראַכו—
אַ נאַ שאָסע סטאָי וואַכו...
אוי טשי דריפּטשו—טשיפּטשו,
טשי׳ ד׳ריפּטשו—טשיפּטשו—האָפּ!

ווי וואַרשאַוויע דאָסטאַיעמי פענאָנדזקי
אי טשימאַמי יך נאַ ראָנטשקי.
אוי טשי ד׳ריפּטשו—טשיפּטשו,
טשי׳ דריפּטשו—טשיפּטשו—האָפּ!

אַ נאַזאַד יעדזשעם וועסאָלאָ
אי שפּיוואַמי סע ווי׳ קאָלאָ,
אוי טשי ד׳ריפּטשו—טשיפּטשו,
טשי׳ ד׳ריפּטשו—טשיפּטשו—האָפּ!

אַזויערנאָך גייט צו דאָס געזאַנג פון די שמוגלערס, אויס-געשטעלט פייפקע און יורעק—די פאָרזינגערס—פון איין זייט און דער כאָר פון דער צווייטער. און לאַכנדיק און פייפנדיק, באַ גרויסן „באַפאַל" פון אַלע שמוגלערס, שטופנדיק זיך און פאַלנ-דיק איבער גויעס און שיקסעס-גייט עס דאָסדאָזיקע ליד, וואָס פאַרמאָגט אין זיך די גרעסטע טיפקייט פון אַ שמוגלערס געדאַנ-קען. דאָס איז דאָס ליד, וואָס זיי אַליין האָבן עס פאַרפאַסט. טאַקי פייפקע מיט יורעקן.

## ענדע ערשטע טייל.



ז. 92 ש. 15 — וואס ער האט דארט געזען, ווייסט מען נישט . . . — ע. ט.

## ערשטע קאַפּיטל.

פיר יינגע קאָבּילעס האָבּן געטרעטן דאָס גראָז מיט די נאָך קיינמאָל נישט-געשמידטע פיס זייערע און האָבּן פריי-דיק אַריינגעצויגן מיט צושפּרייטע נאָזלעכער די שמעקענדיקע פעלד-לופט אין זיך אַריין. אַרום די שטאָלצע גלאַנציג-ברוינע העלדזער זענען געווען בלויז די לעדערנע צוימען פאַר-וואָרפן, און דער גאַנצער קערפּער איז געווען אַזוי גלאַט, קיין איין צייכן נישט צו זען. באַ קיינע פון זיי—נישט קיין אָפּדריקינג פון אַ כאָמעט, אָדער פון אַ זאָטל און די הויטן זייערע אויף דער זין האָבּן געגלאַנצט פון יינגקייט, פעסט-קייט און ריינקייט.

די פּוירן האָבּן אָנגעבּונדן די צוימען אָן דיקע ביימער און האָבּן דערווייל גערעדט צווישן זיך:

—„פּאַנטל יעסצע ניע פּשישעד,“—זאָגט איינער אַן אַל-טער פּויער, מיט לאַנגע פלאַקסענע האָר און מיט אַ פּיטער-נעם היט אויפן קאָפּ, נישט קוקענדיק, וואָס ס'איז אין מיטן רעכטן זימער.

—„אָן פּעוונאָ זאַראָ׳ נאַדעידזשע.״—ענטפּערט אָפּ אַ יינגל פּוירל. אויך מיט פלאַקסענע האָר, ווי ביים אַלטן—אַודאי אַן אייניקל. און פון דערווייטנס האָבן זיי טאַקי דערזעען פּאַנטלען און זיי זענען אים אַנטקעגען געגאַנגען.

פּאַנטל האָט זיך מיט זיי פעסט באַגריסט מיט די הענט און איז צוגעגאַנגען צו די פערד. יינגעטשקע, גלאַנציגע—זע־נען זיי געשטאַנען מיט אַראָפּגעלאָזטע עקן און די קעפּ, אויך אַראָפּגעלאָזטע, צי דער ערד—פאַר כּעס, וואָס מען האָט זיי צו די ביימער צוגעבונדן—און געשאַרט מיט די נאַקעטע פיס און אונטער יעדערער איז צו פיר אויסגעפּרעסענע לעכער אין דער ערד געווען.

ער האָט מיט הנאה באַטראַכט די פערדלאַך—רונדיקע, שטייפלאַכע „באָקעס״ מיט גלאַטיקע ביילער. פעסטע, געזונטע און לאַנגע פיס, מיט פילע העלדזער און אָפּגעשוירן אויף די קערגער אַ יעזש. ער האָט זיי אויפגעמאַכט די פּיסקעס, אַריינ־געקיקט און אויסגערופן צו די פוירן:

—גיטע פערדלאַך באַ אייך! צי אַלטהונדערט קערבלאַך ווערט, חי גאָט איז מיר ליב.

—און פאַר טויזענט וועט מען נישט פאַרקויפן,—ענט־פערט דער אַלטער פויער און נעמט אַרויס אַ בויגאַלע דינע ביבולקע, רייסט אָפּ אַ פּירקאַנטיק שטיקל, שיט אין דעם אָן טאַבאַק פון אַ פעקל אַרויס, דרייט איין און פאַרויכערט אַ פּאַפּיראָס.

—און וואו איז ער?—קאָן זיך שוין דער יינגער נישט איינהאַלטן. קוקט זיך אום דער אַלטער און זאָגט:

—„אָ דיטש טאָ אָן יידזשע.״—און ער קוקט פאַרמרוזשענ־דיק די אויגן, ווערלענדיג נאָך פון ווייטנס דערקענען וואָס פאַר אַן אָגער דאָס איז.

מענדל זיצט אויפן רייטענדיק, פּאַטשט אים מיט אַ לייטש איבערן לייב און דער אָגער לויפט און לאָזט איבער א שטיב הינטער זיך. אויף אַ שמאַלער סטעטשקע, האַרט נעבן

פּ לד, לויפט נאָך אורקע, בייגט זיך איין לויפנדיק, כאַפּט-אויף שטיינדלאַך און וואַרפט זיי נאָך דעם פערד.

—וואַרט, קליינע כפּרה. כ׳על נאָר אַהיימקומען, לאָז איך דיך אויפן אָרט...—שרייט אים צו מענדל פון פערד אַראָפּ.

צוגעקומען, שפּרינגט ער אַראָפּ פון אים, פּאַטשט׳ן אי-בערן האַלדז און דער אָגער שאָקעלט זיך אָפּ, ווי ער וואָלט נאָר וואָס געהאַט פון אַ וואַסער אַרויסגעקומען. דערנאָך הייבט ער אויף דעם קאָפּ, קוקט און דערזעט די פיר פערדלאַך. צעעפנט ער ברייט די נאָזלעכער, צעהירזשעט זיך און ד׳אויגן נעמען אים פאַרלויפן מיט בלוט. מענדל האַלט אים פעסט פאַר דער לייטש און, אַז ער רייסט זיך, לויפט ער אים נאָך און ציט אים צריק. אַזוי שטייען זייביידע אומרוג און האַלטן זיך אין איין אַרומיאָגן איבער דער לאָנקע.

די פוירן באַטראַכטן פאַנטלס פערד און זאָגן:

—„יוזשצי אָן דאָברי קון!"

נאָר פאַנטל דינגט זיך מיט זיי, זיי ווילן אַראָפּרייסן פון פּרייז, לאָזט ער זיך נישט! שרייט, רופט, ווייזט אויפן פערד.

—איר קוקט-אָן אַ פערד—אַ לייב!

אַזוי דינגט זיך פאַנטל מיט די פוירן און די פיר פערדלאַך דערזעענדיק דעם אָגער, דערפילן, אַז מען גייט זיי דאָ עפּעס טון. ווערן זיי אויפגערעגט, באַקומען זיי ווילד בלוט, רייסן זיי זיך, צאַפּלען און פליקן זיך פון די ביימער. פּלאַצט באַ איינער די צוים, לאָזט זי זיך לויפן איבער דער לאָנקע און טראַטעוועט די גראָזן מיט די נאַקעטע קלאָן אירע. זעט דאָס דער אָגער, טוט ער זיך פּלוצלונג אַ שטעל אויף די צוויי אינטערשטע פיס מיט אַזאַ אומפּעט, אַז מענדל ווערט אונטער-געהויבען פון דער ערד, לאָזט אַרויס די לייטש פון דער האַנד און פאַלט צריק אַראָפּ אויפן גראָז. דערשפּירט זיך פריי, טוט דער אָגער אַ שפּרינג מיט די פאָדערשטע פיס און לאָזט זיך אין גאַלאָפּ נאָך דער צעווילדעוויטער קאָבילע.

כאַנטל מיט די פוירן לויפן אַהין, אַהער, שפּרייטן אויס די הענד, וועלנדיק האַמעוון זיי דעמ יועג צום שאָסיי צו. דער אַלטער פויער זהאַלט זיך אונטער מיט די הענט די זייטן, פונקט, ווי ער וואָלט מורא געהאַט, זיי זאָלן זיך נישט אַמאָל אויסעיטן. מיטן קאָפּ וואַרפט ער און סאַפּעט און אין געאייל פאַרלערט ער דעם פּאַפּיראָס. בייגט ער זיך איין אים אויפ-צוהויבען און „סטענקעט” אַרויס:

„—אַ׳טאָ קוינסקאָ פשאַקרעוו...”

נאָר די קאָבילע לויפט „נאַ כיביול-טראַף.” דערהערט זי אַ הירזשן, כאַפּט זי אַ בליק הינטער זיך און דערשרעקט זיך פאַרן אָגער, וואָס אַ רויך זעצט אים פון די נאָזלעכער אַרויס. פאַרקערעוועט זי אין אַ זייט, אָבער דאָרט פאַרשטעלט איר אַ מענטשן-וואַנט דעם וועג, ציט זי זיך אויס לאַנג, אַזוי, אַז זי ווערט אויף אַ העלפט נידעריגער און גרייט-זיך צו טון אַ שפּרינג אין דער לופט, ווי דער אָנער יאָגט איר אָן, טוט אַ ביס איר אין ווידל און שטופּט זי אַראָפּ צו דער ערד; אַז די זייטן אירע זענען שוין גיט אַראָפּגעזעצט, טוט ער זיך ווידער אַ שטעל אויף די הינטערשטע פיס און מיט די פאָ-דערשטע, וועלכע זענען אויך אָפּגענאַקעדיקט פון די פּאָדקאָ-ווען כאַפּט ער זיך אָן אַרום איר. ער הירזשעט דאַבאַ אַזוי ווילד, פונקט, ווי ער וואָלט געביסן געוואָרן פון אַ משוגענעם הינט. אויפן גאַנצן שוואַרצן קערפּער זיינעם שטעלט אַ שווייס זיך אויס.

זי רייסט זיך פונם מיט אַלע כוחות. בריקעט, הייבט זיך, ווילנדיק אַראָפּוואַרפן פון זיך די מאַסע, וואָס דריקט זי אַזוי, אָבער די ביינער קנאַקן איר אַזש און זי קאָן זיך קיין עצה נישט געבן. און דאָ מיט אַמאָל דערשפּירט זי אַן אוממאַכט אין זיך און אַ מידקייט, ווי זי וואָלט געווען אַ שטייגער אָפּגעלאָפן אַ מהלך פון אַ דרייסיג וויאָרסט אָן שום אָפּהאַלט. פרייסעלט איר אויף דער גאַנצער קערפּער און זי בייגט-איין דעם קאָפּ און די אויגן ווערן איר פאַרצויגן, ווי מיט גלאָז. אַצינט בלייבט זי שוין שטיין שטיל, מיט הכנעה,

ווי איינע, וואָס דערפילט זיך אינגאַנצען אַ באַזיגטע.

אורקע שטייט אָן אַ זייט, קוקט זיך צו צו דער גאַנצער סצענע מיט ווייט - אויפגעריסענע אויגן און מיט אַן אַרויסגעשטעקטע צינג. קוקענדיק, ווערט אים אַזוי, ווי ר'וואָלט געהאַלטן אַ זיס ציקערל אין מויל און אַ רויטע פרייד לייגט זיך אים אויס אויפן פנים. ער שטייט אויפן גראָז מיט אַלע פיר און ציפּט און פליקט אויס גרעזלאַך און ריקט זיך, וואָס אַמאָל נענטער צו די פערד. ער בייגט זיך, זעצט זיך און אויך מיט אַזעלכע רויטע אויגען, ווי ביים פּאָטערס פערד, קוקט ער דאָ און דאָרט און ווערט פלוצלינג אַרויפגעוואָרפן אין דער הייך דורכן הינטערשטן פיס פון טאַטעס פערד, וועלכער האָט דערשפּירט (מיצן אין דער נאָענט באַ זיינע פיס, אין דער לופט. מאַכט אורקע אַ קאָזשעליק, פאַלט און בלייבט זיצן אויף אַ גראָז-בערגל. ער נעמט זיך אַרומטאַפּן און אַרום-קיקן, נאָר דערזעענדיג דעם טאַטן, וועלכער ליופט צו'ן אים, אַראָפּכאַפּנדיק דעם פּאַסיק פון די הויזן — שטיפט ער זיך אָפּ מיט די הענט פון גראָז, שפרינגט-אויף און נעמט אַנט-לויפן מיט אַ געשריי, מיט אַ געוואַלט, צריק, אין שטאָט אַריין.

איבער די געסלאַך פליט ער אויך אַזוי געשווינט, אָבער שוין אָן מורא. טוט ער לויפנדיק, אַ שטויס וועלכן קינד, וואָס צעווייינט זיך, מאַכט ער זיך גאָר נישט דערפון, הערט ער נאָר די געוויינען און די קולות הינטער זיך. ער שפרינגט, הירזשעט אויך שעור, ווי דעם טאַטעס פערד און דאָס מויל צושפּרייט זיך אים פון געלעכטער. און אַז ער קומט-צו צו זייער הויף און זעט נאַטשאַ'ן, וואָס זיצט אויף דער שוועל און פּאָכעט זיך דאָס פּנים מיט אַ טיכל, פּאַר די היץ, גיט ער אַ פּאָר מיט דער האַנט אין איר ביזעם אַריין און נעמט איר דאָרט קנייפּן די הויט און ער שפּירט גאָר נישט, ווי זי פּאַטשט אים און רייסט אים שעור אַן אויר אויס.

---

# צווייטע קאַפּיטל.

—ר'אָט' עך'ן שעור — שעור דערהרגהעט.—ברומט אַרויס פּאַנטל צריקונמענדיג פון פעלד. — וואו איז ער דאָס? הא?

—וואָס? ווענען?—שרייט איס גליקע און הייבט אויף די הענט צום פנים און נעמט זיך שוין קנייפּן די באַקן.

—דעם קליינעם ממזר-ייִנג, דעם שניעק!

—וואָס רעדסטו עס? ער אי' דעך ערשט דאָ געווען, אַ שטיק ברויט געכאַפּט!..

—ער אי'דאָ געווען. אָבער כ'על אים די ביינער אַלע צוברעכן. אורקע! — טוט ער פלוצלונג אַ בריל, דערזעענדיק דורכן פענסטער דאָס ייִנגל, אַז יענער ווערט אַזש פּאַרצ־טערט, גייט צו צו דער אָפענער טיר, ריקט זיך אַריין שטים אין איר און שטעלט זיך אַוועק פאַרן טאַטן.

הייבט זיך אָן אַ שרייען און אַ שלאָגן, אַז אַלע שיק־סעס, פון פאַר דער טיר, קומען אַריינצולויפן, ווילן אָפּרייסן דעם טאַטן פון זין, אָבער נישט איינע כאַפּט אַריין אַ לינקן קלאַפּ.

באַ אורקען „יוכעט" שוין די נאָז און פּאַנטל דערזעענ־דיק בלוט, ווערט נאָך מער צורייצט, ווי אַ ווילדער אָקס, ווען מען ווייזט אים אַ רויט טיכל. גליקע וויל מיט אַלע כחות אַרויסנעמען דאָס ייִנגל פון מערדערס הענט. זי שעלט, זי וואַרפט זיך אַריין אין דער מיט און באַקומט אַזאַ פלעם אומגערן איבערן בויך, אַז זי בלייבט שטיין, ווי איינער וואָס האָט מיט אַמאָל פאַרלוירען די געדאַנקען. די כיס ברעכן זיך איר אונטער, זי גיט זיך אַ טרייסל און אַ קנאַק אַנידער אויף

דער פּאָדלאָגע מיטן גאַנצן קערפּער אירן.

באַלד אָבער זעצט זי זיך אויף, לאָזט אַרויס אַ קוויטש, אַז אַלע פון שטוב און פון גאַנצן הויז לאָזן זיך צו איר. פאַנטל הערט אין דער רגע אויף צו שלאָגן דעם יינג.

מ׳האָט איר אויפגעקנעפּלט די בלוזקע, אויפגעלאָזט דאָס קלייד מיט דער באַרכאַנקע און אַוועקגעמאַכט דאָס העמד. אַ געדיכטע פאַרע האָט זיך אַ הייב-געטאָן פון איר קערפּער. זי האָט געשריגן און געהאַלטן די הענט אויפן נאַקעטן בויך, וואָס איז איר געוואָרן אויפגעלאָפן, ווי אַ קישן. מ׳האָט גע-בּרענגט אַ פעלדשער, מ׳האָט זי אַריינגעלייגט אין בעט און מ׳איז געלאָפן נאָכן דאָקטאָר.

מענדל קומענדיק צו גיין און, דערוויסנדיק זיך, וואָס ס׳איז געשען, האָט ער זיך, ווי אַ וואָרעם געשטעלט קייגן פאָ-טער, וואַרפנדיק צו׳ן אים בליקן פיל מיט האַס. יענער, נישט קענענדיק, ווייזט אויס, זיי פאַרטראָגן, פרעגט ער אים מיט אַ פאַרדימפן קול:

—וואָס האָסטו זיך אַנידערגעשטעלט, ווי אַ בהמה? וואָס?

—וואָס כ׳האָב מיך אַנידערגעשטעלט? און וואָס האָסטו געטון? האַ?

נאָר דאָ האָבן זיך דערהערט מוראדיקע געשרייען פון דער אַנדערער שטוב אַרויס, וואו גליקע איז געלעגן. מענדל, וואָס איז בטבע געווען אַ רחמנותדיקער, האָט זיך אַ לאָז גע-געבן צו דער טיר. דאָרט אָבער האָט ער זיך אָפּגעשטעלט, איז צריקגעגאַנגען און זיך ווידער גענומען דרייען פאַרן פאָ-טער.

—הערסט, זאָלסט מיר אַרויס פון שטוב.—רופט זיך אָן פאַנטל און ד׳אויגן נעמען זיך אים גרינען.

—הערסט...—הייבט אויך אָן מענדל און ווייזט נישט, וואָס ווייטער צו זאָגן.

עס קומט אָן דער דאָקטער. ער הייסט זיך אָנגרייטן אַ שיסל וואַסער, אַ שטיקל זייף און אַ האַנטוך. דערנאָך זאָגט ער אַלע, זיי זאָלן אַרויסגיין פון שטוב, וואו די קראַנקע ליגט און

צוזאַמען מיט הודלען, גליקעס אַ שלנטע, וואָס האַלט די שיסל וואַסער מיט די איבעריקע זאַכן, גייט ער אַריין אין דער צווייטער שטוב.

דער טאַטע מיטן זון זענען געבליבן שטיין, ווי צווייי הענער. מ'האָט געזעען, ווי פאַנטל האַלט זיך איין, נישט אַרויפצוּוואַרפן זיך אויף מענדלען. דאָך אינגאַנצן באַהערשן זיך האָט ער נישט געקענט און צווישן די צונויפגעקריצטע ציין דורכגעזיפט:

—אַ כאָ-לע-רע אין דיי-נע ביי-נער אַ-ריין!

מענדל שטייט אַלץ פאַרן פאָטער, ווי אַ וואָרעם, וואָס וויל זיך אַריינגראָבן אין אים, און גלייכצייטיק האָרכט ער די געשרייען פון דער צווייטער שטיב. באַ אַ גרעסער געשריי ציטערט ער כמעט אויף און ער קאָן זיך נישט איינהאַלטן, ר'זאָל נישט זאָגן צום פאָטער:

—הערסט — ס'זאָל דיר אַ ריח אין דיין טאַטנס טאַטן אַריין!...

ווען דער דאָקטאָר האָט זיך געוואַשן די הענט, האָט ער אָנגעזאָגט, אַז מען זאָל גאָר נישט רעדן מיט דער קראַנקער, ווייל זי איז געפּערלאַך. פאַנטל האָט באַצאָלט פאַר דער וויזיט און הודל איז נאָכגעגאַנגען דעם דאָקטאָר. אַז זי איז צריק אַריינגעקומען, האָט זי געזאָגט, אַז גליקע האָט אַ שווער מפלען און ווער ווייסט... דעמאָלט האָט זיך מענדל דערפילט, ווי אַ הונט, וואָס רייסט זיך אָפּ פון דער קייט, ער האָט אויפגעהויבן די האַנט, צונויפגעלייגט די פינגער אין אַ פויסט און זיך געוואָרפן צום פאָטער. אַן אויסטערלישער קוויטש פון דער קראַנקער האָט אים אָבער אָפּגעהאַלטן. איז ער געבליבן שטיין מיט דער פויסט איבער'ן קאָפּ, געקוקט דאָ צו דער טיר און דאָ צום פאָטער; דער גאַנצער קערפּער האָט אים אָנגעהויבן ציטערן; האָט ער זיך געוואָרפן אויף די שלאָפבאַנק, און ער האָט זיך, כליפנדיק, צעוויינט.

גליקע האָט געהאַט אומגעווײנלאַכע, שמערצלאַכע ווייען עס איז איר פאָרגעקומען, ווי אַ קאָוואַל וואָלט זיך געווען אין

איר בויך מיט האַמער און צוואַנגען באַזעצט. האָט זי זיך גע-ריסן פון בעט און זי האָט כסדר געשריגן. דעמאָלט איז פּאַנטל צוגעגאַנגען צו דער טיר, וואָס פירט אין הויז אַריין, זי גע-עפנט און אַרויסגייענדיק זי צוגעהאַקט מיט אַ קנאַק.

ער האָט זיך געלאָזט גיין צו דער שטאַל, אָבער באַלד, נאָך דעם רינשטאָק, איז ער געבליבן שטיין. ערגעץ האָט אים געבורטשעט אינערווייניג, דאָרטן באַם האַלדז, ערגעץ באַם האַרץ. ער שטייט אַזוי און קוקט אַראָפּ צו דער ערד און זעט, ווי מילבן קריכן דאָרט אים און ס׳קימטן פּאָר, אַז ער האָט געטאָן אַ שלעכטע זאַך. „וואָס האָב איך געהאַט צו׳ן איר? וואָס האָב איך געוואָלט פון איר?״ און צווישן די גרעזלאַך צווישן איין שטיין און דעם אַנדערן שפּאַצירן אום די מילבן און ער באַמערקט נישט די סטרוזשקע און הערט נישט, ווי זי רעדט צו׳ן אים. חזרט זי איבער נאָכאַמאָל:

—פּאַנטל, אַ צאָ׳שע סטאַלאָ ז׳קאָביעט׳ן?

כאַפּט ער זיך ערשט אויף און קוקט אָן די סטרוזשקע מיט אַ זעלכע אויגן, וואָס ווי״זן איר אויס צו זיין פּאַרטערט. לענט זי אָן דאָס פּנים אָן דעם שטעקן פון לאַנגן בעזעם און טראַכט זיך: „או ניך מאָנזש, טאָ—מאָנזש...״ און עס דער-מאָנט זיך איר, ווי אַ סך מאָל, ווען איר מאַן דער שכּור, פלעגט זי שלאָגן און זי האָט נישט געטאָרט ווייזן קאַ׳ טרער— אויפן אָרט וואָלט ער זי געלאָזט... שטייט זי און שאָקעלט מיט דער גאָמבע און באַדוירט זיך אַליין. געדוירט עס אַזוי אַ מינוט און נעמט זיך ווידער צו קערן דעם הויף.

פאַרזינקט ער ווידער אין געדאַנקען, וואָס זענען גאָר קאַ׳ געדאַנקען ניש׳, נאָר עפּעס, ווייסט ער אַליין נישט... אָפּ-געריסענע הושענה-בלעטלאַך... און נאָכאַמאָל „וואָס האָב איך געהאַט צו׳ן איר? וואָס האָב איך געוואָלט פון איר?״ די ווערטער האָבן זיך איינגע׳עקשנט און ווילן אים נישט אָפּטרע-טרעטן. „אַ׳ אין דר׳ערד זאָל איך אַריין!״ און ווי ער שטייט אַזוי, זעט ער אויפן אַנדערן הויף רב וואָוועז און יענער נעמט

נעמט ווינקען צו׳ן אים מיט דער האַנט און רופט אים צו:

—פאַנטל, טאַקי צו דיר גיי איך. קום נאָר אַהער.

גייט פאַנטל אַריבער אין צווייטן הויף און ער קוקט גאָר נישט יענעם אין פנים אַריין. ער דערזעט גאָר, ווי ס׳ערשטע מאָל, דעם שיינעם כאַלאַט יענעמס אין דעם שטעקן מיט דער זילבערנער האַנט. יענער הייבט באַלד אָן פון גע-שעפט.

—פאַנטל,—זאָגט ער—׳עסט געַ׳ן אַ פאָר צו דער קאָליע נאָך אַ וואַגאָן זאַלץ? כ׳האָ׳ שוין נ׳פראַכט.

טראַכט זיך פאַנטל „מאָרגן איז פרייטאָג, קאַ „יאַזדע״ שוין ניש׳ מאַכן ביז שבת.—ענטפערט ער:

יאָ, כ׳על פאָרן.

גיטן יענער באַלד איבער דעם פראַכט און גייט אַוועק ברייט, בהרחבה׳דיק, מיטן זילבערנעם שטעקן אין האַנט און מיט אַן אויפגעהויבענעם קאָפּ.

שטייט פאַנטל, האַלט נ׳פראַכט אין דער האַנט, קוקט נאָך רב וואָוועץ און ער ווייסט נישט פאַר וואָס, נאָר ער דער-שפירט עפּעס אַזאַ שנאה צו דעם שיינעם ייד, אַז ר׳זאָלטן געקאָנט, דאַכט זיך, צערייסן... „ער—ער—האָט נישט געטראַס-קעט דעם ווייב אין בויך אַריין—אַ כאָ...״

אַזוי מאָנטשעט זיך פאַנטלען אין קאָפּ זעענדיק יענעמ׳ס ברייטע גאַנגאַלע, און דאָס פנים קרימט זיך אים אויס. „וואָס ווער? אַ ייד—אַ בעלבית, שיקט ער ניש׳ אַרויף ד׳טאָכטער צום קאָמענדאַנט? איך אַליין האָב זי באַ אים געזעען... און וואָס איז פאַנטל? אַ פויער—אַ כאַם—אַ געמיינער יינג—אַ חתן!... און די כאָלערע זאָל „ענק״ שוין אַלע אויפרעסן?...

ער קנייטשט דעם פראַכט, וויקעלט אים און מיט אַמאָל נעמען זיך די נאָזלעכער זיינע באַוועגן, אַזוי ווי אַ בויך בשעתן אָטעמען: אַ סמן, אַז עפּעס איז אים איינגעפאַלן. און ווי איז, אַז מ׳עטן אָפּ-אַרבעטן אַ „קאַוואַל״ אויפן וועג?.. המ?..

ער נעמט זיך רייבן דעם שטערן און וויל שוין אַריבערגיין

איבערשמוסן מיטן „קיסר.” אין וועג אָבער דערמאָנט ער זיך, אַז ס'איז ניש' די אַמאָליקע צייטן, ווען „פאָניע” איז געווען... היינט „שוויצט” מען אָפּ פאַר אַ לאַדע קלייניקייט... און ער באַשליסט באַ זיך.

—ניין, ניין. היינט איז נישט אַמאָל...

---

## דריטע קאַפּיטל.

נאַטשע האָט זיך געקליבן צו דער מומען אירערל איצט באַ אַזאַ מעשה, קאָן זי דאָך דאָ נישט שלאָפן. פאַנטך האָט אַפילו געמיינט, אַז ס'שאַדט נישט. נאָר באַרעכענדיק זי־האָט ער איינגעזעען, אַז מיטן ווייב אין איין בעט—אי' דעך אָפּ גערעדט. און מיט אים? כ'וויים... קייגנאיבער נ'ווייב... האָט זי זיך אַריבערגעקליבן צו איר מומען, וואָס האָט צוזאַמען מיט סטאַשאַן געהאַט סטאַנציע באַ שמואל הויקער, אַ שטיקל שוסטערל, וואָס האָט שטענדיק געהאַט אָרט פאַר אַ שיקסע, אָדער פאַר אַן אַדורכרייזנדיק מיידל.

פאַנטלען איז אַפילו געווען פשיקרע. שוין אַזוי צוגע־וואוינט. און באַזונדער האָט זי טאַקי שוין געוואוסט אַלע גע־שעפטן זיינע בעסער, ווי ער אַליין. זי האָט געוואוסט פון אַלע דערפּלאַך אַרום דעם שטעטל, געקענט אַלע פרויען פון דער אומגעגענט, און טייל שקצים, וואָס זענען געווען די גאַנצע בעלי־בתים אין די „פולוואַרקעס,” ווייל די טאַטעס זייערע זע־נען געווען אויף דער מלחמה, פלעגן איר פאַרקויפן קאָרן מיט מעל אַ סך ביליגער, ווי צו אַן אַנדערן...

אָבער נאַטשע איז פאָרט געגאַנגען צו שמואל הויקער און דאָרט האָט זי זיך מיט אַמאָל דערפילט צריק, ווי פריער—און וואַרשע.

—„אַך יעזו'...”—האָט זי אויסגערופן אַריינקומענדיק אין

קעלער-שטוב, וואו ס׳האָט געהערשט אַ האַלבע טונקלקייט. דורך דער קאָלדערע, וואָס האָט פאַרהאָנגען אַ ווינקל פון קעלער, האָט זי דערהערט איר מומעס קול און סטאַשעקס און יורעקס און נאָך אַ סך שטימען. איז זי צוגעגאַנגען פאַמעלאַך, אויף די שפּיץ-נעגעל, אונטערגעהויבן אַ ביסל די קאָלדערע און דערזעען אירע „קאָלעזשאַנקעס״ און „קאָלעגעס,״ ווי מ׳זיצט און מ׳ליגט אויף די שוואַרצע בעטלאַך, מ׳טרינקט בראָנפן, מ׳רייכערט און מ׳קישט זיך. דאָס קליינע אָפּגעצוימטע ווינקעלע איז אַליין אויך געווען איינגעטיילט אין ווינקלען און אין יעדן ווינקל האָט עס געראַיעט, ווי פון בינען. אויף אַ ברעט האַרט אויף דער ערד איז געזעסן די „מאַטעיעכע״ און פייפקע האָט זי געקיצלט אונטערן אָרעם און זי האָט זיך געקראַצט אין פוס... איטשל, ווידער, וואָס איז דאָ געווען אַן אָפּטער איינגייער, איז געשטאַנען איינגעבויגן צו דער „סטאַשע״ און גאָר פאַצעטיש-מעסיג פאַררייכערט זיין פאַפּיראָס אָן אירן... און אין קלענסטן ווינקל איז געזעסן ער, דער בעל-הבית פון קעלער, שמואל הויקער אַליין און געטון אַ ציפּ יעדעס מאָל ווען פון די שיקסעס און געלאַכט מיט זיין שפּיציקן געלעכטערל:

—כי, כי, כי...

איז זי געשטאַנען אַזוי אַ מינוט און מיט דער פּלוצלונג דערוואַכטער געריקייט איינגעזויגן אין זיך די ברודיקע, פאַרדימפּטע קעלער-לופט, וועלכע ס׳האָט נאָך מער פאַרדעמפּט דער ביליגער פאַרפומען-ריח, מיט וועלכן „סטעפּקע״ פלעגט זיך נאָך אַלץ באַגיסן. דאָס אַלץ איז איצט פאַרגעקומען נאַטשאַן, ווי עפּעס אָנגענעמס, פרישס, נייס׳ס, כאָטש אַזוי באַקאַנטס... אַפילו שמואלס קאָפּ, דער טיפּישער קאָפּ פון אַ הויקער, וואָס מ׳זאָל אַפילו פאַרשטעלן דעם גאַנצן קערפּער זיינעם, וועט מען בלויז אַן קאָפּ שוין דערקאָנען, אַז ער איז פון אַ הויקער, ובפרט נאָך אָן די שפּיציקע אויגן זיינע און אָן דעם אָפּגעצערטן גאָמבאַלע זיינעם,—האָט ער איר איצט אויך אויסגעזעען אַזוי סימפּאַטיש... אַ רויטקייט איז איר אַרויס אויפן פּנים, אַ פייערל האָט זיך איר אין ד׳אויגן צעוברענט. און ס׳איז איר פאָרגעקומען, ווי זי וואָלט

מיט קייטן געוועזן צוגעבונדן צו יענעם ווינקל. און ווי מ׳וואָלט איר פלוצלינג געטון אַ שלעפּ—אַזוי האָט זי אַ פליק געטון די קאָלדרע, אַ געשריי געטון:

—סטעפּטשאַ! סטאַשעק!—און איז אַריינגעשפּרונגען אינער-ווייניק, אַ זעץ געטון זיך אויפן שוואַרצן בעטל און די פיסלאַך געלייגט אויפן טיש אַרויף.

איז געוואָרן אַ געשריי און געוואַלט, ווי צווישן חיות. מ׳האָט זיך אַרומגעכאַפּט, מ׳האָט זיך געקושט און געריסן. און באַ אַלע זענען די בלוזקעס אָפענע, די קליידלאַך האַלטן זיך קוים... און די שיך זענען נישט פאַרשנירט... באַקומט נאַטשע גאָר אַ ווילדן חשק צו רייכערן, זעצט זיך אויף, נעמט באַ איטשעלען דעם פּאַפּיראָס פון מויל אַרויס און, איינבייגענדיק אַזוי פאַרפירעריש דאָס קעפּל, גיט זי אַ פּאָר ציִ פון אים און וואַרפט דאָס איבעריקע אַוועק. דאַן שטעלט זי זיך אויף, נעמט דאָס פלעשל, שאָקלט עס, מאַכט אַ נישט-צופרידענע מינע און דרייט עס איבער, מיטן העלדזל אַראָפּ, צו זיך אין מויל אַריין:

שמואל הויקער קוקט און קוועלט גאָר אָן. „אָט דאָס הייסט אַ שיקסל!"—ער באַטראַכט זי, ווי זי גייט, ווי זי ריי-דערט, ווי זי טרינקט און ער שווערט זיך באַ אַלעם אין דער וועלט:

—מיינע קינדער זאָלן מיר אַזוי געזונט זיין, ווי פון איר וואָלט איך געקאָנט זיין אַ לייט!..

אַז ער זעט, ווי זי נייגט און אַזוי דאָס פלעשל און קאַ׳ טראָפּ פאַלט שוין נישט אַראָפּ, נעמט ער דאָס גלעזל, גייט אַרויס פון ווינקל און קומט באַלד צריק דערמיט אַ פולס.

—„נאַ, מאַס דזיווקאַ. פּי!"—זאָגט ער מיט אַ באַפעלערישן טאָן.

געפעלט עס אַלעמען גאָר שטאַרק. לאַכן זיי אין ווינקל שעלמיש:

—„גאָרבוס שע זאַקאָכאַל..."

און זיי נעמען אים אָן און שלעפּן אים צו צו נאַטשאַן. זי שטייט—רויטלאַך, מיט פאַרגלאַנצטע אויגן, לאַכט און נעמט אים אַרום. ווערט ער בלאַס און פאַרציט די הונטערשטע „שטשענקע" אויף אַ זייט. אַלע שטייען אַרום זיי און פּייפּקע קוועטשט זיי ביידע צונויף פונקט ווי דער בלינדער גרוינם האָט עס אים געטאָן מיט רייטשן, מיט אַ פּאָר חדשים צריק... אַז שמואל הויקער דערפילט איר פּולקע לייב, ווערן אים די אויגן פאַרגאָסן מיט בלוט און אַ פּייערל באַווייזט זיך אין זיי: אַ נקמה-פּייערל!.. אַך, ווי וואָלט ער זיך נוקם געווען פאַר די אַלע יאָרן לאַכן און שפּעטן פון אים!.. ער וועלכן אַלע קרומען אַזוי נאָך, וועמען אַלע האָבן פיינט, פאַר וועמען קינדער אַפילו אַנטלויפן, אַז זיי דערזעען אים, בלויז צוליב זיין פעלער, אין וועלכן ער איז דאָך נישט שולדיק... נעמט ער זי אויך אַרום מיט די שפּיציקע פינגערלאַך און וואַרפט זיך מיט איר אַנידער אויפן בעטל...

ווערט איצט דאָס געלעכטער צווישן די שיקסעס כמעט ווילד. זיי פאַרוואַרפן די קעפּ אַרונטער און אין די ווינקלען פון זייערע צוגעמאַכטע אויגן ווייזן זיך טרערן. נאָר ביי יורעקן פלאַמט אויף דאָס פּנים פון כעס. שפּרינגט ער צו, שלעפּט אַראָפּ שמואלן פון בעט, שטיפּט׳ן צריק אין זיין ווינקל אַריין און רופט צו׳ן אים:

—די הויקער, פערשאָלטענער!.. הינטישע יוכאַ!..

פּאַטשן זיך שוין אַלע, שטיקנדיק זיך פון געלעכטער און קוקנדיק אויפן הויקער, ווי ר׳ציט זיך איין אינגאַנצן, ווי אַ וואָרעם. נאָר נאַטשאַ שלאָפט איין אַ מידע נאָך אַ מעת-לעת נישט שלאָפן און אונטער דער ווירקונג פון דעם בראָנפן און קעלער-לופט.

———

# פערטע קאַפּיטל.

מענדל האָט זיך אַרומגעדרייט אין קעך און די הענט האָבן אים געקנאַקט באַ יעדן ווענדט זיינעם. ער האָט גע-שפּירט אַ מאַטקייט אין אַלע ביינער און האָט באַקומען אַ חשק איבער צולויפן זיך, אָדער גאָר נעמען זיך שלאָגן מיט ווענט.

ער איז געגאַנגען איבער דער פּאָדלאָגע און די טריט געשטעלט פּאַמעלאַך און אויף די אָפּצאַסען, אַז זיי זאָלן נישט קלאַפּן. דאַן האָט ער זיך געזעצט אויף דער שלאָפבאַנק, גע-קוקט אַזוי אויף די ווענט, אויפגעשטעלט זיך, ווידער געגאַנ-גען אַ ביסל און ווידער זיך געזעצט. אין זיין מוח זענען אים דורך פאַרשידענע געדאַנקען. ער האָט זיך דערמאַנט אָן די „יאַזדעס״ באַנאַכט, ווען מ׳דערהערט פּליצלינג פון דער פינס-טער אַרויס דאָס געשריי: „האַלט״ „שטעען!״ אָבער צומיינסט האָט ער איצט געזען דעם פּאָטער מיט גאַטשאַן.

...אָט קומט אָן די וואַך...

—„ווידזיס?..״—פרעגט פּאַנטל דער שיקסע.

—ווידזיען...—ענטפערט זי.

—אַ׳ וויש?..

יוז ווים...

און זי לאַכט מיט די בלאָע אויגן אירע, שפּרינגט אַראָפּ פון וואָגן און זי גייט צו דער וואַך מיט אַ האָפּטשאַלע מיט אַ טענצאַלע...

דאָ פאַרבייסט מענדל מיט די ליפּן און גיט אַ זעץ מיטן פיס אָן דער פּאָדלאָגע. אַז די קראַנקע לאָזט אַרויס אַ דער-שראַקען געשריי פון ווייטאָג. לויפט ער אַרויס אין הויף

אַריין און הייבט אָן צו קלערן, ווי אַזוי נקמה צו נעמען פון פּאָטער, אָנלערנען אים, ווייזן, וואָס ער, מענדל, קאָן.

פאַרשידענע זאַכן קומען אים אין קאָפּ: „אָט אַ שטיי-גער איך זאָל אים אַריינפאָרן אין די ציין, מאַכן אים אַ גע-שוואָלענעם פּיסק ?..״ אָדער „ניש׳ פאָרן גאָר קאַ׳ וואַרשע ׳עט ער זיך אַליין מאָרדעווען...״ און „אפשר ברענגען אַ דייטש צו׳ן אים אויפן וועג אַרויס ?..״ אָבער ער קאָן זיך נישט באַשלי-סען וועלכעס אויסצוקלויבן. גייט ער אַרויס פאַר דער טיר און יורעק קומט אים אָן אין פּנים אַריין.

—„אַ, צאָ, צי פּשעד „שאַבאַס״ יוז נע פּאיעדזשעם ?״

—גדזשע מי טאָם טערא׳ יעכאַטש ! מאַטקאַ כאָראַ.

— אָ, אָ, — מאַכט דער שגץ און גיט צו לאַכנדיק — ׳עט שוין איצט נאַטשאַ נישט שלאָפן באַם הויקער ?!.

בלייבט מענדל שטיין פון אַ פּלוצלונגן געדאַנק, ווי פון אַ בליץ געטראָפן.

—„יאָ, יאָ.״—זאָגט ער שטיל—„יאָ, יאָ.

און ער דרייט זיך אַוועק פון שגץ און גייט הינטן אַרום צום שמאָלן געסל, וואו עס וואוינט שמואל הויקער.

אַז פאַנטל איז אין שטוב אַריינגעקומען איז שוין מענדל דאָרט נישט געווען. אורקע איז געלעגן אויף אַ שטייענדיק זעקל און געכראָפּעט, צוגעקרעכצט. אין דער צווייטער שטוב איז געווען שטיל. איז ער צוגעגאַנגען, אַריינגעקוקט דורך אַ שפּאַ-רע פון דער טיר און געזעען זיצן נעבן בעט, דעם שווער זיינעם, אָנגעשפּאַרט אָן סענקאַטן שטעקן זיינעם, און ר׳ווייס׳ ניש׳, אויב יענער האָט געדרעמלט, אָדער איז גלאַט אַזוי גע-זעסן...

גליקע איז געלעגן מיט אָפענע אויגן און מיט צונויפגע-האַקטע ציין. די בעק זענען באַ איר געווען אַראָפּהענגנדיקע, די נאָז איז איר געוואָרן קאַנטיק און די הענט זענען געלעגן אויף דער דעק, אָנגעצויגענע, ווי פון קראַמפּן. אויפן קאָפּ האָט זי געהאַט אַרומגעוויקלט אַ דריי-עקן-טיכל, וואָס איז איר גע-לעגן טיף אַראָפּ אין שטערן אַריין און ס׳האָבן זיך דערפאַר

שאַרפער אָנגעזען אירע אויגן, ווי צוויי שוואַרצע לעכער.

„זי מוז זיין גוט קראַנק"—איז פאַנטלען אַ דורך אין געדאַנק, ער איז צריקגעגאַנגען אַ פּאָר טריט און האָט זיך פאַמעלאַך און שווער געזעצט אויף דער שלאָפבאַנק.

„וואָס האָב איך דאָס געטון—וואָס האָב איך דאָס געטון !.."

ער האָט אָנגעשפּאַרט די עלענבויגנס אָן טיש און די אויגן האָט ער אָפּענערהייט צוגעדריקט צו די דפק'ס.

„זי האָט אַ שווער מפּל'ען"—דערמאָנט ער זיך הודלס ווערטער פון נאָכן דאָקטאָרס אַוועקגיין.

„ווער ווייס' אויב ס'וואָלט נישט געווען קאַ' מיידל!"

ער האָט שטאַרק געבענקט נאָך אַ טאָכטער. ער וואָלט זי געלאָזט פיין אויפציען, און וואָלט איר נאָכגעגעבן אַ שיינעם נדן...

ער שטעלט זיך אויף, גייט ווידער צו צו דער טיר, קוקט אַריין און דערזעט ערשט אַצינט, ווי הויך עס איז די דעק איבער איר בויך.

„צו וואָס טויג איר ערשט דער בויך נאָך, אַ מער וואָלט זי אים נישט געהאַט. כ'וויל פון איר דען עפּעס? וואָס פעלט איר באַ מיר. פעלט איר דען עפּעס?

און אַז ער פאַרנעמט נאָך אַ קרעכץ פון יענער זייט, פאַרקריצט ער מיט די ציין: „מערדער, וואָס האָסטו געוואָלט פון איר..."

ער איז איצט גרייט צו פאַלן אויף דר'ערד פאַר יעדן איינעם און קלאַפּן מיטן קאָפּ אָן דער פאָדלאָגע, אָן דער וואַנט, אָן די שטיינער אין דרויסן — אפשר וואָלט אים לייכטער געוואָרן..."

קוקט ער זיך אַרום איבער דער שטוב, קיינער איז נישטאָ—קיינער. דערפילט זיך פאַנטל פלוצלונג אַזוי עלענד, ווי אַ שטיין... ווי ר'וואָלט איינער אַליין באַנאַכט אויף אַ פוסטן וועג געווען ערגעץ פאַרוואָרפן... ר'האָט דאָך נישט צומאָל מיט וועמען אַ וואָרט אויסצורעדן. מיט וועמען? מיטן שווער, דעם

אַלטן סוכאָטניק? און עס קומט אים אויפן געדאַנק נאַטשאַ. נעמט ער זי פאַרגלייכן מיט גליקן. „עך, עך״—באַקומט פאַנטל אַ בענקשאַפט און עס נעמט אים עפּעס נאָגן באַם האַרץ, ווי טײלמאָל אין וועג, ווען מ׳נעמט אים צו אַ „שמוגל.״

מאַכט ער אַ פּויסט פון דער רעכטער האַנט און קלאַפּט מיט איר איבערן טיש שטיל און פאַמעלאַך. ביסלאַכווייז אָבער צוקלאַפּט ער זיך שנעלער און העכער. ס׳קומט אויס, ווי אַ „באַראַביינשטשיק״ וואָלט זיך צושפּילט אויף דער פּויק.

קומט אַריין דער שווער און קרעכצט, פונקט ווי אַ פאַר-דזשאַוואַרטע טיר און זאָגט:

—אוי, אוי, אוי, וואָלסט אויפגעהערט צו קלאַפּן. זי קאָן דאָך ניש׳ איינליגן.

הערט פאַנטל אויף צו פּייקן און קוקט אָן דעם שווער מיט אַ רציחה׳דיקן בליק, ווי יענער וואָלט עס גאָר שולדיק געווען אין דער גאַנצער חתונה... דער אַלטער רעדט אָבער ווייטער:

—מ׳וואָלט געדאַרפט ס׳זאָל עמיצער זיצן באַ׳ן איר. עפּעס דערלאַנגען.

קומט פאַנטל שוין אַרויס פון די כלים און צושרייט זיך:

—ווער ווען ע׳ל׳ך איר אַוועקזעצן? דעם רב?!

און ער באַקומט באַלד חרטה, וואָס ער רעדט עס גאָר אַ זעלכע רייד. נעמט ער אַרויס אַ הונדערטער און דערלאַנגט דעם שווער.

—נאַ, שווער—זאָגט ער—דאָ האָסטו געלט. קויף און טו, וואָס מ׳באַדאַרף. אפשר׳ עסטו בעטן הודלען?

נעמט דער אַלטער דעם הונדערטער, באַקוקט אים פון אַלע זייטן. אַ „הונדערטער!..״ און באַ דער טיר שוין:

—זעסט, וואָס ד׳אָסט געמאַכט? האַ? גוט אַזוי?

ווערט פאַנטל דערשלאָגן פון די דאָזיקע גוטע ווערטער, אין טאַקי: „וואָס האָט ער געהאַט צו׳ן איר?״ מאַכט ער חי-רער אַ פּויסט און נעמט זיך זבענקן איבער דער ברוסט:

—„כּיטוסאָ... כּיטוסאָ!‟

און פאַר גרויס חרטה נעמט אים אָן אַ חשק צו צוקלאַפּן און צו צוהאַקן אַלץ אין שטוב, אַז אַלץ זאָל ווערן צופליקט און צובראָכן.

הייבט ער אָן צושפּרייזן איבער דער שטוב, ווי אַ געפאַנגענער אין אַ שטייג. און אַז דער שווער מיט הודלען באַוויזן זיך נאָר אויף דער שוועל פון דער טיר, לויפט ער אַרויס מיט אַזאַ אימפּעט דורך זיי, אַז זיי פאַלן שעור אום און קוקן איע נאָך:

—ניש׳ אַנדערש, ער איז משוגע געוואָרן!..

פון הויף לויפט ער אין סאָד אַריין צו יצחק יונה׳ן. דאָרט נעמט ער טרינקן און גיסט אין זיך אַריין אַ גאַנץ „פּערציקסטעל.‟ דערנאָך זעצט ער זיך אַוועק נעבן קעכל און אַ גרוימע היץ גיט אים אַ כאַפּ אַרום. קומט ער אַריין אין אַ געהויבענער שטימונג, רופט צו די „ליאַלקע‟ און רוימט איס אײַן:

—זאָלסט אָנקוקן אַ בויך... ווי אַ בינט היי די גרייס... אַ כאָלערע זאָל עס טרעפן!..

פון דעם לעצטן פאַרגלייך ווערט אים אַליין, ווי עפּעס קיצלדיק אונטער די אָרעמס און ער צולאַכט זיך אויף אַ גראָב קול. דערנאָך טוט ער אַ קניפּ ברײַנדלען אין פּוס אַריין, נוען זי זעצט זיך אַראָפּ צו-צולייגן האָלץ צום פייער.

זי שעלט אים אָן. אָבער פאַנטל איז שוין פול מיט תאוה. עפּעס נעמט אים בראָטן, ווי מ׳וואָלט געוועזן אַרײַנגעשטעקט אין אים אַן אָנגעגליט אייזן... גייט ער אַרויס אויף דער פּרישער לופט—קאָן ער זיך נאָך געכער קיין אָרט גישט געפינען, צופלאַקערט זיך די תאוה אין אים נאָך שטאַרקער. גייט ער אַריין אין שטאַל אַריין, קריכט אַרויף אויפן אָגער אי׳ן נעמט זיך אויפן זעצן. ער הייבט זיך און זעצט זיך, הייבט זיך און זעצט זיך, ביז ס׳ווערט אים געוואַלדיק ענג און ער דערשפּירט

אַ רחמנות צו זיך אַליין און פאַלט שעור נישט אַראָפּ פון פערד, ווײנענדיק...

---

ביי שמואל הויקער אין קעלער האָט ער זיך ערשט אַרומגעקוקט מיט אַ קלאָרן בליק. דאָרט איז געווען טונקל און אַ פייכטקייט, וואָס געפינט פאַר זיך אין זומער-צייט אַן אָרט אין אַלע קעלערס, האָט אים אַרומגענומען; דאָרט איז אים קי-לער געוואָרן. שטייט ער אַזוי אַ מינוט, קוקט און זעט נישט קיינעם, וויל ער שוין אַוועקגיין, ווי ער דערהערט שמואלס קול:

—ווער איז עס דאָרטן?

גייט ער שוין צו צום אָפּגעצוימטן ווינקל, מאַכט אַוועק די קאָלדערע און פאַרשמורנדיק די אויגן צוליב דער גרויסער פינצטערקייט, וואָס איז שוין דאָרט געווען, געוואוינט ער זיך בילעכווייז איין און זיין בליק פאַלט אויפן שוואַרצן בעטל, וואָס שטייט גראָד פאַר אים.

פאַנטל איז געוואָרן איבעראַשט. ער האָט געמאַכט איין טריט אין ווינקל אַריין און איז געבליבן שטיין. אין זיינע אויגן צעפלאַקערט זיך באַלד דאָס זעלבע ווילדע פייערל, וואָס פריר און אין לייב, דאַכט זיך אים, צו שפּירן ווידער דאָס בוירן פון אָנגעגליטן אייזן. צוהירזשעט ער זיך ווי אַ פערד, בעת עס גייט זיך וואַרפן אויף אַ שונא, און לאָזט אַראָפּ אַ פויסט אין מענדלס פנים אַריין, אַז יענער בלייבט ליגן אַ צו׳דם׳טער.

איז נעוואָרן אַ גערודער. שמואל הויקער שטייט שוין און דרייסט דעם ייִנג און נאַטשע, איבערגעוועקט פון שלאָף, ווערט זי דערשראָקן דערזעענדיק פאַנטלען און זי פרעגט אים אומרויִג:

—„פאַנטל, אַ צאָ שע סטאַלאָ?״

מענדל, וואָס איז דערווייל געקומען צו זיך, האָט פאַר-

קריצט מיט די געזונטע, ווייסע ציין, און אויפשטעלענדיק זיך האָט ער זיך אַרויפגעוואָרפן אויפן פּאָטער.

יענער, ווילענדיק, ווי ס'ווייזט אויס, אַ טריט טון אָן אַ זייט, פאַרוואַקלט זיך איבער אַ בענקל, וואָס ער האָט נישט באַמערקט, און פאַלט דאַריבער און קומט אויס מיטן קאָפּ אויף אַ קופּקע פּאַפּיר און מיסט, וואָס ליגט הינטערן טיש.

אויף די געשרייען פון אַלע פיר האָבן זיך גענומען צו־זאַמענלויפן מענטשן פון הויף און פון גאַס און באַלד איז דער גאַנצער הויף, וואו שמואל הויקער וואוינט, שוואַרץ געוואָרן פון מענטשן. מ'האָט געמיינט, אַז אַ שרפה חלילה האָט אויס־געבראָכן, אָדער ס'איז איינעם נישט גוט געוואָרן. די אָבער, וואָס זענען אין סאַמע קעלער אַריין און אונטערגעהויבן די קאָלדערע (אַפּאָר האָבן נאָך מיט שוועבאַלעך צוגעלויכטן) האָבן דערזעען די סצענע, ווי דער טאַטע מיטן זון טאָרגלען זיך אויף דער פּאָדלאָגע, רייסן פון זיך און טראָמאַסקן זיך איבער די קעפּ, און נעבן זיי, די שיקסע אין דער אָפענער בלוזקע, וואָס סטאַרעט זיך אָפּצורייסן איינעם פון צווייטן. זענען אַ סך אַרויס אין אַ געלעכטער, נאָר אַ טייל האָבן זיך באמת פאַר־שעמט און זענען אַוועק דרייענדיק מיט די קעפּ.

דעריוויל זענען אויך אָנגעקומען די צוויי מיליציאַנטן: יוקל מיט מאַלינאָווסקי'ן. מיט די שפּיצרוטן זייערע האָבן זיי קודם כל פּענאַנדער געטריבן דעם עולם און זענען אַראָפּ אין קעלער אַריין. דאָרט האָבן זיי זיך אָפּגעשטעלט און זיך הויך צעלאַכט.

— „פע — האָט געזאָגט מאַלינאָווסקי—ווסטיד! אויטשעך דסינעם? !...”

אוןביידע מיליציאַנטן לאָזן זיך צו די שלעגערס, צע־נעמען זיי, נאָר פאַנטל, צעווילדעוועט פון שכרות און פון רציחה, רייסט זיך פון זייערע הענט און קלאַפּט מיט די פויסטן.

—ווילסטו מ'זאָל דיך פירן אין מאַגיסטראַט אַריין?—זאָגט

צו׳ן אים יוקל, און די פּאָר ווערטער האָבּן אים באַלד אויס-געניכטערט.

קוקט ער זיך אַרום מיט גאָר אַנדערע אויגן און זעט אַזויפיל מענטשן הינטער דער מיליציע, פאַרשעמט ער זיך אויך און פאַרקריצט מיט די ציין.

אויבּן הויף זענען זיך ווידער צוזאַמענגעלאָפן אַן עולם ניי-געריקע צו זעהן פירן די „מחותנים" איבער די גאַס, און דער-ווייל גיבּן זיי זיך איבער וועגן דעם, וואָס אין קעלער איז געווען.

—זעסטו שוין, וואָס יינגען קאָנען?.. צוויי כפרות: אַ טאַטע מיט אַ זון...

—וואָס דען? בעלי עגלות... געמיינע לאָבּוסעס...

—פאַר ש׳וואוילטאָג,—באַמערקט אַ דריטער—וואָס פעלט זיי דען די שמוגלאַרס?

—אַלע טאָג פלייש.—זאָגט די דאַרע נעכע, אַ הויכע יידענע וואָס האָט שוין נישט אָנגעקוקט קיין שטיקל פלייש צייט די מלחמה האָט זיך געשטעלט, אויסער, וואָס אין דער „קאָמיטע"—היימלאָזע...

—און וויס ברויט...

—און אויף שבת חלות...

—נגידים געוואָרן...

אַזוי פאַלן ווערטער צו פון דער זייט, אַלעמאָל פון אַן אַנדערע.

נאָר, אַז זיי האָבּן געזעען, אַז זיי וועלן זיך נישט דער-וואַרפן זענען זיך אַ סך צעגאַנגען, די געדולדיקסטע זענען גע-בליבּן. אַדרבה, וואָס לענגער ס׳האָט געדוירט—אַלץ היציקער איז געוואָרן זייער נייגעריקייט. האָבּן זיי זיך אויסגעזעצט אויף אַ קלאָץ, וועלכער איז געלעגן אין מיטן הויף שוין שיינע צייטן. אַ טייל האָבּן זיך אָנגעשפּאַרט אויף דער גאָלער ערד. נאָר איינער אַ ווייצלער האָט געזאָגט:

אַ חידוש. וואָס גרעגער איז נאָך נישטאָ...

———

## פינפטע קאַפּיטל.

מענדל איז נישט אַהיימגעקומען נישט די נאַכט נישט פרייטאָג דעם גאַנצן טאָג, נישט פרייטאָג-צו-נאַכטס. ער איז געשלאָפן און האָט געגעסן באַ פייפקן און ער האָט שוין גע-רעכנט צו פאָרן מיט אים צוזאַמען אויף קאָפּלס פור.

שבת אינדערפרי נעמען זיך צונויף אַלע יינגען און לאָזן זיך גיין אין בית-המדרש אַריין דאַווענען. אינערזווייניג דערזעט מענדל דעם טאַטן, וואָס שטייט נעבן אויוון, גייט ער מיט אַלע קאָלעגעס אויף דער צווייטער זייט און זיי זעצן זיך אויס אַרום דעם „אָרעמען טיש,״ עפענען אַ פּאָר סי-דורלאַך און צו צוויי דריי יינגען, דאַווענען פון איין סידורל אַרויס.

איבערן וועג, ווען פאַנטל איז נאָך געגאַנגען דאַווענען, האָט ער באַמערקט, ווי קליינע יינגלעך טייטלען אויף אים מיט די פינגער און מ׳לאַכט אים אין די אונטערגעהאַקטע און אונטערגעבלאָטע אויגן אַריין. אין בית-המדרש ווידער איז נאָך געווען פאַרן דאַווענען. זענען געשטאַנען באַם לערן-טיש פּראָסטע יידן און דערציילט פאַר רב יידלען און רב וואָווען די מעשה פון פאַנטלען מיטן זון, צוליב וואָס ביידע האָבן זיך געהרגהט... ווען זיי האָבן דערזען פאַנטלען זענען די פּראָסטע יידן געוואָרן שטיל, נאָר די צוויי „רב׳ס״—אַדרבה, האָבן זיך גאָר אויסגעדרייט צו פאַנטלען און רב וואָווע האָט געזאָגט צו זיין שכן:

—שטעל דיר פאָר, יידל. איך גיב אים דאָנערשטאָג דעם פּראַכט אויף אַ וואַגן זאַלץ; מיינסטו ער איז געפאָרן?

—װעסטו שוין די היינטיגע װעלט...—רופט זיך אָן רב יידל, דער בראָנפנמאַכער.

—אַ הולטייסקע װעלט טאַקי. אָבער אַזאַ מעשה! װי איז דאָס געהערט געװאָרן אויף דער גאָרער װעלט!.. אַ טאַטע מיט אַ זון...

איז פאַנטל אַראָפּגעפאַלן בײַ זיך, האָט זיך אָפּגעשטעלט באַם אויװון נאָך, איז דאָרט געבליבן שטיין מיט אַן אַװעקגע־דרייטן קאָפּ.

—װייסט װאָװע,—רופט זיך אָן יידל — מ׳װאָלט אים גע־דאַרפט קנסענען פאַר אַזאַ מעשה רע.

—װאָס פּגלטן דען?—ענטפערט רב װאָװע—כ׳האָב פאַר־געסן ס׳פעלטן דער מאַרק?

דערװייל קומען אָן נאָך יידן און אַלע שטעלן זיך אָפּ פאַרן לערנטיש און רעדן װעגן דעם נייס. קיינער מאַכט זיך נ׳שט דערפון, װאָס ער, פאַנטל, איז דאָ. פאַרקערט, יידן, פרו־מע יידן אין אַטלאַסענע ייפיצעס, רעדן נאָך העכער פאַר די אַנדערע און קוקן טאַקי בשעת מעשה אויף אים... און טייל מאַכן זיך פאַרבייגיין און קוקן אים טאַקי גלייך אין ד׳אויגן אַריין... זאָל ער ז׳יך שעמען אין זיין װייטן האַלדז אַריין!.. זאָל אים ס׳בלוט געשטאַנען װערן!..

הערט פאַנטל אויס די אַלע רייד און ער פילט, אַז װען ס׳עפנט זיך די ערד, װאָלט ער מיט צופרידנקייט אין איר אַריין...

איינציקװייז אָבער הייבט ער אָן הערשן איבער זיך. איינציקװייז באַקומט ער צריק די חוצפה... דרייט ער זיך ביס־לאַכװייז אָפּ פון דער װאַנט, הייבט אויף דעם קאָפּ און ער קוקט שוין איצט גלייך צו זיי, צו די שיינע יידן אין די אויגן אַריין... און ער שפּירט אין זיך אַ שנאה, אַ גרויסע שנאה, אַ געװאַלדיקע שנאה צו יענע, דאָרט באַם לערנ־טיש.

„אָט דעם, אין שטריימל,—אַ כאָלערע אויפן! האָט מע׳ ניש׳ געכאַפּט בחור-װייז אין אַ „סטאָדאָלע״ מיט אַ גויה?!.

און באַ זייגוול שניט-סוחר האָט מען נישט געפונען פאַר דער מלווזמה אַ מטמון מיט סחורות, וואָס זענען געגנבעט געוואָרן אין פאַבריק ?.. ניש'קשה... זיי זענען די שיינע יידן... אַ ווינער כאָלערע זאָל זיי אַלע אויסדושן !..״

„ניש' קשה, ניש' קשה... ער אַליין, פאַנטל, איז טאַקי אויך ניש' קאַ' צדיק. אַז ס'האָט זיך געמאַכט אַ פעקל, אַ זעקל, אַ פערד... מאַכט ער זיך דאָך ניש' פאַר קאַ' צדיק! אָבער זיי...״

צומיינסט פאַרדריסט אים אויף וואָוון מיט יידלען. זיי, וואָס רעדן מער, ווי אַלע... און עס נעמט פאַנטלען אויסוויייזן צו זען ערגעץ אין דער נאָנט יענץ אָנגעגליטע אייזן און ער ווערט אויפגעקאָכט פון דער היץ, וואָס שלאָגט אים אין פנים אַריין א,ן ס'דאַכט זיך אים: אָט, אָט — און ער וועט זיך וואַרפן אויף די צוויי יידן, אויסרייסן זיי די שיינע בערד און פלעמען— פלעמען אין די „בענקאַרטישע״ פנימער אַריין. דאָ אָבער נעמט מיט אַמאָל אַ סוף צו די אַלע דאַכטאַצן: יצחק יונה האָט פאַר-לייגט דעם טלית און צוגייענדיק צום עמוד, הייבט ער אָן אויף אַ הויך קול:

„מזמור שיר חנוכת הבית לדוד.״ — און די יידן הייבן זיך אויף פון די ערטער, שטעלן זיך אויס יעדער באַזונדער און נעמען צו דאַוונען אויפן קול און מיט אַ ניגון.

פאַנטל איז געבליבן, ווי מען וואָלט אים איבערגעשניטן מיט אַ מעסער. ער האָט געעפנט דאָס סידורל און גענעמען מאַכן מיט די ליפן און ברומען, פונקט ווי ער וואָלט גע-דאַוונט.

זיינע געדאַנקען אָבער זענען געווען דאָרט, נעבן דעם לערנטיש. זיי האָבן זיך געדרייט באַ די שיינע יידן און גע-וויקלט זיך אַרום זיי, ווי די דראָטענע שלאַנגען. ער האָט גע-פילט, ווי די הענט זיינע קראַמפן זיך און די פיס, יזוי פון אַ געזונט, הויפיש פערד, וואָס מ'הייסט עס שטיין און וואַרטן.

דאָס דאַוונען איז געגאַנגען ווייטער. קאָפּל מיט יענק-לען, וואָס דאַוונען זומער אין פעדער-הייזל, זענען אַריינגע-

באַנגײַען צו פאַנטלען און האָבן זיך אַנידערגעשטעלט נעבן אים. באַ אַלע דריי האָבן זיך געוואָרפן די טליתים. נאָר קאָפּל האָט געשמועסט פון קאָרן, וואָס איז אַזוי טייער און אַז ער קלערט אַרויסצעבאָרן מיטן אָוונט צעגלייך, אַז די שטערן וועלן נאָר שטיין אויפן הימל.

מענדל מיט די חברים, וואָס זענען געזעסן אַרום דעם „אָרעמען טיש,״ האָבן היינט זייער ווייניק גערעדט צווישן זיך. מענדיל איז אויך אָפּגעקאָכט געוואָרן, הערנדיק, וואָס מען דערציילט זיך אַלץ אָן פון אים מיטן טאַטן זיינעם. ער איז אָבער געזעסן שטיל און בלויז נאָר מיט פאַרקריצטע ציין.

אַ סך יינגעלייט דרייען זיך הין און צריק און וואַרפן בליקן אָט איז אויף מענדלען, אָט איז אויף פאַנטלען. טייל גייען צו, שטעלן זיך אָפּ פאַרן טיש, שפּאַרן זיך אָן מיט די הענט און שאָקלען זיך מיט כּונה. זיי דאַווענען אָבער קיין וואָרט נישט. זיי זענען דאָס טשעקאַווע אים אָנצעקוקן פון דער נאָענט: נ׳אייגענעם טאַטן צו שלאָגן... און טייל פון די פרומערע בחורים נייגן אויך די קעפּ אין זייער זייט און, קוקנדיק אַזוי אויף די צוויי, דערהיצן זייערע אויגן און צעבליצן זיך מיט די תּוֹאה׳דיקע בליצלאַך... אין דער פאַנ־טאַזיע מיען זיי זיך, אויפצעלעבן, וואָס שאַרפער, וואָס בולטער, די מעשה, וואָס האָט זיך פאַרלאָפן אין שמואל׳ הויקערס קעלער... עטלאַכע פון די בחורים, מיט בלאַסע פנימער און בלאָע רינגען אונטער די אומרויגע אויגן, וואָלטן שטאַרק געוואָלט וויסן, ווער ס׳איז עס געווען די שיקזע... אויב נישט אַמאָל יענץ שיקסל מיט די בלאָע אויגן און מיטן העלן גזשיבקאַלע!.. און באַם געדאַנק שוין בלויז וועגן יע־נעם שיקסל, ווערט זיי פּייכט אין די ווינקלען פון זייערע מיילער, און זיי נעמען זיך שאָקלען מיט גאָר גרויס כּוונה און זיי שטויסן זיך יעדעס מאָל אָן אָן אַ שטענדער, וואָס שטייט פאַר זייער פנים.

אַז מען האָט גענומען ליינען דאָס ספר, זענען אַרום

„לערנטיש“ שוין ווידער געשטאַנען קופּקאַלאַך און אַלץ גע־רעדט איבער די מעשה — פּאַנטל. באַ טייל יידן האָבן זיך אָנגעצונדן די פּייערלאַך פון קנאַת יי. זענען זיי צוגעגאַנגען צום אַלטן דו׳קע.

— האַ! שעמען מעגסטו זיך, גראָבער יינג! ווי לאָזט מע׳ צו אַזאַ זאַך ?..

און איינער לאַכט גאָר:

— אַזאַ שווער, אַזאַ איידעם!

דערהערט דאָס פּאַנטל, ווערן אים ד׳אויגן רויט און גרין און ער הערט שוין נישט קאָפּלען, וואָס זיין קול איז גלייך צו אַ דונער. דאָס שווענדזשן אין די ביינער ווערט שטאַרק און ער באַקומט אַ חשק צערייסן די הויט אויף זיך און אויף אַנדערע. ער בייגט אויס דעם קאָפּ אויף פּאָרנט, ווי אַ פּערד אויף דער מלחמה, דערשפּירנדיק בלוט פאַר זיך. ער מאַכט אַ טריט, אָבער ער ווערט ווידער, ווי איבערגעשניטן, דורכן קול פון חיים בן ציונס, וועלכער שטעלט זיך דאַוונען מוסף.

דורך גאַנץ מוסף איז פּאַנטל געשטאַנען, ווי אויף אָנ־געגליטע קוילן. די פּיס האָבן זיך אים געהויבן, ווי ער וואָלט געהאַט נאָדלען אין זיי שטעקן און אינגאַנצן קערפּער האָט אים עפּעס געצויגן, געקורטשעט און געשלעפּט, אַהין, צום לערנטיש; צו די יידן דאָרט. ער האָט אויך איבער דער צייט געוואָרפן בגניבה אַ בליק צום זון זיינעם און ס׳איז אים אויס־געקומען אַפילו גאַנץ מאוס דאָס, וואָס ס׳איז געשען דאָנער־שטאָג... ניין! ער שפּירט גאָר נישט קיין שינאה צו׳ן אים. קאַ׳ טראָפּ שינאה! און ער באַמערקט נישט, אַז יידן טון שוין אויס די טליתים, גיבן זיי איבער די יינגלאַך אין האַנט אַריין און נעמען זיך שוין צום אַוועקגיין. נאָר רב וואָוועס קול האָט צו׳ן אים דערגרייכט דורך גאַנצן רעש, וואָס יידן מאַכן אָן אין בית המדרש נאָכן דאַוונען. פּאַנטל האָט געהערט, יענער זאָגט צום רב:

—יאָ, יאָ, רבי, אַ מאוסע מעשה... זייער אַ מאוסע...

ווי ס׳ווייזט אויס האָט מען דעם רבין שוין געהאַט דערציילט די גאַנצע געשיכטע, וואָרעם ער האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ, פאַרגלאָצט די אויגן און בלויז געזאָגט:

— אוי, זינדיק, זינדיק, זינדיק...

גייט צו יידל בראָנפנמאַכער, ער מאַכט שטאַרק מיט די הענט — אין התלהבות אַריינגעקומען — און ער שרייט:

— לאָ׳ מע׳ זיי קנסענען, קנסענען רבי! זיי מאַכן זינדיק די גאַנצע שטאָט! קליינע קינדער ׳עלן נאָך חלול...

אָבער ער האָט נישט אויסגערעדט נאָך דאָס גאַנצע וואָרט, ווי עס ווערט אַ טימל, יידן נעמען זיך שטופּן מיט פּאַריסענע בערד און מיט הענט איבער די צווייטעס קעפּ, מיט איין טריט איז פאַנטל פאַרן עמוד און, אויפהייבנדיק אַ פויסט, שאָקלט ער מיט איר אין דער לופטן.

— וואָס? — ברומט ער און דאָס גאַנצע פּנים ווערט אים אויסגעקרומט פאַר ווילדטקייט — ווער מאַכט זינדיק?.. קינדער—קינדער?.. — ער פאַרהאַקט זיך און בלייבט שטיל.

— ש-ש-אַ-אַ נאַר, און לאָז אַראָפּ די האַנט. מ׳טאָר נישט אויפהייבן קאַ׳ האַנט צ׳ אַ תלמיד חכם.—זאָגט שטיל דער רב.

— דו גראָבער יינג, די עזות מחוצף פּנים! אויף וועמען ׳עסטו אויפהייבן אַ האַנט? די פּויערישער גוי דו!..

און אַז פאַנטל הערט ווידער יידלס קול, גיט אים דאָס גאַנצע בלוט אַ זעץ אין פּנים אַריין. ער עפנט דאָס מויל, ווייסט אָבער נישט ווי אָנצוהייבן, טוט ער אַ בייג-איין די קניען, ווי איינער, וואָס גייט אַרויפשפּרינגען אויף אַ פערד, ער פאַרהאַמעוועט זיך אָבער אַליין און גיט מיט אַמאָל אַ געשריי:

— רבי, איך בין אַ גוי, אַ פּויערן-יינג. אָבער ער איז אַ מסור! — און ער דערפרייט זיך מיט דעם וואָרט, וואָס איז אים געקומען אין מויל אַריין. — יאָ, יאָ! — צעשרייט ער זיך — אַ מסור ביסטו? ווער האָט געמסרט יצחק יונהן? ווער?..

שטייען די קאָלעגעס אַרום מענדלען און יענער זיצט נאָך אַלץ בּאַם טיש. ווייסן זיי נישט, וואָס זיי האָבּן צו טון: דאָ צו שטיין, אָדער אַהין, דאָרט, צו פּאַנטלען... און מענדל זיצט טאַקי בּאַם טיש, אָבּער האַלט זיך אָן מיט אַלע כחות אָן בּלאַט, ער זאָל נישט אויפשפּרונגען. בּאַ די לעצטע ווערטער פּאַנטלס, קאַן ער זיך שוין מער נישט איינהאַלטן און ער טוט אַ שפּרינג אַראָף און בּלייבּט שטיין אויפן טיש:

— יאָ, יאָ — זאָגט ער נאָך דעם פּאָטערס ווערטער — אַ מסור... ער איז אַ מסור..!

די גאַנצע שטאָט האָט אַפילו געערעדט לאַנג שוין דער-פון. עפּעס פלעגט מען דערציילן, אַז מ׳האָט געזען יידלס אַ זון אַרויפקומען צום וואַלמייסטער; און אַ צווייטער האָט גאָר געטראָפן אַ טאָכטער זיינע אַראָפגיין פון קאָמענדאַנטס שטיגן... און יעדעס מאָל נאָך אַזאַ "וויזיט" פלעגט שוין איין בּראָנפּנ-מאַכער „געכאַפּט" ווערן און אַמאָל גאַנצע צוויי אויך...

איצט האָבּן די יינגען שוין בּאַקומען זייער לשון און זיי רופן אַריבּער צו פּאַנטלען:

—גוט אַזוי! גע׳ זיי! ווייז זיי!

האָט זיך רבּ יידל פאַרלוירן, לאָזט ער אַראָפּ דעם קאָפּ און מורמעלט עפּעס אין דער שטיל. רבּ וואָווע אָבּער העלפטן אַרויס און ער ווענדט זיך צום כלל:

—יידן—זאָגט ער—צ׳אָט געהערט, וואָס אַ שייגאַץ קאָן? אַרויסוואַרפן אים פון בּית-המדרש! אַרויסוואַרפן!

גיבּן זיך אַ פּאָר צעפלאַמטע, שוואַרצבּערדיקע יידלאַך אַ לאָז צו פּאַנטלען, אָבּער ער טוט אויף זיי נאָר איין בּליק, ווערט זיי נישגוט, עס נעמט זיי ציטערן הענט און פיס און זיי בּלייבּן שטיין ווי די שטומע.

—רבּי, רבּי, כ׳ווייס ניש׳...—זאָגט ער—כ׳אָבּ געזינדיקט? יאָ, כ׳אָבּ געזינדיקט... אָבּער רבּי, וואָס זענען זיי בּעסער פאַר מיר?.. רבּי!—טוט ער פליצלונג אַ בּרום, אַז בּאַם רבּ נעמט זיך שאָקלען דאָס שטריימעל אויפן קאָפּ, אַז עס פאַלט שעור

אַראָפּ. — רבי! רב וואָווע שיקט נישט זיין טאָכטער אַרויף צום קאָמענדאַנט?!...

ווערט אַ שטילקייט, ווי אַרום אַ טויטן. נאָר וואָווע אַליין— אַזאַ בישה!—הייבט ער אָן הייזעריק צו קוויטשן:

—יידן! וואַרפצ׳ן אַרויס! אַרויס!—און צו אים—מ׳עט דיך לאָזן אַוועקשיקן אין קייטן! אין קייטן ׳עט מע׳ דיך אַוועקשיקן! יידן—וואָס שטייט עץ?—

קריגט איינער פון די יידן מוט און טוט פאַנטלען הינטן אַרום אַ קלאַפּ אין האַלדז; דרייט זיך פאַנטל אויס און יענער ליגט שוין אויף דר׳ערד און שרייט, ווי אַ געקוילערטער... קאָפּל מיט יענקלען שטייען שוין נעבן פאַנטלען און יענקל רעדט נישט קאַ׳ וואָרט... און ס׳וואַקסט אויס צווישן זיי דער בלינדער גרונם, באַ וועמען ס׳אַנטפּלעקט זיך דער גלאַנציק-רויטער אָפּ-גרינט שוין אין אויג... נאָר מענדל באַווייזט אַ גרעסערע גבורה... ער שפּרינגט פון טיש אויף די שטענדערס, פון די שטענדערס אויף די קעפּ און ער שרייט שוין דאָרט אין פּאָ-טערס גבול. ווערט אַ נעשריי און אַ געשטופּ און אַ בהלה, ווי באַ אַ שרפה. עפּעס ברענט דאָרט אין דער לופט, און יידן פאַלן איינס איבער ס׳אַנדערע צע׳דם׳ט, צעיושעט, צעממית׳ט... די וואָס שטייען נאָך אויף די פיס, רייסן זיך, שטיפּן זיך און יעדער וויל, וואָס פריר זיין באַ דער טיר—אַרויס מיטן לעבן— אַרויס פון עשו׳ס הענט...

און פאַנטל שטייט ווי אַ צוגעטשוועקעוויטער, ביז עס ווערט שיטערער אַרום אים. אזן די לעצטע קיפּקע יידן, וועלכע לאָזן זיך אַנטלויפן אָן די סאַמעטענע היטלאַך, נאָר מיט פּאָלעס צוגעדעקט אויף די קעפּ, רופט ער זיי נאָך:

— איין כאָלערע זאָל ענק אַלע אויסדושן!.. געפעלט עס נישט פייפקען, טוט ער אַ זאָג:

— איין כאָלערע איז ווייניק?..

אָבער ער זאָגט עס מיט אַזאַ מינע, אַז די יינגען קוועלן וין צריק און לאַכן, און מע ווייסט נישט, וואָס עס ווערט צינט אין בית-המדרש מער—געלאַכט, אָדער געוויינט.



...דו עזות מחוצף פנים! אויף וועמע׳עסטו דאס אויפהייבן א האנט?

ז. 30 ש. 20      צ. ט.

נאָר איטשל שטייט אָן אַ זייט — צום שלאָגן איז ער קיין בריה נישט. שטייט ער און עס טיט אים נאָר בלויז אַ הנעה, וואָס אַ זעלכע שלעגערס געפינען זיך אויף דער וועלט...

דערנאָך, אַז פאַנטל גייט אַהיים עסן, גייט ער שוין גלייך מיט מענדלען, און אַרויסנעמענדיק פון אַ באַהעלטעניש הונדערט רוסישע רובלעס, גיט ער זיי מענדלען:

— ׳עסט דע׳ מאַכן אַן „אָבראַניע,״ — זאָגט ער.

ער שיקט אויך אַוועק דאָס וואָכן-געלט פאַרן אונטעראָפיציר און פאַרן וואַכמייסטער.

# וועקסטע קאַפּיטל.

נאָכן שלאָף, אויפגעהויבן זיך פון די בעטן, געעפנט די לאָדנס — האָט אַריינגעשיינט די הייסע תמוז-זון, וואָס איז געשטאַנען נאָך הויך אין הימעל, כאָטש ס׳איז שוין געווען פיר אַ זייגער נאָך מיטאָג.

דער אַלטער שעה׳קע אין די וואַטענע הויזן, מיטן גרויסן טלית-קטן און דאָס סאַמעטענע קאַפּל אויפן קאָפּ, איז געשטאַנען אין דער אָפענער טיר און האָט געקוקט אויף דער העלער ערד, וואָס בלענדט פאַר גלאַנצן. ער האָט גענעמען אויף דער האַנט שיינדאלעס פיר-יעריק קינד, איז אַרויסגעגאַנגען פאַר דער טיר און זיך געזעצט אויף דער שוועל. די אויסגעבלאַקירטע אויגן זיינע, וואָס זענען ענלאַך געווען אויף אַ מאַטאָווער, אָפּגעשאָסענער בלעך, האָבן גוטמוטיק געשמייכלט און ער האָט זיך גענעמען צו שפּילן מיטן קינד.

— איי, טאָ, טאָ, טאָ, — האָט ער געזאָגט און געציטערט

מיטן קליינעם פינגער איבערן קינדס ברוסטל, אָדער איבער׳ן בייכאַלע. האָט דאָס קינד געלאַכט און צוגעמרווקעט מיט ד׳ אייגלאַך צוליב דעם צוגרויסן ליכט. האָט זיך דער אַלטער מער איבערגענומען דערמיט און האָט אַלץ אינאיינעם גע-זאָגט:

— איי, טאָ, טאָ, טאָ. — און דאָס קינד האָט כסדר געלאַכט.

געהערט, אַז אין דרויסן זיצט דער אַלטער שעהקע, זע-נען די קינדער, וואָס האָבן אים ליב געהאַט, אַרויס פון די שטיבן, נישט געוואַרט אַפילו אויף שבת-אויבס, און זיך גע-זעצט אַרומן אַלטן, געציפּט אים פאַר אַן אַרבעל, אָדער גע-צויגען אים די באָרד. דער אַלטיטשקער האָט זיך נישט גע-בייזערט אויף זיי. ס׳האָט אויסגעזען, ווי ער וואָלט גאָר גע-קוואָלן דערפון. אויך ער האָט זיי געציפּט פאַר אַ פּיס-אַרבעל פון אַ הויזל, און אַז ס׳איז אים געלונגען ווען פון די קינ-דער אַריינצוקריגען צווישן די שויס, וואָס דאָס פלעגן זיי שוין נישט וועלן, האָט ער עס צוגעדריקט מיט איין האַנט צו דער ערד, דערנאָך אויפגעהויבען דעם רעכטען פוס און אַרויפ-געלייגט אויפן קינדס קערפערל. צוהאַלטענדיק עס אַזוי, האָט ער עס גענעמען פאַטשן איבערן געזעסל און ס׳קינד האָט געמאַכט געוואַלטן. כאָטש אין שרייען איז געווען בלויז גע-לעכטער — דאָך זענען די מאַמעס באַלד אַרויס פון די שטיבן, אין די שבתדיקע האַלקעס, אין די שלאָפּקופּקאַלעך, מיט די בורפיסע פוס און גענעמען רעדן אויף זייער לשון.

—געזען אַ ביסל דעם אַלטן, קליינע קינדער צו שלאָגן!..— האָט זיך איינע געמאַכט, ווי געבייזערט.

— מע׳ יואָלט נאָר אים געפּאַטשט אַזוי דאָרטן... זאָגט שוין אַריין אַ צווייטע און בייגט אַוועק דעם קאָפּ מ׳זאָל נישט זען, ווי זי לאַכט.

און אַ דריטע מאַכט זיך ווי זי וואָלט זיך גאָר שטאַרק געבייזערט:

—אַ ווייסט, פינצטער באַגעגעניש אונזערע שונאים!..

אַזוי גייט עס צו, און די קינדערלאַך קייקלען זיך איבער די שטיינער און כאַ-כאָ-טשן מיט די לעצטע כחותלאַך, און טייל צעוויינען זיך שעור פאַר גרויס שמחה.

דערנאָך טרעפט, אַז ס׳גייט אַ דורך דער אַלטער „קיסר,״ פאַמעלאַך מיט געזעצטע טריט—אַן איבערבלייבונג פון אַמאָליקע תקפותדיקע יאָרן—שטעלט ער זיך אָפּ פאַר דער שוועל, זאָגט: גוט שבת! און הייבט אָן אויסצופרעגן, ווי עס דערגייט, צי ס׳פאַרדינט זיך עפּעס, צי מ׳איז געזינט. אַזוי אַרום פאַרבינדט זיך צווישן ביידע אַלטישקע אַ שמועס פון אַמאָליקע צייטן, פון יענע יאָרן, פון די שוין לאַנג פאַרגאַנגענע יאָרן.

שטעלט זיך שעה׳קע אויף פון דער שוועל און מיטן קינד אין אָרעם, שלעפּן זיי זיך איבערן טראָטואַר, וואָס ציט זיך האַרט באַ די הייזער ביזן סוף שטאָט. קומט ער אין התפעלות אַריין פון די גוטע זכרונות, טשמאָקעט ער מיט די ליפּן און שטאַמלט פאַר איבערנעמונג:

— געדענקסט — זאָגט ער — אַ קוואָרט בראָנפן האָט גע-קאָסט אַכט גראָשן און אַ פערטל געגזענס אַ צענערל...

— האָט טאַקי אַ גוטער ברודער געקאָנט גע׳ן אַן עס און טון אַ טרינק, — ווערט לאָזערס קול ווידער באַסאָווע, ווי מיט אַ דרייסיק יאָר צוקריק... — ס׳האָט עפּעס אַמאָל געשפּילט די ראָלע אַפּעסעלע ביר? שבת — אין אַ פּראָסטן שבת איז געשטאַנען אַ גרויס פאַס ביר און טרינק, ברודער, וויפיל ס׳קאָן נאָר אַריין!..

— און אַ שטיקל בראָטנס — שטייט אויף שעהקע נישט אָפּ,—ס׳האָט דאָך געריגען איבער די ציין, אַז מ׳האָט איינגע-ביסן...

און פון זיינע אייגענע ווערטער קומט שעהקע אַריין אין אַזאַ ברען, אַז ער פאַרגעסט גאָר, אַז ס׳איז שוין מיט פערציק יאָר שפּעטער... ער לעקט ערשט אַצינד מיט דער צונג איבער די פאַרטריקנטע ליפּן זיינע און מיינט, אַז ער האַלט עס טאַקי ערשט צווישן די ציין... אַ גענזל, כאָטש דאָס פּיפּיקל... און בשעת אין צוקוועטשן מיט די ציין, קוועטשט ער פאַ-

מעלאַך, פאַמעלאַך, אַז ס׳זאָל טאַקי רינען, וואָס מער... דערבאַ נעמט אים נאָך אין די בלעכענע אויגן גלאַנצן אַ תאוהלע, אַן עבירהלע...

נאָר אָט פאַר דער דאָזיקער תאוה, באַקומט דער אַלטער שעהקע טאַקי באַלד די שטראָף. וואָרן ער דערמאָנט, אַז דאָס, וועגן וואָס ער רעדט, איז שוין לאַנג פאַרשווימען און אַז היינט באַקומט ער אַ ראַזאָווע ברייטל אויף די באָנעס, פון וועלכן די שטיקלאַך שעצקע, וואָס זענען אַריינגעקנעטן דאַרי-נען צעשניידן אים די אַלטע זשאָנסלעס. דערשפירט ער טאַקי ווי די צונג זיינע איז היינט עפּעס, ווי אַ טרונקן שטיק לע-דער אין מויל און נישט קיין שמאַלץ רינט איבער איר, נאָר ס׳שלאָגט קאַפּויר דאָס ראַזאָווע ברויט מיט די קאָרענע קליסקעס פון דער שבתדיקער סעודה...

געמטן לאָזער אָן פאַר די פרייע האַנט און פירט אים אַריין צום זון זיינעם, וואָס וואוינט דאָ טאַקי דערנעבן.

דאָרט איז איצט אַ לעבן. ס׳טוט זיך, ווי אויף אַ קליי-נער חתונה. חיימל קיסר זיצט אויבנאָן אין אַ וואָלענעם שלאַפ-ראָק (אין דעם שטעטל האָט אַפילו דער „קיסר״ אויך אַ חסידשן שלאַפראָק...) און רעדט אויף אַ הויך קול, וואָס פּאַסט זיך אַפילו נישט זייער שטאַרק צו צום שלאַפראָק... אַרום פוןביידע זייטן טיש זיצן די „פשיאַטשעלעס״: פּאַנטל, קאָפּל, יענקל ס׳פעלט אויך נישט דער בלידער גרונם. און בערטשע שטייט באַם פענצטער און לאַכט אַריבער צו אַ שוואַרצער שיקסע, וואָס שטייט קייגנאיבער, געבן אַ טויער און שאָרכט מיט דעם שוואַרצן לאַטש איבערן זאַמד און קוקט נישט זייער צו אים. און אין ווינקל, אויף אַ פּיסנבענקאַלע, זיצט חיימלס ווייב, די גראָבע ביילע און ניאַנטשעט אַ קליין קינד, פון וועלכן ס׳בלישצן אַ פּאָר שוואַרצע אייגאַלעך אַרויס. נעבן ביי-לען, אויף אַ שטול, זיצט דאָבע די קצבטע, אָדער ווי מען רופט זי נאָך: די „רייטערקע.״ און זיי, די ווייבער, רעדן פון דער מלחמה, — אַ זאַך פון וועלכער ס׳שטעטל, צייט ס׳גייט, דער „שמוגל״ האָט נישט דערמאָנט מיט אַ וואָרט. דאָבע איז

געקומען מיט אַ נייס, אַז איר מאַן, פּעלטע, איז אין אָדעס. איינער, אַ וואַרשעווער, וואָס איז געקומען פון „פּלען", שרייבט איר, זי זאָל אַריינפאָרן קאַ׳ וואַרשע צו׳ן אים — ר׳אָט אַ גרוס פון איר מאַן. האָט זיך באַלד אויך חיימל אַריינגעטון אין אַ שמועס איבער דער מלחמה און ס׳האָט זיך אויפגעוויקלט אַ געשפּרעך וועגן מענטשן, גוטע ברודער, וואָס זיצן דאָרטן מעבר לים, און וואָס עס בענקט זיך אַמאָל נאָך זיי. טאַקי פּעלטע — דער בעסטער „פּשיאַטשעל".

האָט זיך געצויגן דאָס געשפּרעך מיט אַ מין בענקשאַפט, וואָס דריקט זיך אויס אין קלאַפּן איבערן טיש מיט די פויסטן און אין אַ פּלעמען מיט ד׳אויגן. עפּעס אַ בענקשאַפט דורך איי־זערנע לינגען מיט אייזערנע פּלייצעס איז עס געווען. און ס׳האָט זיך געגליסט אויפצעשטיין פון טיש און צו געבן אַ געשריי גלאַט אין דער וועלט אַריין: „הערט — ס׳זאָלן „ענקי" אַ ריח אין די מאַמעס אַריין!.." וואָרן אַזאַ מין בענקשאַפט איז דאָס געווען... ס׳האָט אויסגעזעצן, ווי מע׳ וואָלט זיך געיאַכמערט איבער עפּעס, ווי מע׳ וואָלט זיך געקריגט, ווי מע׳ וואָלט זיך געריסן באַ די קעפּ. ווייל אַלע פּנימער זענען געווען רויט, ווי די פייערס און די אויגן אין זיי זענען שעור נישט צעפּלאַצט געוואָרן. זיי האָבן געהאַט אַ געפיל פון דער דאָזיקער בענקשאַפט, ווי מען וואָלט זיי גרויסע, גראָבע דישלעס פון וועגן אין די גערערעם אַריינגעזעצט און זיי שטיקן זיך און שטיקן און קענען זיך קיין שום עצה נישט געבן...

— בערטשע — רופט מיטאַמאָל אויס חיימל אין מיטן קלאַפּן — גיי נאָך אַ ביסל משקה...

דערהערט דאָס וואָרט, איז שוין קיין זכר פון בערטשן נישט געבליבן, נאָר וואָס קאָפּל דווינזשעט אים נאָך קוים נאָכ־צושרייען אויף יענער זייט אַרויס:

— און ברענג מיט אַ פּאָר מאַרינירטע הערינג.

ווערט אַזוירנאָך טאַקי צערינען די בענקשאַפט און אַרום טיש איז שוין צריך ששון ושמחה.

און אויב מען שמועסט נאָך עפּעס פון דער מלחמה —

איז עס שוין נאָר וועגן „שמוגל..."

קאָפּל רעדט וועגן די וואַלן, וואָס יעדע צוויי מייל טרעפט מען אַן אַנדערע און יעדע וואַך באַזונדער טייל אַרום אייער און פּוטער, ס'לעבן זאָל זיי שוין ווערן ביטער... און חיימל רעדט פון פערד, וואָס די דייטשן נעמען צו און אַז אַ פערד, וואָס דאַרף קאָסטן אַ צוויי־טויזנט מאַרק, צאָלן זיי — אַזוי ווי דייטשן קאָנען צאָלן...

— נאָר דו, פּאַנטל, האָסט געפּאַקט אַן אָגער... זאָלסט וועלן היינט פאַרקויפן דעם אָגער 'עסטו אָפּנעמען צווייסאָל אַזוי פיל...

אָבער פּאַנטל ענטפערט נישט. ער זיצט די גאַנצע צייט מיט אַ פאַרמאַכט מויל און קוקט נאָר אויפן טישטוך. יעדע פּאָר מינוט הייבט ער אויף דעם קאָפּ, טוט אַ בליק דורכן פענצטער אויף דער גאַס אַרויס, ווי ער וואָלט אויף עפּעס געוואַרט, און קוקט ווידער אויפן טישטוך, רייבנדיק עס מיט די צוויי גראָבע פינגער פון ביידע הענט איבערן קאַנט פון טיש, אַזוי אַז עס דוכט זיך — נישט נאָר בלויז דאָס טישטוך, נאָר באַלד וועט ער אין קאַנט אויך אויסרייבן צוויי לעכער.

# זיבנטע קאַפּיטל.

ווען חיימלס פאָטער איז אַריינגעקומען מיט שעה'קעלען, האָט זיך דער לעצטער אַרומגעקוקט איבער דער שטוב און, דערזעענדיק ביילען מיטן קינד, האָט ער זיך, ווייזט אויס, אָן עפּעס דערמאָנט. ער האָט געכאַפּט אַ בליק צו זיין אָרעם, אַזוי ווי ער וואָלט גאָר געהאַט פאַרגעסן ווען ער האָט דאָרטן און געטראַכט זיך: עס וועט באַלד ווידער זיין אַ שטיקל אַר־בעט...

און אַזוי ווי ער האָט געטראַכט, האָט ער זיך באַלד אַראָפּגעזעצט צו ביילעס פּיס טשיפּקעס—און אַ קיצל יענעם קינד אין בייכאַלע און אַ קיצל דעם, אַ פּיר דעם קליינעם פינגער יענעם איבערן בריסטל:

— איי, טאָ, טאָ, טאָ...

און אַ פּיר דעם:

— איי, טאָ, טאָ, טאָ...

און ביידע קינדער לאַכן שוין צווישן זיך, איינס דאָס אַנדערע אין די פּנימלאַך און שטרעקן די הענטלאַך צו זיך, פּונקט, ווי אַ גדולה וואָלט זיי באַגעגענט. אַזש פאַר גרויס צופרידענהייט נעמט דער אַלטער שעהקאַלע און הייבט זיך אָן צו צו זינגען אַ ניגינדל, וואָס איז עפּעס אַזוינס — נישט קיין האַוואָלאַך, נישט קיין טערקיש, נישט קיין טאָטעריש—נאָר אויף וואָס שעהקאַלע אַליין קאָן זיך...

דערווייל קומט אָן בערטשע מיט אַ פאַס ביר און מיט אַ פלימפל, נעמט מען אַרויס דעם הילצערנעם שפּאָנט, מ׳זעצט אַריין דעם פלימפּ און בערטשע שטייט שוין מיט די גלעזער און ס׳דרייט זיך און עס גיסט זיך.

דאָבע די רייטערקע מיטן גלאָז אין דער האַנט, שטעלט זיך אויף און ווינשט, ווי אַ מאַנספאַרשוין:

—כ׳זאָל גיך און אין קוראַז דאָ האָבן מיין פעלטן!

ענטווערן אַלע מיילער:

— אמן.

בערטשע פלימפּט און טיילט ביר און ווען עס פעלן אויס גלעזער שטעקט ער דערווייל אונטער דאָס מויל הינטערן פלימפּל און וויפיל ער לאָזט דאָרט אַהין אַראָפּ בלייבט זיין סוד... פאַרוויטלט זיך אים דאָס פּנים און דער קאַרק, בייגט ער זיך אַריבער איבערן טיש, צו וועלן נעמען אַן אויסגעליי־דיקט גלאָז. קומט ער אויס כמעט אויסגעצויגן איבער אים מיט דער גאַנצער לענג קערפּער, גיסטן גרונם אַ ביסל שוים דערווייל אין קאַרק אַריין און ער שטייט שוין צריק באַם פלימפּל מיט אַ געלעכטערל.

דורך דער אָפענער טיר פון דער צווייטער שטוב, די שלאָף שטוב, — זעט מען צבקהן (צביה) חיימלס טאָכטער: אַ שיין מיידל מיט שוואַרצע אויגן און מיט אַן אָפגעבראָכענעם כנים. קייגן איבער איר זיצט אַ חברטאָרן, וועלכע הייסט „פאולינא" און דערציילט איר טיילווייז—הויך און טיילווייז אויפן אויער וועגן יאַנעקן דעם מאַגיסטראַט-שרייבערל. פרעגט צבקה עפעס איבער—דערציילט יענע נאָכאַמאָל. און די אויגן ביי זיי צע-בלישצן זיך מיט פייערלאַך, וואָס גליען און ציען... די ליפן זייערע פולן זיך אויס! ווערן אָפענער, דיקלאַכער, פאַרשייטער. און די ברוסטלאַך צוזאַמען מיט די בלוזקאַלעך הייבן זיך, עפעס פונקט, ווי דאָרט וואָלט עפעס געציקט... זיי אַליין אָבער ווייסן נישט פון דעם אַלעם. זיי זעען נישט, ווי דאָס אויג זייערס פלאַמט, ווי די פנימלאַך האָבן זיך פאַרוויטיגט, ווי די ליפ האָט זיך אויסגעפולט און אַז די בריסטלאַך זייערע הייבן זיך... רעדן זיי ווייטער און ווייטער פון יענעם שרייבערל, פלעכטענדיק זיך דאַבאַ די צעפלאַך און לאַכן מיט אַ נישט דער-לאַכט געלעכטערל און שמייכלען מיט אַ צומישט שמייכאַלע אין די אויגן... און דאָס איינציקע, וואָס זיי פילן יאָ—איז: עפעס אַ קיצלען, וואָס גייט זיי אין די לייבער אַרום און קורטשעט זיי די גלידער פון „באַגער." טראַכטן זיי ביידע, נישט אָפגע-שמיסטערהייט צוגיין אויפן שאָסיי אַרויף. כדי דאָרט זיך צו טרעפן מיט די שקצים. אַרומלויפן און, וואַרפנדיק זיך אין גראָז פאַרשעמען זיך פאַר זיי...

שטייט אָבער דאָ בערטשע, וואָס דאָס אייגל איז באַ אים אַזוי, אַז האַלטנדיק דאָס מויל הינטערן פלימפל דערזעט ער די צוויי מיידלאַך. צעגראַטשן זיך באַ אים די ליפן אינ-דערמיט און דאָס ביר „זאַכלישנעט" אים שעור און טוט אים אַ גאָס־אָפּ דאָס גאַנצע פרצוף, מיט אַזאַ שפריץ, אַז ער ווערט שעור „זאַגלוטיש." ער כאַפּט עס אָבער אונטער מיט אַ געלעכטער, וואָס ווערט באַלד אונטערגעהאַלטן פון גאַנצן עולם מיט אַ כאָ-כאָ-טשן און אין אַ מיגוט אַרום שטייט ער שוין אין דער צווייטער שטוב און זאָגט:



בערטשע פלימפט און טיילט ביר...

—ציבקה, אַ גלאָז ביר. לאָז אַריין...

לאַכןביידע מיידלאַך און שטויסן זיך איז די עלנבויגנס אַריין, ווי איינער רעדט: „קוקצ'ן נאָר אָן — אַ פּ:ם! אָבער יענע?..” אַזוי רעדן זיי מיטן שטויסן זיך און פאַרשטייען... דאַן נעמט צבקה דאָס גלאָז ביר און זאָגט:

— און פאַר פּאָלטשן, וואָס האָסטו ניש' אַריינגעברענגט?

— טאַקי יאָ. — ענטוועדט דער יינג און פּאָלטשע האָט שוין אויך אַ גלאָז ביר אין האַנט. בייגט צבקה איין דעם קאָפּ, נעמט צו דאָס גלאָז ביר צו די ווייסע ציין, וואָס שלאָגן אָפּ איצטער נאָך ווייסער, און באַ יעדן שלינג ריקט זיך דאָס ווייסע „גאָרזשעלע” פון איר האַלדז אַראָפּ און אַרויף. הייבט דער יינג אָן צו לאַכן פון עפּעס, וואָס איז אים נאָר וואָס געפעלן. קען ער זיך נישט איינהאַלטן און—טוט מיט אַמאָל אַ שנעל אויפן באָדעם פון איר גלאָז. טוט זי זיך אַ פאַרכליפּ — ס'איז איר אַריין אין דער לינקער קעל, און פאַרשפּריצט אים דאָס גאַנצע פּנים. לאַכט די חברטע, נאָר זי צעוויינט זיך נישט שעור פאַר בזיון. דערזעט דאָס חיימל—הילכט באַלד אָפּ אַ פּאַטש איבער בערטשעס נאַסע באַק און ער גייט טאַקי באַלד צריק אין דער ערשטער שטוב אַריין צו פלימפּן.

דאָבע, וואָס איז אויך אַריינגעקומען אין עקסטאַז פון ביר, זעצט זיך באַם פינפטן גלאָז, צו צום טיש, און הייבט אָן אַוודאי—צום הינדערסטן מאָל איבערצעחזרן די מעשה מיט איר פעלטן, ווי אַזוי זיי האָבן זיך גענומען.

— באַ מיין טאַטן — צערעדט זי זיך — אין לאָדזש, איז געווען די גרעסטע יאַטקע פון כשר פלייש. יעדן איינציקן טאָג זענען געוואָרן אויסגעוואויגן בהמות אין די צענער אַריין! קומט ער אַזוי איינמאָל אַריין — געהאַט צו פאַרקויפן פּיפּציק קעלבער—און דערזעט מיך שטיין באַ דער וואָג. צ'קוקט מיך היינט אָן—ניש' די אייגענע!.. דאָס פּנים האָט געפּעכלט, ווי די זון. אַלאַנג, ווייס פאַרטוך אַרום און אַרום. אַ הייב אַ פער-

טעלע פון אַ הונדערט און פופציג פינט—מיטן בליק נישט צו דערקוקן. האָט ער ניש׳ איינגענומען אַ מיתה-משונה?..

אַזוי געדענקט עס דאָבע די טעג, ווען ס׳האָט זיך פאַר-בינדן אַ ליבע צווישן איר און פעלטן. האָרכן זי אַלע אויס מיט שכור׳לאַכקייט און קאָפּל בענטשט זי מיט אַ ברכה:

—אַ ברעכעניש אין דיינע ביינער אַריין!

נאָר דאָ דערהערט זיך פון בערטשן, וואָס איז אויף אַ רגע אַרויסגעגאַנגען, אַ קול פון פאַר דער טיר:

— אַזוי? ׳עלן זיי אַ סאַך אַהערקימען?...

גייט חיימל צו צום פענצטער, שטעקט אַרויס דעם קאָפּ דורכן אָפענעם לופטשיק און פרעגט:

— ווער ׳עט עס קומען, אַהערלע?

— פיפציק דייטשן. — ענטווערט אָפּ דאָס קול פון אַהערלע קוואַרטירמייסטער, וועלכער איז דאָ צוגעקומען.—און צ׳ישן זיי געפינט זעך זעקס נאָפּיצירן און ניין נינזשינירן...

דערהערט אַזאַ נייס, רופטן חיימל אַריין אין שטוב, מ׳גיסטן אָן אַ גלעזעל ביר און אַהערלע דערציילט, ר׳אָט גע-קריגן אַ פּאַפּיר פון קאָמענדאַנט—אַרויפצוקומען צו׳ן אים. אַרויפ-געקומען פרעגטן יענער:

— זי זינט קוואַרטירמייסטער?

— יאָ. — ענטווער איך און ווייז אים די פּאַ-פּיר.

—גיט, גיט,—מאַכט ער.—זי מוזן אַנגרייטן פינפצן וואוי-נונגע׳ פאַר נאָפּיצירן און נינזשינירן. פינף און דרייסיק אַרבע-טער ווירדן שלאַפן אין דער קאָמענדאַנטירע...

—אַזוי, אַזוי,—מאַכן אַלע בייזיצערס און אונזערע פור-מאַנעס פאַרקנייטשן שוין די שטערנס און זיי טראַכטן אין זיך:

„אַזויפיל הינט קומען מיט איינמאָל!..״

און אַהערלע דערוואַרעמט פון ביר, נעמט ער גאָר רעדן פון דער מלחמה.

—וואָס מיינט עץ — ס'אי' גוט ? הער'ץ, וואָס יעך זאָג ענק: ס'אי' ניש' גיט... יעך פרעג אַזוי דעם קאָמענדאַנט: זע-נען זיי פיינע לייטע? ענטווערט ער: איינעם קאָן איך—אַ בייזער הונט! זאָג איך'ן: אָבער איך הייס אַהרלע און איך האָב פּאַפּירן.—קוועלט ער, דער קאָמידאַנט פון מיר. וואָס דען ? איך הייס אַהרלע—אָדער ניש' ?!..

און מיט אַמאָל גיט אַהרלע אַ כאַפּ אַרויס אַ נאָז-טיך, ווישט מיט האָסט די באָרד און די וואָנסעס און רוימט זיי כמעט איין אין די אוירן:

—עץ געדענקט ווער אַהרלע איז? עץ געדענקט ?..

ריקן זיך אַלע צו נענטער מיט די קעפּ און כאָטש זיי געדענקען אַלע גיט די מעשה, דאָך שאַדט נישט זי נאָכאַמאָל צו הערן:

---

# אַכטע קאַפּיטל.

—עץ געדענקט, ווען ס'איז אויסגעבראָכן די „ביליזאַציע?" דעמעלט האָט זעך דעך געטון אויף די גאַנצע וועלט. מילא, אָבער אַז די דייטשן זענען צוגעקומען — אי' דעך געוואָרן שלעכט. גוים האָבן געמסרט. „מאַטשיזשאַק" האָט דען נישט געזאָגט פאַר די רוסן, אַז יעך —יעך, אַהרלע, בין אַ שפּיאָן ?!.. האָבן זיי אים טאַקי נישט געהערט. שטעפּער, ווען ס'איז נעקומען דער „ראַפּאָרט" מ'זאָל אַלע יידן אַרויסטרייבן — אי' דעך פּונקט פּאַרנאַכט געגאַנגען אַ „פּאַטרול" אויף דער גאַס און זיי האָבן געהערט אַ שאָס פון יענקל פעלדשערס הויז אַרויס. אינען זיי דעך אַריינגעלאָפן, געזוכט און האָבן אַלע יידן אַרויסגעשלעפּט

פין דאָרטן: יצחט יונהן, זיינוול מלמד, נוטען, יענקל פעלד-שער, מיט זייערע ווייבער, מיט זייערע קינדער און זיי האָבן געוואָלט אַלע דערשיסן — כּסדר אַלע דערשיסן.

—יאָ, יאָ — מאַכן די ווייבער און דער אַלטער שעהקע דערמאָנט זיך אָן יענע טעג, הערט ער אויף צו זינגען דאָס ניגונדל און שפּילט זיך שוין נישט מער מיט די קינדער, נאָר זיצט שטיל, שטיל, ווי די ווערטער, וואָס אַהרלע האָט דאָ גע-ברענגט פאַרן מויל וואָלטן לעבעדיק און געגנווערטיק געמאַכט יענע אַלע שרעקן פון די רוסן...

— דעמאָלס — רעדט אַהרלע ווייטער — האָט זעך דעם קאָמידאַנט עפּעס צעריסן באַ דעם שינעלכל. פרעגט ער די זעלנער, ווער ס'איז דאָ אין שטאָט אַ גוטער שניידער, וואָס זאָל קאָנען לייגן אַ לאַטקע, מ'זאָל גאָר ניש' דערקענען. — זאָגט מע' דאָך אַוודאי אויף מיר! קומט ער אַריין, דער קאָ-מידאַנט, מיט צוויי זעלנער און פרעגט מיך:

— „קטאָ זשדיעס אַראָל קוואַרטירמייסטער?"

הייבט דאָך ניש' אַוודאי די יידענע מיינע אָן צו חלשן... יעך אָבער טו אַ זאָג. עץ ווייסט דעך, אָן איין פּיצל מורא:

— „טאַק טאָטשנאָ, וואַשע וויסאָקאָכאָדיטעלסטוואָ. יאַ סאַם אַראָן קוואַרטירמייסטער!"

זאָגט ער שוין מיט אַ ווייכער קול:

— טאַקוי טשין באָלשוי או טעביאַ?!" —און ווייזט מיר דעם ריס אין דעם שינעלכל, — „עסט מאַכן מ'זאָל נישט דער-קענען?" פרעגט ער. „טאַק טאָטשנאָ." ענטוועער איך. „אָבער גאָר ניש' דערקענען?" „טאַק טאָטשנאָ." טוט ער אויס דאָס שי-נעלכל און איך אַליין גיב זיך אַ זעץ אַוועק אויפן טיש; מיינע בנים פעדעמען די נאָדלען און איך הייס שוין די יידענע מאַכן אַ גוט אייזן — אַז ס'זאָל קנאַקן! נעמט זי, שיט אָן אַ פול אייזן קוילן, צעבלאָזט עס, און שטעלט עס אַוועק, נעבן מיר, אויף אַ ציגל אַרויף. שמייכלט ער, דער קאָמידאַנט און שטעקט צו אַ האַנט צום אייזן,—אין דרויסן איז שוין גוט קאַלט גע-

ווען! — און לאַכט צו די זעלנער. זע איך, אַז ס'איז נישט קאַ' שלעכטער „פּאָניע," זאָג איך צו מיין יידענע:

— חנטשע, שטעל אַרויף אַ גלעזל טיי פאַר „יעוואָ פּרע-וואָסכאָדיטעלסטוואָ!"

דערהערט ער דאָס רוסישע וואָרט, פרעגט ער מיך:

— „שטאָ טי גאַוואָריל?"

זאָגן איכ'ן, אַז טיי הייס איך מאַכן פאַר יעוואָ פּרעוואָס-כאָדיטעלסטוואָ; לאַכט ער שוין צו מיר אויך און זעצט זיך אַרויף אויפן טיש און קוקט ווי אַזוי איך מאַך צו רעכט דאָס שינעלכל.

חנטשע שווענקט דערווייל אויס אַ געפינגערט גלאָז, אַ פּסחדיקס, מיט אַ טעצאַצעע מיט אַ לעפאַלע — ס'האָט געבלאַנקט! זי טוט אַ שטעל אַוועק דאָס גלאָז טיי מיט צוקער, מיט פיר קיכלאַך — ס'האָט פאַרייסן די שטוב! לאָזט ער זיך נישט בעטן — אין דרויסן איז שוין גוט קאַלט געווען! — און ער טרינקט און הייסט זיך דערלאַנגען נאָך איינס, דערנאָך קוקט ער מיר ווידער אויף די הענט. זאָג איך צו'ן אים: „וואָס קוקסטו מיר אויף די הענט, די פינגער ציטערן דעך און כ'וועל ניש' קענען גוט מאַכן..." לאַכט ער און זאָגט צו די זעלנער: „כאַראָשענקי זשידאָק!" און קוקט ווידער און פאַרציט די ברעמען — ווי אין כּעס געקומען — און פרעגט מיך גאָר, פאַרוואָס יעך שפּיל מעך מיטן שינעלכל און מאַך ניש' דאָס לאַטקאַלע. זאָג איך: „וואַשע וויסאָקאָראָדיע! ס'טייטש, אָט ענדיק איך דאָך די לאַטקע!" „וואו ענדיקסטו" — זאָגט ער, — כ'זע דאָך גאָר נישט די לאַטקע!" דאָ לאַך יעך שוין אַרויס און מיינע בנים לאָזן מיך נישט אַליין, אַז דער קאָמידאַנט האָט געמיינט, ס'איז זומער אויף דער וועלט און ס'דונערט גאָר אויפן הימל... און יעך זאָג: „וואַשע וויסאָקאָראָדיע וויל זעען אַ לאַטקע, וואָס אַהרלע קוואַרטירמייסטער האָט געמאַכט? אַ לאַטקע, וואָס אַהרלע קוואַרטירמייסטער נייט אַריין און ציט איבער די נעטלאַך מעג מע' שוין זוכן מיט לעכט וועט מע' שוין אויך ניש' געפונען..." און כ'ווייזן דאָס אָרט, וואו דאָס לאַטקאַלע ליגט. ער קוקט, זוכט, געפיגט אָבער

נער ניש׳... ערשט, אַז כ׳אָב געגומען זיין פינגער און מיטן באַטאַפּט די נאָעט, האָט ער דערקענט ווער יעך בין... זאָגט ער אַזוי צו מיר:

— אַראָל, ביסט אַ מאָלאָדיעץ! וואָס ווילסטו פאַר דיין אַרבעט?

זאָג איך, אַז ס׳איז נאָך ניש׳ פאַרטיק — כ׳מוז נאָך די קנעפּלאַך איבערנייען — יענער שניידער האָט שוואַך אָנגענייט! — און איבערפּרעסן דאָס גאַנצע שינעלכל... זאָגט ער שוין מער גאָר ניש׳. נאָר אַז כ׳טראָג אים אונטער ס׳מלבוש און ער טוט עס אָן און קוקט אין שפּיגל אַריין, לייגט ער מיר אַרויף די האַנט אויפן אַקסל: „זאָג, וויפיל דו ווילסט על׳ך דיר געב׳ן.״ און ער שטעקט שוין אַריי׳ן די האַנט אין די הוזן-קעשענע און נעמט שוין עפּענען דעם טייסטער. טו איך זיך אַ רוף אָן: וואַשע וויסאָקאָכאָדיטעלסטוואָ, איך וויל נישט קאַ׳ קאָפּיקע — קאַ׳ גראָשן ניש׳! אָבער...״ זאָגט ער: „זאָג, שעם דיך ניש׳! אַלץ על׳ך דיר געב׳ן, וואָס ד׳עסט נאָר ווען!״ טו איך מיר אָן אַ האַרץ און כ׳ווייס ניש׳ פון וואַנעט ס׳האָט זיך צו מיר גענומען דער שכל און פון וואַנען ס׳האָט זיך צו מיר גענומען דער כּח דאָס צו זאָגן — און איך רעד אַרויס:

—וואַשע פּרעוואָסכאָדיטעלסטוואָ! זיבצן מענטשן האָט מע׳ פאַרשטירט... פאַר אַ בלבעל, פאַר אַ בלבעל שקר... זיי זענען גאָר נישט שילדיק אין שיסן... גאָר ניש׳ שולדיק... יצחק יונה, אַ טאַנדייט-שניידער, וואָס ער טוט אַפילו קאַ׳ן אייגן קינד נישט קאַ׳ ריר... חצקל, אַ מלמד... אַ מלמד — וואַשע פּרעוואָסכאָדי-טעלסטוואָ...

און מיינע בנים שטייען פאַרבליפט און די צוויי זעלנערס קוקען אויף מיר, ווי די צוויי רצחים און חנטשע שטייט און חלשט... און ווינקט צו מיר כ׳זאָל ניש׳ רעדן... נאָר כ׳זאָל ניש׳ רעדן... יעך אָבער קוק ניש׳ אויף גאָר ניש׳ און יעך רעד ווייטער צו׳ן אים — קידוש׳אַ שם!..״ ערשט כ׳זע ער וויל עפּעס זאָגן, בלייב איך שטיל. מאַכט ער אַזוי צו מיר: „אַרעל, דו ביסט אַן „אַדוואַזשנער טשעלאָוויעק!״ האָסט גע-

דינט אין מיליטער?" ענטפער איך: „טאַק טאָטשנאָ, וואַשע וויסאָקאָראָדיע; געדינט אין סיבירער פּאָלק, אין די זיבעטע ראָטע, אין שוואַלניע!.." זאָגט ער: „געפעלסט מיר!" און נאָכ־אַמאָל: אַן „אַדוואַזשנער טשעלאָוויעק!" נישטאָ קאַ' סך אַ זעלכע באַ יעוורעיס... כ'על נאָכפרעגן וועגן די יידן, וואָס דו זאָגסט און אַז זיי זעגען אומשולדיק, 'עט מע' זיי ניש' שיסן, — 'עט מע' זיי אַרויסלאָזן פריי!.."

טוט מע' זיך אַלע אָ לאָז צו אים: יעך, חנטשע און די בנים מיינע — די הענט אים צו קישן, הייבט ער אויף די הענט און זאָגט:

— „ניע נאַדאָ... ניע נאַדאָ..."

דאָ כאַפּט אַהרלע קוואַרטירמייסטער אָפּ דעם אָטעם און טרינקט אויס מיט איין שלינג אַ גלאָז ביר. ער קוקט אויף די צוהערערס זיינע, קוקט שטים, אָן ווערטער; אָבער דער בליק זיינער רעדט מער, ווי אַלע ווערטער, ווי אַלע לשנות אויף דער וועלט. ער טרונקט נאָך אַ גלאָז, נאָר דערציילן דערציילט ער מער נישט — מ'ווייסט, מ'ווייסט שוין גיט. וואָס דעמאָלט האָט אָפּגעטאָן זיך אַ ביסל! ווי דער רבי זכרונו־לברכה, מיט דער לאַנגער, ווייסער באָרד, מיטן גרויסן שטריימעל און מיטן אַטלאַסענעם פּיטער איז געקומען צו אהרלע קוואַר־טירמייסטער אין שטיב אַריין, מיט די שענסטע בעל־בתים, מיט אַלע בעסטע זאַכן. ווי מ'האָט געדעקט נ'טיש מיט אַ ווייס טישטוך. ווי דער רבי האָט געטרונקען לחיים צו אַהרלען. ווי ר'אָט צי'נים אויסגעשטרעקט זיין האַנט און ר'אָטן אָנגעווינטשן ר'זאָל זוכה זיין צו זען משיחן, דערפאַר, וואָס ר'אָט געטון אַזאַ גרויסע זאַך, וואָס צוליב אים זענען זיבצן נפשות ניצול געוואָרן פון טויט..

און שפּעטער, ווען אַלע יידן פון דעם שטעטל זענען שוין געווען „היימלאָזע" אין וואַרשע, האָט אַרהלע נישט גע־קענט בלייבן דען אין זיין שטוב, ווי לאַנג ער האָט געוואָלט? וויפיל זיין האַרץ האָט געגליסט? נאָר ר'אָט נישט געוואָלט. „אַמאָל קריגט דער שטן אויך נ'קאָטער.." ערשט —

אין „קאָמיטע״ — דאָס בעסטע ווינקל אַהרלען! דערנאָך איז ער געקומען צו אַלע גדולים: צו די פּעטערבורגער אַדוואָקאַטן, וואָס זענען געזעסן אין אַ פּאַלאַץ אויף קראָקעווער פּאָרשטאט... זיי האָבן אים וועגן אַלץ אויסגעפרעגט „פּאָדראָבנע...״ האָבן אים גיגע׳ פּיל געלט און אָנגעשריבען אַזעלכע פּאַפּירען, וואָס זענען גלייך אַ שטייגער צו אַ מעדאַל... און וואָס זיין זון איטשעלע טאַקי טראָגט זיי נאָך עד הינה אַרום אין קעשענע און קען זיך מיט זיי נישט שיידן אַ מינוט... ווייל ער איז אייך אַ מענטש, וואָס ר׳אָט געליינט אין ביכלאַך... דאַן האָט מען אים ווידער פאַרבעטן אויף אַן אַנדער אָרט, ר׳ווייס׳ אַליין ניש׳ וואו—נאָר אומעטום געווען אַ בעלין אים צו זעען!.. געבעטען אים זיצן אויף אַ פּלושענער פאַטערשטיל און ווידער אַמאָל אויסגעפרעגט „פּאָדראָבנע״ און אַלץ פאַרשריבן אין אַ בוך: „זאָלסט וויסן זיין — האָט מען אים געזאָגט — דיין נאָמען ׳עט בלייבן אויף שטענדיג צווישן יידן דורך דעם נס, וואָס איז דורך דיר געקומען.״ און נאָכן אויספרעגען, האָט מע׳ אים צוגעזאָגט, אַז ער וועט האָבן אַל׳ דאָס בעסטע אין „קאָמיטע״ און מ׳האָטן געלאָזט גיין צריק פריי צו די היימלאָזע...

אָט אַזאַ מעשה האָט זיך פאַרלאָפן אין יענעם שטעטל מיט אַהרלע קוואַרטיר-מייסטער, און יצחק יונה פאַרגעסט נישט ביזן היינטיקן טאָג, אַז ער, אַהרלע, האָט אים גערעטעוועט פון אַ זיכערן טויט, יעדע וואָך אַזוי ווי גאָט גיט דעם פרייטאָג, אַזוי שיקט ער אים אַריין אַ „פּערציקסטל.״ אָבער אַהרלע קווענקלט זיך דאָס אָנצונעמען: „כ׳ווייס, ס׳קאָסט דאָך געלט!..״

ווען אַהרלע האָט נאָך זיין דערציילן די געשיכטע זיך גענעמען צום ביר, האָט שוין אָנגעהויבן צו ווערן פינצטערלאַך. יידן זענען שוין געגאַנגען פון שליש סעודות מעריב דאַווענען.—האָט מען זיך אויפגעשטעלט פון די ערטער, נאָר גרונם איז געבליבן זיצן — ער האָט איינגעדרעמעלט. וועקט אים כאַפּל:

—אַ כֿאָלערע אין דיין נאָז אַריין! ביסט גאָר איינגע־שלאָפן?

כֿאַפּט זיך יענער אויף און זעט, ווי טונקל ס'איז שוין אין גאַס, איז ער מיט איין טריט באַ דער טיר און זאָגט:

—ני, לאָ' מע' גיין צו די פּירן...

נאָר פּאַנטל 'עט היינט ניש' פאָרן. ער ווייסט אַליין ניש',—אפשר מאָרגן...

שטעלט זיך אויף דער אַלטער שעהקע מיטן שלעפערדיקן קינד אין אָרעם און, אַרויסגייענדיק, דעקט ער עס איבער מיטן טלות קטן זיינעם—פאַרנאַכט, ס'איז קילבלאַך — און לאָזט זיך גיין מיטן טראָטואַר, אַהיים צו פייגאַלען.

---

# נייטע קאַפּיטל.

סראָלקע בולץ, דאָבע דער קצבטעס שוואָגער, אַ יינגער־מאַן פון אַ יאָר פינף — זעקס און צוואַנציק, האָט שוין געהאַט אויף זיך שיינע עטלאַכע פּראָצעסן פאַר פערד. זיי, די דייטשן, פאַרשווייגן נישט אַ זעלכע זאַכן! באַם רוס, אַז ד'אָסט ערגעץ צעגעלקחנט אַ פערדל, איז געוועז אַ צענערל דעם זשאַנדאַר און — פאַרטיק! ביסט אַ פרייער פויגל. קאָנסט דיר ווייטער טון, וואָס דיין האַרץ גליסט... היינט אָבער פאַרבעט מען דיך און דו קוועטשסט אָפּ די נאַרעס און טיילמאָל קאָנסטו זיך נאָך זען מיטן שטריקל פאַר אַזאַ מעשה...

דער ווייסעך כתריאל האָט נאָך באַלד אין אָנהייב, אַז די דייטשן זענען נאָר געהאַט אַריינגעקומען, אַריינגעכֿאַפּט אַ לעקציע, אָפּגעזעסן פיר חדשים — און פונדעסטמאָל אָן שלאָפן

שוין באַ'ן אים די הענט!.. סראָלקע אָבער, כאָטש איז'ן איז ער גאָר אַ קצב, האַלט אַ יאַטעע, טאַקי דער שוועגערינס יאַטקע, דאָך, אַז ס'קומט צווישן טאָג און נאַכט עמיצער צוגיין און ווייזט אָן אויף אַ „כשר" פערדל, וואָס איז גאָט די נשמה שול-דיק... טאָ ווי קאָן מען עס עפּעס גלאַט אַזוי, מיר ניש', דיר ניש' אַוועקלאָזן מיט דער האַנט?.. און טאַקי פאַר אַזאַ מעשה ווייזט ער זיך שוין נישט אַ חדשים זעקס, אָדער זיבן, אויף דער לעכטיקער וועלט... שטייט היינט אין יאַטטע דאָבע אַליין און אַז ס'איז דאָ צו פאַרקויפן אַ פערטאַלע פלייש, קוקט מע! דורך די שפּאַרעס, אויב ס'ווייזט זיך ניש' אַמאָל דער דייטש-„רעקוויזירן."

שווער, גאַנץ שווער היינט צו זיין אַ קצב. ווי זעסטו אַ פ:יר זאָל קומען מיט אַ בהמהלע אויפ'ן מאַרק פאַרקויפן! דאַרפסט צו האָבן—איז ער גאָר געוואָרן אַ פריץ און קום דו צו אים! און איבערן וועג איז דאָך ס'בהמהלע איינגעשטעלט, צען מאָל, הונדערט מאָל, טויזנט מאָל! פירט מען באַנאַכט און דורכן פעלד, הינטן אַרום פירט מען עס אַריין אין הויף, מ' ברענגט דעם שוחט און ער שעכט.

אין דעם אייגענעם שבת-צו-נאַכטס, ווען די צוויי פירן: קאָפּלס און יענקלס זענען אַוועקגעפאָרן, האָט זיי פאַנטל מיט די שיקזעס באַגלייט אַ שטיק וועגס אויפן שאָסיי אַרויס און, צריקגייענדיק, האָבן זיי דערהערט אַ געוואַלדיקן מריטש פון אַ קיה און אין גאַס איז געוואָרן אַ צוזאַמענגעלויף, ווי אויף אַ שרפה. זענען זיי אינדערגעשווינד צוגעלאָפן צו דעם אָרט, און אַזאַ מעשה איז געשען:

סראָלקע בולץ איז, ווי ס'איז נאָר פינצטער געוואָרן, אָנגעקו-מען פון איבערן פעלד מיט אַ קיה, אַ כלי פון איבער טויזענט פינט, און אַזאַ ווילדע, אַז ער האָט זי קוים דערפירט אין שטאָט אַריין.

אַריינגעקומען אין הויף קומט אים אַקייגן זיין ברודערס אַ געוואָזענער מענטש, היינט אַליין שוין אַ קצב פאַר זיך, אָנ-געטון שוין אין דער פלייש-מאַרינאַרקע, וואָס איז דורך און

דורך געזאַפּט מיטן פאַרטריקענטן בלוט, אַזוי, אַז דער בלוט-ריח האָט אַ זעץ געגעבן אין דער קיהס נאָז-לעכער אַריין, — האָט זי זיך געטון אַ ריס פון סראָלקעס הענט און גענעמען לויפן איבערן הויף, ווי אַ משוגענע. זיי דאָנזשן נאָך נישט צו פאַר-האַקן דאָס טויער — זי איז שוין אויף יענער זייט. לויפט איבערן פעלד, טראַטעוועט, קערעוועט זיך אַוועק פון אַ פּלויט, וואָס שטייט דאָרט ערגעץ אין קומט אַרויס אויפן שטאָט-מאַרק. מענטשן לויפן אַ קייגן. ווילן זי נאָר כאַפּן, לויפט זי גאָר אין אַ הויז אַריין, פון דאָרט, דורך אַ קליין געסל, אין גלחס גאָרטן אַריין.

אַרום גאָרטן איז אַ נידעריקער פּאַרקאַן געשטעלט, האָט די קיה געגעבן אַ שפּרינג, אָבער אַזוי אומגליקלאַך, אַז זי איז געפאַלן אין דער צווייטער זייט אויף די ווענטלאַך פון אַ ברונע. פאַלנדיק האָט איין העלפט קערפּער איבערגעוואויגן אינעווייניק אַריין — זי האָט געטון אַ צאַפּל און האָט זיך אַראָפּגעגליטשט, בלייבנדיק שטעקן צווישן די פיר ענגע ווענט-לאַך פון דער ברונע, מיט צוויי פאָדערשטע איינגעבויגענע קלאָען און מיטן קאָפּ אַראָפּ איבערן וואַסער און זי האָט שרעק-לאַך געמעקעט.

סראָלקע האָט אין דער מינוט גאָר פאַרגעסן, אַז ער טאָר זיך נישט ווייזן פאַר ד׳אויגן און איז צוזאַמען מיט די איבעריקע נאָכגעלאָפן די קיה. נאָר אַז פון דערווייטנס האָט זיך דערזעען יעגער, וועלכער איז פּונקט געשטאַנען פאַר דער קאָמענדאַנטור, האָטן דעם ברודערס געוועזענער מענטש — אַ שטויס געטון:

— סראָלקע, זעסט דאָרט יעגערן ?.. ווער אַ האָז...

איז סראָלקע געוואָרן אַ האָז. אָבער איז פון אָרט פאָרט נישט אַוועק, נאָר דורך הינטערגעסלאַך האָט ער זיך געדרייט, ביז ער איז ווידער צעגעקומען צום גלחס סאָד דורך אַ צוויי-טע זייט. דאָרט האָט ער זיך אַרויפגעכאַפּט אייף אַ בוים און האָט אָנגעשפּיזט ד׳אויגן פון בוים-אַראָפּ, צו זעען, וואָס עס ווערט פון זיין קי.

אין גלחס גאָרטן איז געווען שוואַרץ פון מענטשן: אַלט און יינג, קריסטן און יידן — אַלץ איז געקומען זעען, ווי אַרומעט מ׳ציט אַרויס די קי. פון שעכט-הויז האָט מען גע-ברעגגט די גראָבע קלעצער מיט די לאַנגע לינעס (שטריק), פון די קלעצער האָט מען אויסגעלייגט איבער דער ברונע אַ רושטאָוואַניע, אַרומגעוויקלט די לינעס אַרום אַ וואַל, וואָס האָט זיך געדרייט אַרום ויין אַקס, ליגנדיק אָנגעשפאַרט מיט ביידע זייטן אויף צוויי קלעצער, און די עקן פון די לינעס האָט מען אַראָפּגעלאָזט אין דער ברונע אַריין.

דאַן האָט מען אָבער אויך געדאַרפט האָבן אַ שטאַרקן מענטש, וואָס זאָל זיך אַהין אַראָפּלאָזן, אָבער נאָר אַ קליינעם, ווייל קאַ׳ צופיל פּלאַץ איז נישט געווען. איז געווען פּאַנטל, ווי אָנגעמאָסטן דערצו — האָט ער זיך אַראָפּגעלאָזט, אָנגעכאַפּט מיט די לינעס אי באַ די הערנער, אי באַ די הינטערשטע פיס און מען האָט גענעמען דרייען דעם וואַל און פּאַנטל האָט צוגעהאָלפן: אי שלעפּן, אי שטופּן, אי דרייען.

אַ פּאָר מאָל האָט מען זיך אָפּגעשטעלט אָפּכאַפּן דעם אָטעם, כאָטש ס׳זענען געווען די שטאַרקסטע מענטשן, אַזוי שווער איז עס צוגעגאַנגען.

נעבן דער ברונע וואַרט שוין דער שוחט, וואָרן, ווי קאָן מע׳ זי פירן, טאָמער האָט זי שוין אַ פיס צעבראָכן ?..

אַ שווער שטיקל אַרבעט געווען. אָבער סוף כל סוף האָט מען זי אַרויסגעשלעפּט און ס׳איז געווען אַ גאָטס רחמנות צו הערן די געוואַלטן. וואָס די קי האָט געמאַכט און צו זעען די אויגן, מיט וועלכע זי האָט געקוקט... אַ סך האָבן געמוזט אַוועקדרייען די קעפּ — טרערן האָבן זיך געשטעלט אין ד׳אויגן.

דעמאָלט האָט דער ווייסער כתריאל דערשפּירט מיט אַמאָל, ווי די הענט זיינע, נאָך אַ לאַנגער צייט רוען וועקן זיך אים פון שלאָף... און ער האָט איינגעזעען, אַז נאָך אַזאַ „שעת הכושר" טרעפט זיך ניש׳ אַזוי גיך... האָט ער זיך נישט לאַנג געיִשובט, געלאָזט זיך אין די געסלאַך אַריין, „רעווידירט"

אין דער געשווינד עטלאַכע הייזלאַך, וואָס ס׳האָט זיך נאָר געלאָזט — געשטיפּט אין די קעשענעס, און וואָס נישט — אונטער די פּאָלע. איז טאַקי ווי נאָר דער שוחט האָט זיך אָפּגעפּאַרטיקט מיט דער בהמה און אַלע זענען אַוועק צריק צו זיך אַ היים — געוואָרן אַ „ויצעקו״ פון פאַרשידענע שטיבן אַרויס מיט פאַרשידענע קולות און געשרייען. האָבן טייל זיך באַלד משער געווען וועמענס „אַרבעט״ דאָס איז, וואָרן באַלד האָט מען געהערט:

— דער ווייסער קאָפּ!..

— וואו איז ער?

— לאָ׳ מען אים כאַפּן!..

ער אַליין אָבער איז שוין וואו, און דאָס אַלץ איז „אָפּגעשטעקט״ באַ שמואל הויקער, וועלכער האָט עס שוין פאַרגראָבן ערגעץ, אַז קיין האָן זאָל קאַ׳ קריי נישט טאָן. מעג מען זיין מיט צען קעפּ — איז עס שוין אויך פאַרפּאַלן, אָבער נישט קוקנדיק אויף דעם האָט מען כתריאלן יאָ געפונען, נישט געקאַרגט אַפילו קאַ׳ קלאַפּ, איינגעזועצט אַפילו. אָבער וואָס קומט דערויס, אַז מע׳ האָט גאָר נישט געפונען. און ווען ער האָט נאָך צומאָרגנס אויסגעוויזן מיט עדות, אַז ער איז דער לעצטער אַוועק פון דער ברונע, האָט מען אים באַלד אַרויסגעלאָזט...

און פאַנטל, וואָס האָט זיך גאָרניש׳ נאַריש אָנגעאַרבעט, איז געגאַנגען איבערן מאַרק פּאַמעלאַך, מיט הענט, וואָס האָבן געפייערט פון די שטריק. אַז ר׳איז שוין געווען באַלד פאַר זיין הויז — זעט ער אורקען אַרויסלויפן פון דאָרט. אורקע דער זעענדיק דעם טאַטן הייבט ער אָן צו וויינען:

— טאַטע, כ׳גיי טאַקי נאָך דיר. די מאַמע שרייט. הודל זאָגט מ׳זאָל גיין נאָכן דאָקטאָר...

האָט זיך פאַנפל ווידער פאַרלוירן. נאָכן גאַנצן שבת — נאַ דיר גאָר! מילא, פאַרפאַלן...

האָט ער נעלאָזט רופן דעם דאָקטאָר. און אַ גאַנצע נאַכט האָט זיך עס געטון באַ פאַנטלען אין שטוב. גליקע האָט גע-

שריגן און די אויגן באַ איר האָבן געקוקט, אַז ס׳איז געווען אַ רחמנות צו זעען...

דער דאָקטאָר האָט געהייסן ברענגען דעם פעלדשער, אוןביידע צוזאַמען זענען געווען אין צווייטן שטיבל און קיי׳ נעם דאָרט אַהין נישט אַריינגעלאָזט, אַ חוץ הודלען אַ פּאָר מאָל.

די געוואַלטן גליקעס זענען געגאַנגען, ביז אונטערן הימל. מיטאַמאָל איז שטיל געוואָרן.

די שטילקייט איז אָבער געווען פון דעם מין, וואָס וואַרפט אָן אַ גרעסערע אימה, ווי דאָס שטאַרקסטע און יעמערלאַכסטע שרייען.

איז דער אַלטער דו׳קע, וועלכער איז איינגעשלאָפן, זיצנ־דיק אויף אַ בינטל האָלץ, אויפגעשפּרונגען נישט טויט, נישט לעבעדיק, אַזוי ווי ס׳איז נאָר שטיל געוואָרן... האָבן זיך אַלע גענעמען איינהאָרכן, — אָבער מ׳האָט בלויז געקאָנט פאַרנעמען די שטילע טריט פון דאָקטאָר און פון פעלדשער. מ׳האָט גע־מיינט, שוין... שוין...

דאַן גאָר בעווייזט זיך הודל מיט אַ שיסל אין דער האַנט, איבעעדעקט מיט אַ האַנטוך.

ווילן אַלע צו׳ן איר צולויפן, לייגט זי אַרויף צוויי פינ־גער אויף די צונויפגעשנירעלטע ליפן, שטעלט פּאַמעלאַך אַוועק די שיסל, נעמט אַרויס צוויי טעלער פון שאַנק אַרויס, שווענקט זיי איבער מיט אַ ביסל וואַסער און גייט ווידער שטילערהייט אין שלאָפשטוב אַריין.

פּאַנטל קאָן זיך אויף די פיס נישט דערהאַלטן. זיי שלעפּן אים און רייסן אים, עפּעס ציט אים אַהין, דאָרט, צו דער שיסל. גייט ער צו, בייגט זיך איין, הייבט אונטער פאַרן ברעג דאָס האַנטוך און ער דערזעט עפּעס אַ רויטלאַכס, אַ נאַסלאַכס, אָבער ניש׳ קאַ׳ שיטערס, ווי פּשוט בלוט, נאָר עפּעס אַנדערש, גאָר עפּעס אַנדערש... ציט עס׳ן געוואַלטיק אויפ־צודעקן אינגאַנצן... אָבער ער שפּירט, אַז ר׳טאָר עס ניש׳ טון, ר׳טאַר נישט אַריינקוקן, כאָטש ער ווייסט נישט פאַרוואָס

נר טאָר נישט און כאַטש ער האָט נאָך נישט קיין אַנונג, וואָס עס קאָן דאָרט זיין... דאָך טוט ער מיט אַמאָל אַ שלעפּ אַראָפּ דאָס האַנטוך און ער זעט אַ גאַנץ מעטשאַלע: אַ רויטס, אַ נאַס׳ס, מיט הענטלאַך, מיט פיסלאַך, מיט אַ קעפּל און מיט אַ פנימ׳ל; אָבער אינגאַנצן קומט עס אים אויס, ווי די גרייס פון איין פינגער זיינעם פון דער האַנט... דערשרעקט ער זיך דערפאַר, צעברומט זיך פליצלונג, ווי אַ משוגענער און לויפט צו דער הויזן-טיר. געפּנט זי מיט איין מאַ—אַנטלויפט ער אין דרויסן אַרויס, מיט אַן איינגעבויגענעם קאָפּ, פונקט ווי עפּעס וואָלט אין דער לופט געהאָנגען איבער אים, פונקט ווי פון שדים געיאָגט...

---

און די שיקזעס זענען געווען באַ שמואל הויקער און, אויסטוענדיק זיך, האָבן זיי גערעדט, דערמאָנט זיך פון די לעצטע צייטן אין וואַרשע, ווען ס׳איז קאַ׳ שטיקל ברויט נישט געווען צו דער זעט. זיי זענען אויפריכטיק צופרידן געוועזן פון זייער איצטיקער לאַגע: אי ס׳איז דאָ אויף עסן—אי אויף אַ קליידל.

בשעתן רעדן אַזוי, דאָס נאַפט-לעמפּל איז שוין אויסגעלאָשן און דורכן פענצטערל, וואָס איז אויבן, אין סופיט, שיינט אַריין די זומערדיקע לבנה, אַ קיילעכדיקע, אַ פולע און אַ וואַרעמע, ציט זיך אויס סטאַשע אויפן בעטל, אַזוי, אויסגעטון אינגאַנצן; פאַרייכערט אַ פאַפּיראָס און פאַרטראַכט זיך.

נאַטשעז ווידער דערמאָנט דאָס רעדן און אויך די לבנה אָן יענער נאַכט, ווען זיי האָבן אין וואַרשע באַשלאָסן צו גיין צו די פירן. — ווערט איר אַזוי עפּעס אויפן האַרץ: אי אומעטיק, אי פריילאַך. ווייס זי ניש׳ וואָס דאָס איז פאַר אַ געפיל, ווילט זיך איר אַזוי ווי דעמאָלט פרעגן באַ דער מימע

„וואָס איז עס עפּעס מיט מיר ?..״ אָבער זי פרעגט נישט, זי דריקט זיך בלויז צו׳ן איר, נעמט זי פעסט אַרום מיט די הענטלאַך און קישט זי צוויימאָל אין איין באַק און צוויימאָל אין דער צווייטער באַק און בלייבט ליגן קוקענדיק אויף די זילבערנע פּאַסן, וואָס ציען זיך שיף-אויס די פענצטער-ווענט-לאַך און זי שלאָפט איין אַ רויגע מיט אַ ליבּ שמייכעלע אויף די ליפּן און מיט די הענטלאַך פאַרקרייצט אויף דער ברוסט:

„דזשענקי באָגי זאַטאָ!..״

נאָך סטעפּקע איז איצט אַריינגעפאַלן אין אַזאַ שטימונג, ווי שוין לאַנג, לאַנג נישט די אויגן צובלישטשן זיך איר, ווי אין די ערשטע, אין גאָר די ערשטע וואָכן נאָך... — און אפשר נאָך דעמאָלט אויך נישט ווי היינט... זי זיצט און קוקט אַרויף צום הויכן פענצטערל און עס דאַכט זיך איר, ווי זי וואָלט מיט אַמאָל באַקומען עפּעס אַ מאָדנעם פאַרלאַנג... און זיצנ־דיק אַזוי נעמט איר אַרום עפּעס אַזאַ מאָדנע שטילקייט און פאַרטראַכטקייט... זי זעט דורכן פענצטערל די גאַס, די הייזער, דעם טראָטואַר... און שטעלט זיך פאָר — ווי דער טראָטואַר ציט זיך, ביז צו אַ ראָג גאַס און האַקט זיך אָפּ... דאָרטן שטייט אַ לאַמטער און אונטער איר איז אַ שאָטן דאָ אַ ברייד־טער... אין שאָטן דרייען זיך אַרום מיידלאַך און ווינקען מיט ד׳אויגן, מיט אַ פּיסל, מיט אַ ברעג האַלקע, מיט אַ שפּיץ פון די מייטקעס... און די קליידלאַך באַ די מיידלאַך זענען קור־צע, און ברייטע, און לייכטע... און די האָר באַ זיי זענען געקעמטע, קאַרבירטע און פייכטע... און פון זיי, דאַכט זיך אויס סטעפּקען, קומט עפּעס אַ געהיימער רוף נאָך איר—אַ באַ־פעל נאָך איר... קוקט זי אַריין אין צווייטן, שוואַרצן בעטל, זעט זי, ווי די צוויי „קאָלעזשאַנקעס״ שלאָפן שוין פעסט.—עפנט זי אַ קעסטל, נעמט אַרויס אַ פלעשאַלע פּערפום, באַגיסט זיך; דערנאָך—מיט אַ שטיקל רויזש—די ליפּן, מיט אַ שטיקל שוואַרצט די אויגן. און זי גייט שטיל אַרויס פון קעלער... אויף אַ גאַס, וואו ס׳איז געוויינטלאַך דער שטאָט-שפּאַציר... זינגט זיך אונ־

טער עפעס אַ ניגאַלע, הייבט אונטער דאָס קליידאַלע און וואַרפט מיט די שוואַרצע אויגן אויף צלע זייטן, ווי אַמאָל, ווי גאַנץ אַמאָל. — — —

---

# צענטע קאַפּיטל.

באַ יצחק יונהן אין סאָד גייט די אַרבייט, אַז ס׳איז אַ מחיה צו קוקן. צייט דער „המן" איז אַוועק און ס׳איז אָנגעקומען דער „גוטער קאָמידאַנט" אַרבעט מ׳דעך אין מיטן העלן טאָג! טיר און פענצטער זענען אָפן און אינעווייניק, אין קעמערל, איז לופטיק — אַ „שוויזשע פּאָוויעטשע !.."

די לאַנגע העלצער אונטער די ליימערנע קעלאַך קנאַקן און דאָס פייער שיסט-אויס און לעקט אַרום די קעסלען, וואָס שטייען אויף זיי. אַ האַלבע שעה מוז געדויערן, ביז וואַנען ס׳קאָכט-אויף. זיצט מע׳ דעווייל אין גאָרטן, אָדער נאָך בעסער, נישט מע׳ זיצט, נאָר מ׳ליגט אויסנעצויגן אויפן גרינעם גראָז, אין אַ רעדל, מיט די קעפּ צו זיך און די פיס אַוועק אין גאָטס וועלט אַריין.

ס׳איז פאַרנאַכלאַך. די זון, וואָס גייט אונטער פונקט קייגנאיבער דעם גאָרטן, וואַרפט אירע שטראַלן, וואָס שלאָגן זיך אָן אָן די ביימער און לייגן זיך אויס, משופע פון זיי, העל באַפלעקנדיק דאָס גראָז.

אויף די ביימער זענען שוין צייטיק אַלע פרוכטן. פון אַ גרויסן, ברייט-צעוואַקסענעם באַרנעבוים, העננען אַראָפּ אַ זעלכע גרויסע, באָמבעלדיקע באַרנעס, וואָס זעען אויס, ווי די ברוסטן פון ווייבער. דרייט זיך צווישן זיי אַרום פיניע,

קוקט זיך צו צו די פּרוכ̇ט, נעמט אַ צווייגל אין האַנט אַריין, בּאַטראַכ̇ט די בּלעטלאַך און קומט צו צום רעדל זאָגן מבינות שוין אויפן גרעטעניש פון קומענדיקן יאָר...

די „ליאַלקע" ליגט אויסגעצויגן מיטן בּויך אַראָפּ און האַלט אין דערציילן אַ מעשה פון זיך, ווען ער איז נאָך געווען אַ בחור און האָט געוואוינט אין טשמיליעוו. פאַר אים האָט מע' געציטערט אימת-המלכ̇ות! ער דערציילט מיט הנאה, ווי ר'איז דאָרטן געהאַט געגאַנגען מיט אַ מיידל שפּאַצירן, געוועדט גאָר פון אַנדערע זאַכ̇ן. — קומען אַודאי ניש' צו צוויי יינגען, לאָבוסעס, און הייסן זיך ניש' אַודאי בּאַצאָלן „פּריטענזיע-געלט?"

— און ווי מיינט עץ? האָב איך בּאַצאַלט אַפילו אַ גראָשן?"

און פּונקט אין מיטן רעדל פאַלט אַ זונשטראַל. שפּיגלט זיך אין אים אָפּ ליאַלקעס בּערדל. אַזוי ווי ער הייבּט דעם קאָפּ און לאָזט אים אַראָפּ — אַזוי שפּרינגט אָפּ דער שאָטן און קומט צוריק.

— דו בּיסט אַזאַ שטאַרקער, — זאָגט דער ווייסער קאָפּ, וואָס ליגט אין אַלע „מלינעס" — טאָ קום מיט מיר אַ „וואַל-קע," עט מע' זעען ווער ס'האָט פּאַרע!

— גוט — ענטווערט יוסף און דאָס בּערדל טאַנצט אין לעכט-פלעק און אין שאָטן. — לאָ' מען גיין אַ וואַלקע!

ער שטעלט זיך אויף. ציט אויס די לאַנגע, דאַרע הענט אין דער בּרייט, אַזש זיי קנאַקן און פאַרלייגט זיי הינטענ-אַרום אויפן קעפּ.

דער ווייסער כ̇תריאל, אַ מיטלגעוואוקסיקער, אַ דיקלאַכ̇ער, שטעקט-אויס איין פיס אויף פאָרנט און זיי נעמען זיך בּערוען און איינער וויל דעם צווייטן וואַרפן צו דער ערד.

די צוקוקער, וואָס ליגן, דרייען זיך איבּער מיט די בּיי-כ̇ער אַרויף, אָבּער, אַז די זון קומט זיי אין די אויגן אַריין, זעצן זיי זיך אויף און קוקן זיך איין אין קאַמף, וואָס גייט אָן צווישן די בּיידע.

באַ לייבלען איז צעקאָכט דאָס גאַנצע פּנים. נאָר אורקע, וואָס לאָזט שוין אַריין אַ גלעזל „ניינציקער" און פאַרקרומט זיך שוין נישט, שטייט און די אויגן זיינע טאַנצן נאָך יעדע באַוועגונג פון די „וואַלקאַרס." ער מאַכט-צו מיט די הענט, פּונקט ווי ער וואָלט אויך אַ חלק געהאַט אין בערוועץ... ער איז אינגאַנצ פּאַרטון אין קוקן.

די צוויי וואַלקאַרס רעדן נישט קיין וואָרט. זיי שוייג זיך איינער דעם צווייטן, דאָ אַהער, דאָ אַהין, יוספס העמד איז אָפן אַרום דעם האַלדז און לויטן גאַנג פון זיין האַלדז-קנאָפּ קאָן מען דערקאָנען, ווי שווער ער אָטעמט שוין. זיין ברייטער טלית-קטן, שפּרינגט און טאַנצט. טיילמאָל זעט אויס, ווי ער צילט זיך צו געבן אַ פּאַרדעק איינעם פון זיי ביידע דאָס פּנים, אָדער טוט אַ שמיץ און בלייבט פאַרפלאָנטערט. ווערט יענער בייז, פאַרקריצט ער מיט די ציין און טוט אַ האַסטיקן שלעפּ צו זיך יוספן, ווערלכער, כאָטש אומגעריכט, בלייבט פאָרט שטיין מיט די פּיס אויף זיין אָרט, ווי איינגעמוירט. פאַר אַנטשטערענונג האָט בלויז געפּלאַצט דער לעדערנער פּאַסיק, וואָס האַלט אים צו די הויזן. איצטער אָבער — הייבן זיך שוין די הויזן אָן צו פאַלדעווען, ביז זיי טון זיך אינגאַנצן אַ לאָז אַראָפּ. שפּרינגט אונטער אורקע און גיט אים אַ פּאַטש אין הונטן אַריין. ווערט אַ געלעכטער און די וואַלקאַרס לאָזן זיך אָפּ. דרייט זיך געשווינט אים די „ליאַלקע," כאַפּט אָן מיט איין האַנט די הויזן און די צווייטע ציט ער אויס נאָך אורקעס אויער, ווערלכער וואַרט אָבער גאָר נישט דאַרויף, נאָר אַרויס-שטעקנדיק די צונג, לאָזט ער זיך לויפן איבער בערגלאַך און איבער גריבער, צו דער פּאָרטקע צו.

לויפנדיק, טרעפט ער אָן ברײנדלען, יואָס קומט אָן פון הויף אין האַלט עפּעס הינטערן פאַרטוך. שטעלט ער זיך אָפּ, הייבט אויף דעם ברעג פון איר קלייד, דורך וואָס זי צעשעלט זיך און ער אַנטלויפט כאָ-כאָ-טשנדיק!..

איצט גייען אַלע צריק אין ביידל. די קעסלען זידן שוין,

זעצן זיך אַלע אַוועק, אָדער שטעלן זיך אַנידער, יעדער באַ זיין אַרבעט.

נאָר פּיניען געפעלט דאָס אַלץ נישט. „וואָס טויג מיר — טראַכט ער — צו אַרבעטן בראָנפן? יאָ. כ׳אָב שוין טאַקי אָפּ מיין געלט. וואָס כ׳אָב דעמאָלט אָנגעוואוירן, אָבער ווידער זיין איינג שטעלט?..״

שטייט ער אַזוי און מישט מיט די הענט אין אַ „זאַטשער,״ קומען אָן צווישן די פינגער אַ שטיק הייוון, צערייבט ער עס און צעקיועטשט עס און טראַכט זיך: „יאָ — דעם זומער איז שוין נישטאָ, וואָס צו רעדן פון אַ סאָד!״

נאָר פליצלונג נעמט ער ארויס די האַנט פון פאַס, טוט זיך אַ צוויי „שיבערס״ פאַר צופרידנקייט און זעצט זיך אַני-דער נעבן פענצטער, קוקט אַרויס אין דער פאַרנאַכטקייט, וואָס קומט פון דער הייך, וואָס נידעריקער — אַלץ טונקעלער און ער זעט-איין, אַז ס׳איז אַ גוטער געדאַנק...״

— „יאָ, יאָ, כ׳וועל צושטיין פאַר אַ שותף צו מעכלען. יאָ.״

און אַז געזאָגט איז געטון און אויס שותף מיט יצחק יונהן און מיט יוספן; אָפּנעמען זיין חלק איז ער שוין באַ מיזכאַרען און ס׳ווערט „אָפּגעשלאָסן״ א שיתפות.

— זייף — פלעגט שטענדיק מעכל צו טענהן — איז נישט קיין אַזוי גרויס פאַרדינסט, ווי בראָנפן, אָבער דערפאַר, אַז מע׳ כאַפּט״ איז דער גאַנצער הזק — אַ קלייניקייט און דער עיקר: קיין שטראָף איז נישטאָ...

אַזוי פלעגט ער זאָגן, מעכל, און פּיניע האָט גאַנץ גוט געוויסט דערפון. וואָרן, אַז נישט וואָלט ער געגאַנגען אויסגיסן „ס׳אומריינע פאַרן ריינעם?..״

## עלעפטע קאַפּיטל.

דאָס שטעטל האָט דער שמוגל אַרומגענומען, ווי אַ פייער, וואָס כאַפּט אַלץ אַרום און וואָס קריכט, שמעקט און לעקט אויס אַלע באַהאַלטנסטע ערטער, אַלע פאַרהוילנסטע ווינקאַלעך.

עס „פאָרן" שוין נישט נאָר אַ זעלכע, ווי דודל און שעהקע — נאָר אויך אַ סטודענט, אַז ער דאַרף טוישן, אָדער קויפן אין וואַרשע די לערביכלאַך, פּאַקט ער זיך איין אַ פּעקל און פאַרדעקנדיק עס מיט די ביכלאַך, פאָרט ער און „שלאָגט זיך אויס" די הוצאות. זעט ער, אַז ס'איז גוט נאָך לערביכלאַך צו פאָרן ... — פאָרט ער דריימאָל אין דער וואָך. ער זיצט סיי ווי סיי אין דער היים — „די למודים גייען נישט..." פאָרט אויך דער איינציקער לערער פון שטעטל, וואָס איז אָנגעדונגען באַ קהל און האָט נאָך פאַר דער מלחמה געפירט די חשבונות פון דער ליי-קאַסע, וועלכע איז היינט שוין נישטאָ, צייט די מלחמה האָט אויסגעבר אָכן און דאָס ווייב מוז דאַדורך נעמען וועש צו נייען — אַ צושפּרונג צו דער פרנסה. עס פאָרט אַפילו אויך דעם דינ'ס אַ טאָכטער — אַ כלה-מיידל. וואָרן דער דין, וואָס האָט כל ימיו געהאַט אַ חזקה אויף די הייוון, וואָס אַמאָל פלעגט זי אים אַ שפּיליטער ברענגען פון וואַרשע, און ער פלעגט זיי ערשט צו צעטיילן די בעקערט, וויל זיך אָבער היינט קיינער נישט באַשעפטיקן מיטן ברענגען, ווייל דאָס איז גאָר „טריפ' שבטריפה." און און דער דין איז אַ חלוש, אַ ניש' וואָלט ער אַליין, געבאַך, „געפאָרן" — קען ער ניש,' און דאָס ווייב אויך ניש', דער

ווינט וואָלט זי נעבאַך אַוועקגעיאָגט, אַזאַ „שפּענדאַלע״ מ׳שטיינסגעזאָגט איז זי. — מוז טאַקי די כּלה-טאָכטער אַליין פאָרן. ס׳פּאַסט אַפילו נישט. אַזאַ גראָטענע, אַזאַ שיינע — ווי קומט זי אויף פּאַנטלס פיר אַרויף? אָבער וואָס זאָל מען טון?— זיפצט נעבאַך דער דין. און אַגב, ווען זי קומט שוין צריק און ברענגט טאַקי דאָס ביסל הייוון — לייכטן ערשט טאַקי אויף ד׳אויגן באַם אויסגעדאַרטן פּנים זיינעם, וועלכעס ער הייבט אויף מיט אַלויב, שבח והודיה צו גאָט ברוך הוא, וואָס ער פאַר-לאָזט טאַקי ניש׳ קאַ׳ יואָרם אונטער דר׳ערד. וואָרן, אַז ניש׳ — וואָס וואָלט זיי חלילה אויסגעקומען צו טון... צי פון שטאָט האָט ער דען ווען געהאַט אַ׳יסצוקומען...

און ס׳פאָרן, להבדיל, נישט נאָר פון יידן, נאָר אויך ס׳גאַיעס. אָנפאַנגס — אַליין און האָבן די טעכטער געלאָזט די שטובן צו רוימען, צו קאָכן אַן עסן פאַר די קלענערע — דער-נאָך, אַז ס׳איז גוט געגאַנגען און וואָס אַ האַנט מער איז אַלץ בעסער,—האָבן זיי די טעכטער אויך מיטגענומען און געפירט אין צווייען, אָדער אין דרייען. וואָס קומט אָבער דערויס, די מוטערס האָבן עס געמיינט פאַר אַ תּכלות, נאָר די טעכטער די שיקסלאַך, ס׳קומט אויפן וועג, קריכן זיי אַראָפּ פון דער פיר, פאַרשטעקן זיך בלימלאַך מיט טשאַטשקעס אין די קעפּ אַריין, אַ זעלכע גרינגע קעפּ, און צריקריכנדיק אין וואָגן אַריין, באַגעגנט מען זיך מיט פריידן-אויגן מיט די יינגען, אָדער די שקצים, לויט די אָנגענעמענע מנהגים פון פּאַנטלס און קאָפּלס פירן... אַפילו דודלס תּמימות איז שוין אויך קאַליע גע-וואָרן. ער ווייסט שוין צו העלפן אָפּטשעפּן דאָס קליידל פון אַ שיקסל, ווען זי פאַרטשעפּעט זיך אַראָפּגייענדיק פון וואָגן... און ס׳זעט זיך בשעת מעשה אַרויס דאָס פיסל מיטן שטרימפּ... טיילמאַל ווערט גאָר אויך פאַרפאַלן אַזאַ שיקסל מיט אַ יינג אין פעלד אַריין, וואו ער העלפט איר רייסן טשאַטשקעס... קרעכצן טאַקי די מוטערלאַך, ווען ס׳טרעפט אַזוינס אין האַלבער נאַכט און צלמען זיך איבער: אוי, יעזו׳... און עס פירט דערצו, אַז מאַמעס מיט קינדער בלייבן זיך פרעמד. וואָרן, וואו עס זיצט

אַ מאַמע, זיצט די טאָכטער מיטן יינג שוין נישט דאָרט, נאָר אויך אַן אַנדערע פּיר. „שמוגעלט" מען זיך באַזונדער, מ'האָט זיך אויך באַזונדערע „קניפּלאַך," די טאָכטער ווייסט נישט פון דער מאַמען און די מאַמע ניש' פון דער טאָכטער... אַך, די שיקסלאַך, די שיקסלאַך... וואָס פאַר אַ גליק זיי האָבן עס אַריינגעבּרענגט אין דעם ווענ... און צוועלף באַנאַכט, אַז מ'גייט אויפן שאָסיי הערט מען קלינגען דאָס שמוגל-ליד...

ובינו לבינו גייט עס די פירן אַזוי, אַז ס'שטעטל געדענקט שוין נישט די צייט, ווען ס'זאָל אַזוי מזלדיק זיין... „אַן אויסטערליש מזל,"—זאָגט מען אין שטאָט און מ'פרעגט זיך — „ווי לאַנג איז שוין צייט מ'האָט נישט צוגענעמען גאָר נישט?.."

און טאַקי, צייט ס'איז אָנגעקומען דער קאָמידאַנט מיט די פידל, איז אין שטאָט ששן ושמחה... שפּילט זיך טאַקי גאָר אַנדערש..." ווי דאָס שטעטל דריקט זיך אויס. מ'פידלט באַטאָג, מ'פידלט באַנאַכט, מ'אַרבעט אויף אַלע זייטן. ס'זענען טאַקי דאָ לאָבּוסעס אויך,—אָבער דער עקר אי' דעך אַ' דע' „קאָפּ" שווייגט—אי' דעך פאַר אַ מאַרק צו פאַרמאַכן די מיילער פון די קליינע-אָפּגערעדט!..

נאָר זיי, די פירן, האָבן דעך ניש' בלויז צוטון מיטן שטעטל, זיי האָבן דעך אַ גאַנצן ווענ מיט „וואַכן!" און צום סוף גאָר די וואַרשעווער וואַך — ניש' קאַ' קלייניקייט! דאָך פאָרט מען, און שוין אַ חדשים צוויי — פאַר קאַ' פעניג ניש' צוגענעמען...

און דאָס שטעטל האָט זיך טאַקי געוואוסט ווי צו פירן. בשעת ס'האָט געדאַרפט פאָרקומען אַ באַל פאַר די קרייז-בע-אַמטע און דער קאָמידאַנט האָט זיך אויך גרייט געמאַכט צו'ן אים,—נו, האָט מען אים נישט צוגעשיקט אַן „אָבּראַניע," טאַקי פון אַהרלע קוואַרטירמייסטערס אַרבעט?.. איז ער דאָס געווען קאָנטענט! ער האָט אַליין דעמאָלט געזאָגט, אַז אַלע מעגן טון זייערע מלאכות... נאָר ס'פאַרשטייט זעך — ניש' אויפצורייסן קיינעם ד'אויגן... — און אויב ס'עט קומען צו'ן אים אַ מסור —

יעט ער זיך לאָזן נאַרן ?.. די פירן האָבן אים נאָך באַזונדער געבּרענגט אַ זייגער מיט אַ קייט און פאַרן ווייבּס וועגן—אַ פינ-גערל... וואָרן וואָס האָבן דען שמוגלערס נישט געוואוסט ? אַפילו, אַז ער האָט אַ ווייבּ אין דייטשלאַנד ... און דער-מיט האָט מען אים גאָר אָפּגעקויפט... האָבן איצטער די זשאַנ-דאַרן מיט דער מיליציע קאַ'ן אַנדערע אַרבעט נישט געהאַט, ווי צו שטיין באַ די באָנע-קאָמיטעטן, אַכטונג צו געבן אויפן „אָגאָ-נעק״ און ווייטער — גאָר ניש'.

און חוואוינאַרסקי פּירט די שענק גאָר אויפן גוטן שטיי-גער: האַנדלט מיט מעל, אַ חיץ, וואָס אויך מיט בּרוינפּין... און מ'זאָגט, אַז ער לייגט אָפּ פעסלאַך מיט געלט... די צוויי טעכטער זיינע קומען נאָך אַלץ אַרויף צום קאָמידאַנט. וועל-כער האָט טאַקי אַ ווייבּ, נאָר איז נאָך גאָר אַ יינגערמאַן, און זיי זעען, אַז באַ די „שוואַבּעס״ זעען אויך דאָ שיינע און ליבּע מענער...

די יינגערע, די געלע, טוט זיך יעדן זינטאָג אָן די „קראַקאָוויאַצקע״ און די שטיינער אינטער אירע פּיסלאַך בּרע-נען. טיילמאָל, אַז זי זעט, ווי דער שיינער קאָמידאַנט גיט זיך מער אָפּ מיט דער שוועסטער, ווי מיט איר—פאַרדריסט עס זי, אָבער גאָר אויפן גרויסן אופן, און זי האָט שטאַרק פאַר-איבּל אויף אים... פרעגט זי יענע אויף דעם בּלוזקאַלע, אויבּ ס'איז גוט פאַרמאַכט; אויבּ ס'ליגט שיין; — ענטווערט זי מיט אַן אַוועקגעדרייטן קאָפּ... איין וואָרט: „די געלע חוואוינאַרשט-שיקע איז מקנא איר עלטערע שוועסטער...״

אין שטאָט גייען וועגן זיי אַרום פאַרשידענע קלאַנ-גען.

נישט איין יידענע האָט שוין אין שטעטל געזאָגט אי-בּער זיי:

—אָבּער ווער ס'אי' שיין, בּין איך קליג... כ'אָבּ בּאַלו געזאָגט, אַז די שיקסעס זענען נישט קיין לייט... דאָס טרעפט אַ מיינסט, ווען איינע פון די שיקסעס איז עפּעס נישט גע-זונט... נאָר. ווען פון דעם לאָזט זיך אויס אַ „בּוידעם״ -- זעט

ערשט די שטאָט, אַז צינגען קענען אַלץ זאָגן... כאָטש שיקסעס, אזן דאָך אָרנטלאַך...

פונדעסטוועגן האָט די שטאָט דאָס בייז נישט אויסגע- מיטן און געטראָפן האָט עס יידאַלעך. וואָרן ווען איינמאָל איז דער קאָמידאַנט געזעסן באַם פענצטער און געקוקט אַזוי אויף די צוויי שוועסטאַרלעך, האָט ער דערזעען, אַז די יינגערע, די געלע, פון וועלכער ער איז ביז אַהער געווען אַ ביסל פון דערוועיט, הייבט אים אָן שענער צוגעפעלן, און עפּעס די על- טערע—איז מיט אַ פריטענציע אין פנים...עפּעס איז זי אויך אַ ביסעלע ברייטער געוואָרן... איז ער געזעסן אַזוי און גע- טראַכט:

האַבּ איך דען שילד ?.. האַבּע איך זי דען געגן איר — יאַ — האַבּע איך דען יאָ עטוואַ פאַרשפּראָכן ?.."

און טראַכטנדיק אַזוי איז ער פונדעסטוועגן געקומען צום „בעשלוס" אָנגעבן צום קרייז-שעף וועגן טוישן דאָס אָרט...

איז אָט דאָס, אָ, האָט געטראָפן אַלע דאָרטיקע יידן, ווי אַ דונער אין מיטן העלן טאָג... וואָס הייסט, דער קאָמידאַנט גייט אַוועק ?.. נאָר קיין ברירה... אַלע האָבן שוין געוואוסט, אַז שולדיק איז עס די עלטערע שוועסטער... אַז דאָס פנים איז באַ'ן איר געוואָרן אַ ביסל וויינעדיק... האָבן זיך אַלע געזעגנט מיט אים, אָנגעווינטשן, אַז עס זאָל אים אומעטום גוט גיין... און געדאַנקט אים פאַר זיין גוטער באַהאַנדלונג. די צוויי שוועסטערס זענען אויך געקומען און באַ דער ברונעטקע זענען איצטער ד'אויגן געווען טונקאַלער, ווי אַלעמאָל... אַפּנים, גע- וויינט פאַר וואָס ער פאָרט אַוועק... ער האָט שוין אָבער נישט געקענט לענגער בלייבן, די „דינסט!' רופט אים אַוועק...

מילא איז ער אַוועק... און דאָס שטעטל האָט אָנגעהויבן אויסצוקוקן דעם פרישן קאָמידאַנט...

דער פרישער איז געווען אַן עלטערער מענטש שוין, און כאָטש מ'האָט אים געקוקט אין פנים אַריין, וואָס פאַר אַ מינע ער וועט מאַכן... האָט מען גאָר נישט געקענט אַראָפּליי- בען... דאַן איז אָנגעפאַלן אויפן שטעטל אַ מין מרא שחורה,

אַז די רויגע צייטן האָבן זיך שוין געענדיקט... אַוועק די זיבן יאָרן גוטע — ערשט גייט שוין אַ נייע סדרה...

דעמאָלט האָט ירוחם, וואָס האָט ליב אַמאָל אַ גלייך ווערטל צו זאָגן, געזאָגט:

— מ'האָט דעם שבת געליינט: ויקם מלך חדש, איז דער טייטש: ס'איז אָנגעקומען אַ נייער קאָמידאַנט, וואָס עט טון קנעטן מיט די יידעלאַך בחומר ובלבנים... בחומר איז דער טייטש — צונעמען דעם שמוגל, ובלבנים איז — מיט „שטראָף..."

— שוין אָנגעשפּראָכן...— בײ־זערט זיך אָן אויף אים אַ צווייטער — ס'זאָל דיר אַראָפּ די „נאָז!.."

און ספּעציאַליסטן האָבן געוואויגן און געמאָסטן און מ'איז געקומען צו דעם אויסרעכענונג: אַזוי ווי אויף דער וועלט געפונט זיך מער שלעכטס, ווי גוטס, על כן — איז שוין ערשט געקומען די צייט, אַז חלילה דאָס שלעכטס זאָל זיך אָנהייבן.

אַזוי האָט זיך דאָס שטעטל אַליין אָנגעמאָסטן.

---

# צוועלעפטע קאַפּיטל.

ס'איז געווען אַ פאַרכמאַרטער טאָג. אָוונט-צייט האָט גענעמען גיין אַ דראָבנע רעגנדיל, אַ טריבס, אַ שפּיציקס, און געפאַלן איז עס אַזוי משופּע און אַזוי טיף, אַז ס'איז אַ דורך נישט נאָר ב'לויז די סלבושים און אין די הויט אַריין, נאָר אַפילו — אין דער נשמה אַריין איז עס פאַרקראָכן. הילט מען זיך גוט אַרום מיט די פאַטשיילעס און מיט די שאַלן און מ'זיצט שווייגנדיק אַזוי; פאַרגראָבן אין זיך און ניש' פאַרגראָבן אין זיך; מ'קוקט עפּעס יאָ איינער אויפן צווייטן און

מ׳קוקט עפּעס נישט... און קיינער ווייסט נישט, וואָס מ׳וויל, וואָס מ׳דאַרף און וואָס עס פעלט... עפּעס אַן עולם התהו פון שאָטנס-אַרומבלאָנדזשעניש... דאָס אַלץ זיצט מען אַזוי אין דער פיר, פאָרט זי זיך די פיר אין דער שטאָק פינצטערניש און ס׳איז גאָר נישט צו זעען אַרום — אַ חוץ, ערגעץ ווייט אָן אַ זייט, עפּעס אַ קליין בלישציקל, וואָס זעט אויס מער צו זיין אַ פאַרבלאָנזשעט פייערל, איידער פון אַ באַשטימט אָרט אַרויס, פון אַ פויערס אַ שטוב...

שוין פון אַ געוויסע צייט „נעמט מע׳ צו..״ נישט חלילה אינגאַנצן, צו ביסלאַך, נאָר כסדר... אַז ס׳קומט אויס יעדע וואָך צו צולייגן אַ ביסל פון דער קעשענע אַרויס... קאָן מע׳ דעך אַזוי אַרום אַ „מאַיאָנטיק״ אויך אָנווערן — איז טאַקי ניש׳ גוט... אָבער אויפהערן צו פירן איז דען בעסער? וואָס ׳עסטו טון? ׳עסט קריגן אַרבעט, אָדער וואָס? פאָרט מע׳..,

מע׳ דערציילט אַפילו, אַז די דייטשן נעמען „אַרבעטערס״ אין זייער לאַנד אַריין — צאָלן גוט... אָבער מע׳דערציילט אויך: מע׳ שלאָפט אויף אָפענע פלעצער — „באַראַקעס״ אַ זעל-כע... און מ׳עסט בריקעווו און שאָלן פון בריקעוו... נאָך צוגע-מישט אַ ביסל וואַסער... און צו פאַרבייסן מיט אַ קלאַפּ... מיט אַ פאַטש... מיט אַ שטאָרק אין די ציין אַריין... און שאַ... שטיל, קאַ׳ וואָרט ניש׳ גערעדט... אי׳ דעך גוט טאַקי, וואָס ס׳איז דאָ דער דייטש אויף דער וועלט און קען מענטשן מפרנס-זיין... טאָ וואָס-זשע איז גלייכער? צי קלעפּ, צי שטאַרבן, צי לאָזן די נשמה צווישן הינטישע זרע, אָדער פאָרן און צולייגן געלט?..

זיצט מע׳ זיך אַזוי, ווי די שטימע. מע׳ זיצט פאַרצאָגט... נאָר אויף די פיס האָט זיך עפּעס אַריינגעקוועטשט אַ פרעמדער יינגערמאַן אין וואָגן אַריין, נישט פון דער משפחה ,,שמוגלאַרס״ און ער רייסט זיך צום דערציילן. זאָל זיין,,, אַבי עפּעס גע-רעדט. דערציילט ער, ווער ער איז. אַז ביז איצט איז ער ,,באַפאָרן פלאָצק״: אַפילו אַ גוט געגנט, מעגסט פירן ,,צען פונט,״ און אַז דו פירסט צוואַנציק — איז אויך קאַ׳ אומגליק

נישט, אויב ס׳זענען נאָר נישטאָ די מאלכי חבלה... איז ער גע־פאָרן אַזוי אויפן „סטאַטעק" און גאָט ברוך הוא האָט צו גע־האָלפן. ס׳איז אַפילו געווען שפיכת דמים, דער „ראש" האָט געקאָסט יעדעס מאָל אַ צוויי הונדערט מאַרק, אַ פּאָר קליינע פעקלאַך אָנגעגרייט באַלד אין תחילת אויף צו צונעמען, ס׳הייסט אַליין אים געגעבן... וואָרן ער קאָן דאָך נישט קומען אין דער קאָמענדאַנטורע און זאָגן:

— „די יודן האָבן ניכטס קיין שמוגעל געהאַבט..."

נאָר גאָר ניש׳... מילא האָט נעקאָסט...

והי היום, מאַכט זיך אָבער, מ׳בייט די וואַך, — און דער נייער נעמט צו כסדר... נאָר גאָר ניש׳, מ׳קלערט ניש... ס׳עט גע־דוירן נאָך עטלאַכע טעג, נאָך עטלאַכע... ער ׳עט אויך ווערן, ווי יענער... דערווייל אָבער נעמט מע׳ צו... צו... נו, מילא, וואָס קלערט איר, נעמט מע׳ טאַקי צו, ביז אויפן היינטיקן טאָג... און באַזונדער האָט זיך שוין טאַקי דערסן אויך, שטענדיק נאָר אויף איין „אָרט" צו פאָרן... ווען ער אפשר פאָרן איצטער גאָר מיט זיי!..

הערן די שמוגלאַרעס דעם פרעמדן, פאַרבלאָנדזשעטן שמוגללאַרס רייד, וועלכער זוכט נעבאַך אַ תקון, שאָקלען זיי מיט די קעפּ: זייער אייגענע צרה... קומט מען דערצו, אַז אַלע וואַכן פון גאַנץ פוילען האָבן די דייטשן געטוישט, ווייל זיי האָבן איינגעזעען, אַז די „פאַראָרדנונגע" ווערן ניש׳ שטאַרק אָפּגעהיט... ניש׳, ווי ס׳באַדאַרף צו זיין.. כאָטש, אַ׳ מע־זאָל זיך ניש׳ נאַרן, וואָס קאָן דאָ די דייטשן אַרויסקומען?.. מער ניש׳, די נייע „מענטשן" וועלן אויך קאַליע ווערן.. אויך פאַרזוכן, ווי ס׳זעט־אויס דער טעם פון „נעמען אין דער האַנט אַריין.." נאָר גיי טענה! — זאָרגן זיי דען פאַר די „מענטשן" זייערע אייגענע.. וואָס זע׳מע׳ קאַליע ווערן... זיי זאָרגן נאָר פאַרן ביסל תבואה, וואָס אַ קודם וועלן זיי דאָך פאָרט צונעמען און אַוועקשיקן אין דער „היימאַט..." די היימאַט זייערע, די היימאַט...

— ווייַ, ווייַ געשריגן! — מאַכט איין יידענע, וואָס זיצט

אַרוי צו-צו אין דער בויד. און בשעת מעשה זעט מע׳ זי נישט, נאָר ס׳דאַכט זיך, אַז דאָס רעדט פון ערגעץ אַ שטיק פינ-צטערניש פון דער נאַכט — וואָס זע׳מער אונז שילדיק, אַז זיי האָבן אַ „היימאַק ?..״

און עס ווערט אַ געזיפצעריי און געאָכצעריי און דער-נאָך באַלד אַ שטילקייט, וואָס איז טיפער און גרעסער פון אַלע שטילקייטן אין דער וועלט: וואָס ווער איז שול-דיק ?...

און דער פרעמדער דערמאָנט זיך, ווי היינט אינדער-פרי נאָך האָט דער דייטש אויפן סטאַטעק געשריגן צו אים: דו שטוילער... וואָרן דאָס גנבה׳ט מען דאָך באַ זיי, ביי די דייטשן... און זיי נעמען עס צו און שיקן עס צריק אין זייער היים...

און עס בימבעלט באַ דעם פרעמדן אין קאָפּ אַ גאַנצע מחנה מיט געדאַנקען, וועגן דעם, וואָס עס הייסט „מיין״ און וואָס ס׳הייסט, „דיין״ און אין דער לעצטער צייט איז באַ אים עפּעס פאַרמישט געוואָרן, עפּעס די געדאַנקען זענען נישט באַ׳ן אים אויפן ריכטיקן אָרט און ער קען שוין גאָר באַ קיין אופן זיך אַוועקשטעלן מיט זיי, אַז ער זאָל קאָנען זאָגן אָט דאָס זענען זיי, מיינע געדאַנקען... עפּעס אַ קאָפּ, וואָס איז הויל ווי אַ ווינט-מיל, האָט ער געקריגן... נאָר גאָר נישט... וואָלט ער כאָטש געהאַט אין קעשענע... האָט ער אָבער נישט אַוועקגעוואָרפן נ׳„סטאַטעק״ און אַנטלאָפן געוואָרן באַצייטנס, ביז מ׳האָט באַ׳ן אים צוגענעמען אַלץ, ביזן לעצטן גראָשן...

אַזוי באָמבעלט זיך באַם יינגעמאַן אין קאָפּ און ער קען זיך קיין עצה נישט געבן, און זיצנדיק אַזוי, בלייבט ער נע-באַך איינגעשלאָפן מיטן קאָפּ צווישן דער אייגענער שויס, ווי אַ שטיל היהנדאַלע...

ש-ש-א...

אָבער נישט נאָר דאָס אַליין: די דייטשן דאַרפן אויך צו האָבן קלאַמקעס פון די טירן און מעשענע לייכטערלאַך, אין

וואָס מ׳בענשט ליכט. חלומט זיך דעם יינגען מאַן, ער ווייסט נישט פאַר וואָס, צי האָט ער ווען געטראַכט דערפון: אַז ער הענגט אויף אַ מעשענעם גלאָק ערגעץ אין אַ קלינג-טורעם, און אין דעם וואַקסט פאַר אים אויס דער היינטיקער דייטש פון סטאַטעק, גיט אַ הויכן און שטאַרקן געשריי און אַ האַק איבער פון דער קייט דעם גלאָק, וועלכער גיט אַ טראַסק אַראָפּ מיט אים פון דער הייך און ער כאַפּט זיך אויף!.. שפּרינגען אַלע שעור פון דער הויט אַרויס דערפילנדיק דעם יינגענמאַנס ציטער, און קיינער קאָן שוין קיין אויג נישט צוטון דעם גאַנצן וועג...

דערווייל פאָרט מען אָן צו אַ קרעטשמע. שטעלט מען זיך דאָרט אָפּ אָנצופּאָיען די פערד. ריט מען זיך אָפּ. זיצט מען אין דער אָנגערייכערטע שטוב און מ׳גיסט אַריין גלעזלאַך, — פאַר צרות טרינקט מען ... — זאָגט שוין אויך פאַנטל.

דאָרט טרעפט מען זיך מיט נאָך פירן—אויך שמוגלאַרס— פון זעלבן טראַקט. צורעדט מען זיך פון דאָס און יענץ און איינער גיסט אויס פאַרן אַנדערן דאָס ביטערע האַרץ זיינס, כאָטש קיינער פרעגט נישט...

אַז מ׳גייט אַרויס צריק אין דרויסן, נעמט איש אַ דורך אַ ציטער אין די ביינער און מ׳זעצט זיך שווייגנדיק צריק אַריין אין די פירן. טייל וויגט איין דאָס הוידן זיך און די מעלאָדיע פון די רעדער — שלאָפן זיי איין האַרט און פאַר־גראָבן. נאָר, אַז דער הימל נעמט זיך בלייכן קייגן טאָג צו און דער רעגן וועלכער טריפט שוין דריי טעג אָן אויפהער האָט זיך אָפּגעשטעלט און עס ווייזט זיך אויף אַ הערבסטיקן, בלייכן טאָג, וועלכער טראָגט אין דער לופט שוין די שטיל־קייט און די ווייכקייט פון אַ נאָענטן, ערשטן שניי—דעמאָלט כאַפּן זיך אַלע אויף פון שלאָף און זעען דעם וואַלד שטיין ווי פאַר־שטאַרט...

דעמאָלט פילן זיך די שמוגלאַרס אַלע, ווי געלעמט, די

גלידער עפּעס, ווי פּאַרהאָק׳ט. פון מויל גייט עפּעס, ווי, אַ ווייסלאַכע פּאַרע, ס׳איז נישט — אויסגעשווענקט און פּאַרקראָכן, ווי מיט אַ פעלץ, אַז די צינג וויל זיך אַזש נישט איבערדרייען. נאָר איין פּאַנטל, וואָס לעבט און האַקט און שמייסט און לאָזט אויס זיין גאַנצן כעס צו די פערד, ווּעמעס הויטן עס זענען אויך אַזוי ווי אין טוי איינגעהילט און גלאַנצן פאַר פייכטקייט. פּאַנטלס קאָפּ, נאָך נעכט נישט שלאָפן, אַרבעט דעמאָלט אין אַ הייסער אָנגעשטרענקייט וועגן פרישע „ספּאָסאָבן,״ ווי אַזוי אָפּצעגענאַרן די וואַכן; ווי אַרום אַדורכצוקריגן גאַנצערהייט דעם שמוגל. און דאדורך אויך שמייסט ער אַזוי שטאַרק אין די פערד אַריין.

שלאָפן שלאָפט נאָר דעמאָלט איין דודל. ער האַלט נאָך טיפער, ווי אַלעמאָל, איינגעגראָבן דעם קאָפּ אין סטאַשקעס שויס אַריין און ס׳אָטעמט זיך אים שווער. פייפט ער אונטער מיט דער נאָז. האַלב אָטעמט ער מיט איר און האַלב מיטן מויל.

---

# דרייצנטע קאַפּיטל.

פּאַרנאַכט, אַז מ׳פאָרט שוין ווידער קיין וואַרשע, איז אויפּסנייע אַ רעגן און דער הימל ווערט שוואַרץ, ווי טינט. פּאָרן, פאָרט מען שוין פּאָרזיכטיקער: עטלאַכע גייען פריער אויסקוקן דעם וועג. די פּיסגייער נעמען מיט לאַמטערלאַך: רויטע, גרינע און געלע. אַ חוץ איין לאַמטערל, אַ פשוטס מיט נישט געפּאַרבטע שייבלאַך. פון די קאָלערטע האָט יעדעס לאַמטערל אַן אַנדערן סימן. דערזעען זיי, למשל, פון דער ווייטנס אַ וואַך — ווייזן זיי די רויטע לאַמטערלאַך

דע׳מאָלט מוז מען די גרויסע פעק אַרויסוואַרפֿן פֿון די פֿ׳רן: אויפֿן פעלד, אין די ראָוועס, אין וואַסער אַריין — נאָר נישט לאָזן אין וואָגן. קומט אָן די וואַך, זוכט, נישט טערט און זיי מוזן אַוועקגיין מיט ליידיקן.

דערזעען זיי אַ סאַמאָכאָד גיין, ווייזן זיי גרינע לאַמ־ טערלאַך: ווארפֿט מען גאָר נישט אַרויס פֿון די פֿירן, נאָר מ׳זיצט שטיל און מ׳לאָזט צומאָל די פּאַרע נישט אַרויס פֿון מויל.

טיילמאָל טרעפֿט אויך, אַז די דייטשן נעמען זיך צו־ זאַמען אין אַ דרייסיק שטיק און גייען מאַכן אַן „אָבלאַ־ ווע״. זיי גייען איבערן שאָסיי און איבערן פעלד און פֿלייסן זיך אַרומצונעמען די פֿירן פֿון אַלע זייטן. ווען דער דאָ־ זיקער עגול איז שוין אַרום און אַרום, נעמען זיי זיך דער־ נענטערן צו די פֿירן און זייער ראָד ווערט, וואָס אַ טריט אַלץ ענגער. דעמאָלט איז פון זייער האַנט שוין גאָר נישט אַרויסצוראַטעוון.

באַ אַזאַ פֿאַל ווייזן די אויסקוקערס די געלע לאַמ־ טערלאַך: נאָך דעם סימן דרייט מען געשווינד אויס די וועגן און מ׳לאָזט זיך מיט אַלע כחות צריק — אין שטאָט אַריין.

פֿאָרן אַזוי די שמוגלאַרס פּאַמעלאַך, אָבער זיכער, ווייל פּונווייטנס זעען זיי הייבט אַלץ די נישט געפֿאַרבטע שייב־ לאַך, וואָס רוקן זיך פֿאָרויס און ווייטער. פֿאָרן זיי אַזוי אין דער פֿינצטערניש, וועלכע שפּיציקט אויס באַ אַלע די אויגן און די וויאָרסטן רוקן זיך אַ הינטער אויך מיט אַ לאַנגזאַמ׳ען, נאָר זיכערן טריט.

מיט אַמאָל דרייען זיי אים די קעפּ: עפּעס אַ קול דער־ גרייכט צו זיי פון הינטן, פֿון דער זייט, וואו די שטאָט איז.

זיי קוקן פֿאַר זיך און זעען, ווי דאָס פּשוטע ליכטל רוקט זיך ווייטער, וואָס אַמאָל ווייטער, וואָס אַמאָל ווייטער. ווייסן זיי נישט, וואָס צו קלערן. און דאָס קול פֿון הינטן



און דערזעען פֿאַר זיך א שרעקליך בילד...

קומט אַלץ נענטער און העכער. זיי דערקענען אָבער באַלד דייטלאַך, אַז דאָס פּאָרט אַ פּיר מיט אַ גרויסער געשווינד־קייט. פאַנטל דערקענט, אַפּילו, אַז אין דער פּיר זענען איינ־געשפּאַנט מער ווי צוויי פּערד. קומט עס זיי אויס, ווי אַ רעטעניש: ווער קען עס דאָ פּאָרן באַנאַכט אַזוי געשווינד? ווערן זיי אומרויִג, כאָטש זיי ווייסן, אַז דאָס זענען נישט קאַ׳ דייטשן. וואָרן די דייטשן, ווען זיי פּאָרן אַרויס, איז, אָדער אויף אַ בריטשקאַלע, אָדער גאָר פּשוט — רייטנדיק.

מיט אַמאָל שיידן זיי אויך אונטער צווייערליי קלאַנגען: איינעם פון אַן אָנגעפּאָרנדיקע פּיר און אַ צווייטן פון אַ רייט־פּערד — אַ ביסל ווייטער פון יענער פּיר. ווערן אַלע דער־שראָקן און פאַנטל קערעוועט אַראָפּ די פּערד פון שאָסיי און ער בלייבט שטיין אין אַ זייט, האַרט נעבן ראָוו, מאַכנדיק צייכנס צו די אויסקוקערס, זיי זאָלן זיך אומקערן, טאָמער באַ־דאַרף מען זיי צו האָבן, אפשר זענען עס גזלנים, כאָטש צייט די דייטשן זענען דאָ, הערט מען גאָר נישט פון אַ זעל־כע.

און איצט דערקענט שוין פאַנטל קלאָר דאָס געקלאַנג פון אַ זעקס־געשפּאַן. זיי קומען, וואָס אַמאָל נענטער — דאָס קלאַפּן הילכט שוין אָפּ אין די אוירן, אַז מ׳הערט שוין נישט, וואָס איינער רעדט, אָדער שרייט גאָר.

פאַנטל איז אינגאַנצן צורודערט. ער פאַרשטייט שוין, ווער דאָס קאָן זיין. ער דערמאַנט זיך אָן די לעגענדעס וואָס גייען אַרום וועגן צוויי ברידער — וואָליער לייט — שמוג־לאַרס. אָבער נישט גלאַט פאַרכעס, ווי אַ שעהקעלע, אַ בערע־לע, אַ פייפקעלע און אַפּילו אַ פאַנטל! יענע רירן זיך נישט אָן די קיילעכלאַך און אָן די גוטע קינזשאַלעכלאַך... און, אַז פּאָרן — איז שטענדיק מיט זעקס פערד געשפּאַנט! פליען, ווי די טייוולאָנים... און ער קאָן גאָר ניש׳ פאַרשטיין, ווי זיי קומען אויף דעם וועג אַרויס, „וואָס האָבן זיי דען אין דעם נעגנט?..“

ער טראַכט אָבער נאָך נישט איבער די פּאָר ווער־

טער, ווי פון דער פינצטערניש רייסט זיך אַרויס אַ משונה-טאַנצענדיקע חיה, וואָס איז ביזאַהער, ווייזט אויס, געווען נישט באַלויכטן און האָט זיך פליץ-לונג אויפגעכאַפּט מיט ווייסע לאַמטערלאַך.

אין אַ וואָגן, אויף די מעלזעקלאַך. וואָס האָבן זיך אָפּגעשפּיגעלט מיט זייער ווייסקייט אין דער נאַכט אַריין זענען געשטאַנען די צוויי „בראַטשיקעס״ און בליץ-שנעל זענען די פערד געגאַנגען. אין דער אַנטפּלעקטער לעכטיקייט, באַמערקענדיק די פירן ביי דער זייט, האָבן זיי אַ שאַרפן האַלט-צריק געטון די פערד, אַזש דער דישל מיט די פערדס-קעפּ זענען געבליבן שטיין אינדערהייך, ווי אַרויפגעשאַרצט, און מיטן אויגן-בליק איז שוין פאַנטל אַרומגערינגעלט פון אַ מחנה שגצים, וואָס זענען ווייזט אויס געלעגן באַהאַלטן אין וואָגן.

פאַנטל האָט גענוג געהאַט איין קוק, אַז ער זאָל דערקענען, אַז דאָס זענען די „גורטשיצקיס,״ וועלכע ער האָט אין פנים קיינמאָל נישט געזעען, אָבער וועלכע פאָרן מיט מיט די ברודער און ער האָט וועגן זיי גענוג אָנגעהערט... יענע ווידער באַטראַכטנדיק אַ רגע די פאַרשוינען פון די פירן זאָגן:

—„טאָ שמוקלאַרזשי, דאָבזשע!..״

און באַלד צושיטן זיי זיך אויף אַלע זייטן. אין דער מינוט הערט זיך דאָס האַסטיקע זעצן פון אַן אָנקומענדיקן רייטער, וועלכער שרייט פון דערווייטנס נאָך, הערענדיק, אַז די פיר האָט זיך אָפּגעשטעלט:

שטעען — אַבער איך שיס!...

צוקומענדיק אָבער, דערזעענדיק, אַז אויף די ווייסע מעלזעק איז קיינער נישטאָ, און הערענדיק פון פעלד זייערע קולות, לייגט ער קיין אַכט נישט אויף די פיר און אויך אויף די וועגן, וואָס שטייען באַ דער זייט, דערלאַנגט דעם פערד מיט די שפּאָרן און לאָזט זיך נאָך זיי רופנדיק:

— שטעען, שטעען! אַבער איך שיס!

דאַכט זיך, ווי מ׳איז טאַקי געבליבן שטיין. אָבער אין דעם מאָמענט דערהערט זיך אַ שאָס, פון וואָס פּאַנטל ווערט אויפגעציטערט, מיינענדיק, אַז דער דייטש האָט שוין געהרג׳ט וועמען פון די שקצים, און ער ווייסט נישט, וואָס ס׳איז גלייכער איצט,—צו שטיין, אָדער צו אַנטלויפן.

דאַן דערהערט זיך שוין אַ קול פון יענער זייט:

— כלאָפּצי! פּרענדזעי, כאָטשטאַ טו! פּרענדזעי!

ווייסט ער ווידער נישט, וואָס דאָ איז געשען, נאָר די פּיס, שפּירט ער, הייבן זיך אים אַליין. און ווען די איסקוקערס זיינע זענען אויך צוגעקומען, האָבן זיך אַלע געלאָזט לויפן אין פעלד אַריין, דאָרט, וואו דער דייטש האָט נאָכגעיאָגט און איינגראָבנדיק זיך מיט די שטיוול אין דער ליימיגקייט בא יעדן טריט, זענען זיי קוים צו געקומען צו דעם אָרט און דערזעען פּאַר זיך אַ שרעקלאַך בילד. די אויסקוקערס שטייען מיט זייערע לאַמטערלאַך אין די הענט און קוקן פאַרגליווערט צום דייטש, וואָס הענגט אַראָפּ פון פערד, מיט אַ פאַרבלוטיקטן קאָפּ צו דער ערד...

דאָס בילד, אין דער באַלויכטנקייט פון זייער זייט, און די פינצטערניש פון דער טיפער נאַכט, וואָס קוקט אַ פּער פון אונטערן פערדס בויך פון דער צווייטער זייט, מיט די שאָטנס, וואָס ציען זיך אַוועק, ווייט ביז אין סוף וועלס אַריין, וואַרפט אויף זיי אָן אַ שרעקלאַכע אימה. די הויט ווערט גערינצלט.

אַ סך דרייען זיך שוין אויס און ווילן נעמען צריק לויפן צו די פירן און אַנטלויפן, אַנטלויפן, וואָס געשווינדער פון דעם שרעקלאַכן אָרט, — האַלט זיי אָבער אָפּ איין שייגעצס אַ קול:

— באַגראָבן!.. — זאָגט ער און באַווייזט זיך אין דער נאָנט.

און אַזוי ווי עס וואָלט געווען אָפּגערעדט פון פריער, לאָזן זיך אַ פּאָר שקצים מיט צוויי לאַמטערלאַך אַרויס אויף ביידע זייטן שאָסיי, פאַרהיטן, אַז טאָמער קומט ווער אָן אין מיטן. די איבעריקע, נעמען אַלע אויסגראָבן אַ גרוב. מיט

שטעקנס, מיט אייזנס, און מיט הענט אַפילו. און ווען זיי שלעפּן אַריין דעם דייטש אין גרוב, שפּירן זיי זיך אַזוי, ווי זיי וואָלטן אַ סך בראָנפן געטרונקען. בריקן זיי אים נאָך צו מיט די פיס און שרייען צו׳ן אים:

— „לעזש, שוואַביע!..“

און איינער:

— „אי ניע מווו ניץ...“

און נאָך איינער:

— „אי ניע זאַביעריי וויענצי שמוגעל...“

יאָגן אויך צו די צוויי וואָליער ברודער, און ווען אַלץ איז פאַרטיק און צוגעטרעטן די ערד מיט די פיס — אַזוי גלייך, ווי פריער, גייט מען צריק צו די פירן...

פאַנטל פילט, אַז אַזאַ זאַך איז גאָר ניש׳ גלאַטיק... ווער ווייס׳ וואָס דערפון קאָן אַרויסקומען?.. נעמט ער די בייטש אין דער האַנט, וואָס ער האָט פריער געלאָזט ליגן אויף דער פיר — אַודאי פאַר גרויס צעשטרייעטקייט — און ער וויל קודם כל זיך אָפּרוקן פון דאַנען, אַרויס פון דעם „פינצטערן גרוב.“ דאָ קומט צו איינער פון די ערשטע צוויי שקצים, לייגט צו צוויי פינגער צום מויל און די אויגן שפּיזן, ווי צוויי בלאַנקע מעסערס. ער זאָגט:

— געדענקט!.. חאַלטן די צונג צווישן די ציין!.. גאָר נישט זיך דערוועגן!.. געדענקען!..

און דער קלאַנג פון זיינע ווערטער האָט לאַנג געררוישט אין די אויערן. און דערנאָך, ווען צוויי פון די שקצים האָבן צוגעבונדן דעם דייטשס פערד צו זייערע און זענען אַוועק מיטן אייגענעם קנאַק איבערן שאָסיי, ווי זיי זענען אָנגעקומען, פונקט ווי מ׳וואָלט אויף אַ חתונה געפאָרן, אָדער אויף אַ קנסמאָל, האָבן נאָך לאַנג געשטאַנען דעם שיינעצס אויגן... און מ׳האָט ערשט דערזען, ווי דער שוואַרצער בערל חלישט, און באַ שעהקעלען וואַרפן זיך הענט און פיס... די אויגן פון שוואַרצן בערל זענען געווען פאַרמאַכט, נישט געקאָנט צום אָטעם קומען און מינוטן האָט מען געמיינט, אַז אָט ענדיקט

ער... אָבער גאָט האָט געהאָלפן, ער האָט אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם, פאַרהוסט זיך ווי די רעכט און געבליבן שטעקן אין אַ לאַנג-דויערנדער שטילקייט, ווי מיט אַ ביין אין האַלדז, וואָס גייט גישט, נישט אַהין און נישט אַהער — דערנאָך, אַז אויסגעהוסט גוט — זיצט ער שוין ווידער דער שוואַרצער בערל, פונקט ווי צו תחית המתים...

דאָס האָט אַ ביסל פרייער געמאַכט אויף די געמיטער, וואָרן געמיינט האָט מען, אַז ער וועט שוין נישט צו זיך קומען...

האָט פאַנטל גלייכגעמאַכט דאָס געשפאַן. אַלע ייִנגען און די שיקזעס האָבן זיך צריק אויפגעזעצט אויפ׳ן וואָגן— קיין הונט איז נישט געווען צו זעען אַרום און אַרום. אַזוי טויט-שטיל איז געווען. און מען האָט גענעמען פאָרן.

---

# פערצענטע קאַפּיטל.

ווער זענען עס געווען די „גורטשיצקיס?..״ ווייסט יורעק. אויך די פראַגער פערד-סוחרים קאָנען זיי. אַז ס׳איז דאָ ערגעץ צו ריזיקירן מיטן לעבן אויף אַ דורכצופירן אַ שטיקל אַרבעט, ניט מען איבער זיי. און זיי נעמען עס בשיעת חן. נאָר איינמאָל איז אַרויסגעקומען אַ קריג צווישן זיי און פראַגער חברה-לייט: אַהרן טאָטער; בער דײַזשע; יאָסקע ביק; כאַסקע בראָדער; מײַרעלע זילבערמאַן; שמעליק אויערן-שניידער; בוידל קאָטלעט; וואַדרינסקי; יואל בויך; און נאָך... קאָן מען פאַרשטיין, אַז ס׳לאָזן זיך אַראָפּ אַזויפיל חברה אויף איינמאָל... קומען זיי און טרעפן די צוויי „בראַטשיקעס״ און נאָך צוויי זייערע גוטע-ברידער — „יאַן״ דער געלער און „יוזשעק.״ פאַר-

שטייט מען שוין, אַז זיי קומען צו זיך צו נאָנט — הייבט מען אָ קודם אויף די שטעקנס. און די שטעקנס זענען „געקאָוועט" אין די שפּיצן, אַ חוץ מיט „סענקעס" אין דער מיט. שטעלט זיך אויף דער עלטערער גורטשיצקי און זאָגט צו זיי אַזוי:

— בּרידער! גייט אַהיים און לייגט ענק שלאָפן... ס'שטינקט דאָך פון אייך דער בראָנפן. שכּור זענט איר, פּיאַ-ניצעס...

זאָגן זיי:

— טאָ זאָל מען אונז אָפּגעבן ס'פערד!..

— וואָס פאַר אַ פערד? — ענטווערט ער — נישט איך ווייס דערפון און נישט מיין ברודער.

זאָגן זיי:

— מיר וועלן נישט אָפּטרעטן. נאָר דאָס פערד מוז אונז אָפּגעגעבן ווערן.—

זאָגט ער:

— אַז אַזוי איז נישט מיין דאגה. שלאָגט אייך קאָפּ אָן דער וואַנט... איך גיי גאָר אַוועק... נאָר היט אייך, אַז עמיצער פון אייך זאָל נישק האָבן קיין עולה...

זאָגן זיי:

— נו לאָמיר זעען.

זאָגט ער:

— נו, לאָמיר זעען.

און איינער מיט אַ מעסער און איינער מיט אַן אייזן און ס'בלוט גיסט זיך שוין פון אַלע זייטן... מ'שעכט זיך שוין... מ'זעט, אַז נישט איינער וועט דאָ בלייבן ליגן. וואָרן, אַז די גורטשיצקעס שלאָגן זיך, איז עס נישט אויף נאַריש... אין דעם, עס געדויערט נישט קיין אויגן-בליק, ווי דער יינגערער כאַפּט שוין אַרויס אַ רעוואָלווער און לייגט אַוועק רחמיאל „ברוזדען" אויפן אָרט — אַן אָפּגעקאָכטן און באַלד אויף קאַלט... אַז די פראַגער האָבן דאָס דערזעען — און דאָ שטייט ער אַנטיקל און ציט שוין ווייטער באַם צינגעלע... — אַז זיי האָבן דאָס דער-זעען, האָבן זיי זיך ערשט געגעבן אַ דריי-אויס און זיך אָנגע-

הויבן צו צעלויפן אין די מייז-לעכער אַריין... מ׳איז געלאָפן איבער שטאָק, איבער שטיין... נאָר רחמיאל „ברוזדע״ איז שוין געבליבן ליגן אויפן אָרט און ער האָט נישט געלעבט מער, ווי פינף מינוט אינגאַנצן... אָט דאָס קענען זיי. און די פראַגער האָבן שוין פאַרזאָרגט אַ צענטן: מיט קאַ׳ גורטשיצקאַלעך נישט צו האָבן צוטון...

דאָס אַלץ דערציילט אויפן וועג יורעק, און ווען ער ענדיקט בלייבן אַלע יינגען זיצן שטיל, מיט אָפענע מיילער. און אין אַלע צעפלאַמט זיך עפּעס אַזוינס, וואָס „די קישקעס אין בויך גיט עס אויף איינמאָל אַ הייב אונטער״ און מ׳איז גרייט צו פאַלן אויף די פנימער פון גרויס דרך ארץ צו די דאָזיקע צוויי העלדן.

„אָט דאָס הייסן העלדן!..״

און די שטילקייט ווערט, וואָס אַמאָל גרעסער. ווייזט אויס, אַז יעדערער איז פאַרטון באַ זיך אין די געדאַנקן:

עס דאַכט זיך, אַז זיי זענען אויך כלומרשט וואוילע יינגען: אַ פייפקע, אָדער, אַ דער אָדער אַ יענער... אָבער וואָס פאַר אַ „זנאַטשעניע״ האָט עס?.. און מ׳פילט זיך באַ זיך קליין, אַזוי אַראָפּגעפאַלן אַנטקייגן דעם, וואָס זיי האָבן דאָ די נאַכט אַליין געזען מוט זייערע אייגענע אויגן...

אָט צום ביישפיל, אין שטעטל געפונען זיך אויך וואוילע יינגען: אַ מנשהל, אַ חיימל קיסר, אַ פאַנטל, אַ קאָפּל און אַ פעלטע! — אָבער וואָס, ווען?.. און אַן אינערלאַכע איינגעקורטשעטקייט נעמט זיי אַרום...

נאָר פאַנטל, וואָס האָט אויך געהערט די מעשה און נישט געשלאָפן... בשעת מע׳ האָט זי דערציילט... ער טראַכט שוין גאָר אַנדערש וועגן זיך... „די יינגען זענען געבוירן אין אַ שלעכטער צייט... זיי האָבן אים, פאַנטלען, טאַקי געדאָרפן קאָנען מיט אַ יאָר צען, פיפצען צריק... אָדער ווען ר׳אי׳ נאָך געווען אין די יאָרן, וואָס זיין מענדל, אָדער פייפקע... ווייסט ער וועגן זיך אויך צו דערציילן אַ סך מעשיות... נאָר וואָס ווייסן זיי דען? נאָר מיט שיקסעס אַרומצוקריכן... אָדער צו

גיין אין די „ביליטעען״ ליינען אַ ביכל... ווי איטשעלע זייער חבר טוט... אין אונזערע צייטן אָבער איז קאַ׳ „ביליטעען״ ניש׳ געווען... שבת זיך אַריינלייגן אין די „ביליטעען״ — דאָס אי׳ ניש׳ געווען...

...יאָ. ער האָט אויך אַמאָל ליב געהאַט אַ „האָפצל״ צו טון, אַ טענצל..: אָבער לעבן, ברודער! עך לעבן! דאָס קענען זיי ניש׳ !...

אַזויערנאָך דעקט זיך אָפּ פאַר פאַנטלען אַ שטיק פון זיין פאַרגאַנגענהייט און ס׳קומט באַ אים אויס, אַז די וועלט איז געגאַנגען שטאַרק צריק און אונטערשטעליג געבליבן... זי איז גאָר ניש׳ די אייגענע. שטאַרק זיך געענדערט...

---

# פיפצנטע קאַפּיטל.

אין דרויסן רעגנט נאָך אַלץ און די פלאַנדעקע אַ צע־ווייקטע, נעמט אַ דורכלאָזן איינציקע טראָפּנס וואַסער. אינעוויי־ניק לייגט מען אָבער הויניק אַלט דערויף. ווען מען ליגט עס גאָר אין זינען איצט רעגן. דערציילט מען דאָך עפּעס מעשיות פון וועלכע די האָר און נעגל שטעלן זיך אויף קאַפּויער. און מעשיות — נישט קאַ׳ נאַרישע — און הערט אויף יורעק, הייבט אָן פייפקע, וואָס איז אויך ניש׳ קאַ׳ מאַפּיל-קינד צו אַ זעלכע זאַכן. פאַרציילט ער פון „קאַפקאַז״ גאָר, עפּעס גאָר אַ וואַש־נע מעשה מיט אַ גרויסן און גאָר „וואַזשנעם״ רוצח, וועלכער האָט זיך גערופן „כאַן,״ און וואָס אין איין נאַכט האָט ער אַוועקגעלייגט באַ איינעם פאַר דער טיר עפּעס אַ שטיק זעכציק אָפּגעשניטענע קעפּ פון יענעמס פאַמיליע, אַז יעדער זאָל גיין

אַרויס באַלד אין דער פרי, זאָל ער זיי דערזעען... און נאָך אַ זעלכע מעשיות, פון וואָס דער עולם פאַרגעסט גאָר, אַז זיי זענען פשוטע שמוגלאַרס, נאָר ס'דאַכט זיך זיי בשעת מעשה, אַז זיי געפינען זיך ערגעץ אין גרויסע וועלדער, אין טיפע היילן און אין שרעקלאַכע, גאָר שרעקלאַכע מדבריות...

זיי זענען געוואָרן אַזוי וויַיט פאַרטיפט, אַז זיי האָבן אַפילו נישט געשפּירט, ווי דער וועג גייט זיי אַוועק, ווער שמיסט די טראָפּנס וואַסער, וואָס זענען אַלעמאָל אַן אַנדערן אַראָפּגעריגען אויפן שטערן צו איינציקווייז — דאָס האָבן זיי אַודאי נישט געשפּירט. און אַז מ'האָט זיך אַזוי אָנדערציילט און אָנדערציילט און איינגעוויגט זיך, פונקט ווי די קליינע קינדער, איז מען געבליבן ליגן איינגעגנורעט מיט די קעפּ באַ די שיקסעס אויף די שויסן, און אויף די הערצער איז געווען אַזוי רויִג, פונקט ווי ס'וואָלט גאָר נישט פאָרגעקומען קיין שום זאַך אין דער היינטיקער נאַכט... פונקט ווי ס'וואָלט גאָר קאַ דייטש ניש' באַגראָבן געוואָרן...

ערשט באַ דער קרעטשמע טרעפט מען זיך מיט יענקלס פור וועלכע פאָרט שוין צריק צו וועגס אַ היים. דאָרט זענען אַלע פריילאַך: ס'איז אַ „דורך!" טרינקט מען שנאַפּסן... שעהקע, בערל און דוד טוישן זיך מיט דעם האַלטן וואַך איבער די סחורות אויף דער פיר. צום ערשטן גייען דיביידע אַלטע אין קרעטשמע אַריין, דערנאָך, אַז זיי קומען, גייט דודל. און מ'טרינקט קאָכענדיקע גלעזער טיי.

אינעווייניק געפעלט עס דודן גאַנץ גיט. אַז ס'איז שוין קאַלט, שמעקט אים די געדעמפטע שטוב פול מיט אָנגערייכערטקייט. און בשעתן טרינקען האָט ער ליב צו קוקן אויף די שגצים מיט די שיקסעס, וואָס זיצן באַ די טישלאַך, אָדער נעבן אויוון, וואָס איז דאָרט אַזאַ גרויסער, ווי באַ אַ בעקער. אַ טייל פון זיי שלאָפן טאַקי איין, זיצנדיק, און ווען ס'קומט צום אַוועקפאָרן, שטעכן זיי די איבעריקע מיט שפילקעס, אָדער מ'פאַריקט זיי לאַנגע שפּענער אין די נאָז אַריין...

ווען פאַנטל מאַכט זיך גרייט ווייטער צו פאָרן, דערציילן אים ערשט יענקלס פאַרשוינען, אַז אויף דער וואַך, שמיסט מען, זאָל היינט זיין זייער שטרענג באַם דורכפאָרן. דאַריבער עצה׳ן זיי, ער זאָל דאָ אָפּלייגן אַ ביסל שמוגל. פאַנטלען מיט זיינע פאַרשוינען ווערט גאָר נישט פריילאַך פון אַזאַ ידיעה, דאָך, פון אָפּלייגן, ווילן זיי גאָר נישט הערן. וואָס ׳עלן זיי אויפטון? איז שוין גלייכער צריק צופאָרן אינגאַנצן!..

דערמאָנען זיך איצט אַלע און ס׳קומט זיי אַזוי לעבעדיק פאָר, דאָס, וואָס ס׳איז געשעהן מיט אַ פאָר מייל צריק. און ס׳שאַפּט זיך אין מח אַ צוזאַמענהאַנג צווישן „יענעם" מיט זייער שמוגל, וואָס ס׳מוז היינט עפּעס מיטן געשען! וואָס ס׳קאָן גאָר נישט אַ „דורך" גלאַטיק. פאַרשעלטן זיי דאָס געביין פון יענע „פייגעל," וואָס זענען היינט אַזוי אימגערעכט געקומען זיי אין וועג אַריין.—זיי ווייסן, אַז פון דעם קאָן שוין קאַ׳ שום גיטס ניש׳ אַרויס...

פאַנטל גייט אַ שטיק וועג צופיס, נעבן די פערד און טראַכט גאָר פון מעל, וואָס ער האָט ליגן אין זאַיאַזד, „דער קאָפּ זאָלן געשוואָלן ווערן!" ווינשט ער גאָלקעפּלען, וואָס האָט אים, פאַנטלען, געבינדן. האַלט אים צו די הענט, לאָזט אים נישט טון, וואָס ער וויל. פונקט, ווי ער זאָלט גאָר נישט געווען פאַנטל, נאָר עפּעס אַ שיק-ייִנג יענעםס...

—וויפיל מעל האָט מען עס ליגן באַם גאָלקאָפּ?—טוט ער אַ פרעג באַ מענדלען.

— פיר פוד.

— און פיפציק מאַרק קומט מיר צו באַ אים שוין פון לאַנג.

—פאַר וואָס האַנדלסטו מיט אים? האָסט מורא מ׳עט ניש׳ קריגן קאַ קונים?

פאַנטל ענטוועדט גאָר נישט אייפן זונס קשיות. ער נעדענקט ג׳ט נאָך די מעשה, וואָס ס׳האָט זיך געטראָפן צווישן אים און גאָלקאָפּן, דעמאָלס, ווען ר׳אָט נאָר אַ ביסל געהאַט

פאַרקויפט צו'ן אַן אַנדערן. דאָרט, אין זאַיאַזד, ציטערן אַלע
פאַרן: וואָס ער זאָגט איז געזאָגט; וואָס ער טוט איז געטון.
דאָך דערפילט פאַנטל, אַז ס'קאָן גאָר לאַנג אַזוי נישט אָנ-
גיין. ס'טאָר גאָר אַזוי נישט אָנגיין! ער 'עט זיך לאָזן אַרומ-
פירן וואַ' יונגעלע? וואָס? זיין סחורה איז קאַ' סחורה ניש'?
אַז ר'ברענגט נאָר ס'ביסל מעל, אָדער תּבואה, נעמט עס יע-
נער באַלד אַוועק און געלט גיט ער דיר ערשט פאַרנאַכט!
און טאָמער נעמט מען עס צו באַ'ן אים, ביסטו איינגעשטעלט
מיטן געלט! ווי ס'וואָלט געווען געגנבטס! אָבער ער האָרעוועט דאָך
שווער — מיטן געזונד קומט דאָך אָן פאַנטלען אַדורכצו-
פירן אַ ביסל שמוגל! ניש' קאַ' נאַכט, ניש' קאַ' טאָג; ניש'
קאַ' עסן. ניש' קאַ' טרונקען, ניין! ניין! ווייטער 'עט ער
שוין וויסן, וואָס ר'האָט צוטון...

אָבער, אַז ער טראַכט ווידער צריק זעט ער ער קאָן יע-
נעם גאָר נישט טון, אָט די ייִנגען מיט די שיקסעס זיי
קאָנען טון, וואָס זיי ווילן, פאַרקויפן וועמען זיי ווילן. אָבער
ער, פאַנטל, איז אַן „עוועט קנאַני." ווייל ר'אָט אַ פיר מיט
אַ פאָר פערד... טאָמער — סמט אים יענער זאָפּ אַ פערד...
„אָווע - טאָווע," ווי אַרומעט ס'זאָל ניש' זיין, אי' ניש'
גיט!.."

נאָר, אַז מ'זעט שוין בלישצן די פייערלאַך פון דער
וואַרשעווער וואַך. פאַרוואַרפט מען די אַלע געדאַנקען און
מ'הערט אינגאַנצן אויף עפּעס צו טראַכטן. אַלע קלויבן זיך
צונויף זייערע פּעקלאַך, לייגן זיי זיך אויף די קעפּ, אויף די
הענט, אָדער אויף די פּלייצעס און מ'לאָזט זיך גיין אויפן
פעלד רעכטס, אָדער לינקס, אַרומצוקרייזלען די וואַך
און אַריינצוקומען אין שטאָט אַריין גאָר מיט אַ זייטיקן
וועג.

גייענדיק איבערן פעלד, שטויסט מען זיך טיילמאָל אָן אָן
שטיינער, וואָס מען באַמערקט זיי נישט אין דער פינצטער,
אָדער מ'גליטשט זיך אויס אויף די גליטשיקע פעלד-בלאָטע און
מען פאַלט. דעמאָלס שטעלט זיך אָפּ דער, וועלכער גייט נעבן

געפאַלענעם, העלפטן אויפשטעלן זיך און צריק פאַרלייגן ס׳פעקל. טיילמאָל פאַרקריכט מען אויף אין וואַסער-זימפּלאַך, וואָס זענען דאָ אויפן פעלד איבער׳ן וועג געננוג. איז טאַקי אַ ווינדער, וואָס זיי פאַרקילן זיך נישט, בלייבנדיק טיילמאָל שטיין ביז דעם בויך אין אַ קאַלט, בּרודיק וואַסער... שמוגלאַרס אָבער טאָרן ניש׳ לייגן קיין אַכט דאַרויף. וואָס? אַ זעלכע נאַרישקייטן קומען זיי גאָר גישט אין געדאַנק אויך, זיי וועלן זיך דאָך נישט נעמען שפּילן: ס׳שווידערט מיך !.. געפאַלן, שטעלט מע׳ זיך אויף און מע׳לויפט ווייטער, כאָטש ס׳איז אומגעהייער שווער אַרויסצוציען אַ פיס פון דער קלעפּעדיקער בּלאָטע, נאָר זיי, עפּעס אַרט זיי, דאַכט זיך, גאָר נישט. עפּעס טראָגן זיי די שווערע, צו עטלאַכע פודיקע, זעקלאַך, ווי „זאַבּאַווקאַלעך...״ פייפקע און די שיקסעס קלאַפּן נאָך אין די אָפּצאַסן, לויפנדיק, ווי בשעת אַ טאַנץ.

און איצטער ערשט קאָן מען זעען, ווי נאָכמער כון אַלע אַנדערע, האָט טאַקי פאַנטל געדאַרפט אַ „כלה.״ ווען נישט נאַטשע, טאָ ווער וועט עס נעמען פון זיינע פעק כאָטש עפּעס און לויפן דערמיט אַ וויאָרסט זיבּן — אַכט, איבער אַזאַ שווערן וועג? ער מיט מענדלען מוזן דאָך בּלייבּן בּאַ דער פיר. ר׳עט דאָך גיש׳ איבּערלאָזן פערד און וואָגן אויף הפקר — אויף פריי... ווער וועט זיי היטן — דער אַלטער שעהקע? אים אַליין וואָלט מען אויך געדאַרפן היטן, אַז מע׳ זאָל אים אַמאָל נישט צוגנבענען...

מאַכט ער נישט קיין אָנשטעל, נעמט אַפּער צוויי געוונטע פעקלאַך, בּינדט זיי צונויף און פאַרוואַרפט זיי נאַטשן איבּער דעם אַקסל. זי ווידער, פון איר זייט, מאַכט אויך נישט קאַ׳ שום אָנשטעל, נאָר הייבּט אויף די אַקסלען, גלייכט זיך אויס, מאַכט זיך אויך גלייך די צוויי פעק: אַיבּערגעהאַלבּירט— איינעם פון הינטן און איינעם פון פאָרנט און זי נעמט לויפן אינאיינעם מיט אַלע שמוגלאַרס, נישט פאַרקרומענדיק זיך צומאָל אויפן פנים. ווען ס׳נעמט איר נאַס ווערן, צום ערשט פון הינטן, אויף די פיענטעס; דערנאָך העכער, איבּער די

פּיענטעס ; דערנאָך נאָך העכער און אַזוי ביז צו די קני — פאַר וועמען וועט זי זיך דעמאָלס קרומען.? פאַר שמוגלאַרס פּאַסט עס נישט...

---

# זעכצענטע קאַפּיטל.

אויף יענע זייט וואַך, אין פאָרשטאָט, קומען זיך אַלע צוזאַמען באַ משה בקער. ער קויפט באַ זיי אָפּ דאָס מעל און די תבואות העלפט ער אויך זיי צו באַם פאַרקויפן. דאָרט, אין דער בעקעריי, אין גריב נעבן באַקאויוון, כאַפּן די שמוגלאַרס ערשט אָפּ דעם אָטעם און זיי וואַרפן זיך אַנידער אויף די ערד, קייגנאיבער דעם אָפענעם אויוון, פון וואַנען עס שלאָגט אויף זיי אַ געוואַלטיקע היץ. אין משך פון צען מינוט, זענען זיי שוין אויסגעטרוקנט, ביזן לעצטן פאָדעם און זיי נעמט דעמאָלס אַרום עפּעס אַ גרויסע מידקייט און ס׳ווייזט זיי אויס, אַז זי איז עפּעס אַזאַ גיטע, אַזאַ זיסע... קוקן זיי אַזוי צום פייער און זיי זעען רויטע צינגען, וואָס שפרינגען אים מיט אַ האַסטיקער אומרויקייט, רייסן, קנאַקן, לייגן-אַרום, פליקען און שלינגען איין אַלץ מער העלצער... און אויף דעם אָרט וואו ס׳איז איצט געווען אַ האָלץ, טאַנצן שוין אַרום דעם אַרום פייערדיקע צינגלאַך.

ווערט זיי לעכטיקער אין די אויגען, בעסער אויף די הערצער, און זיי קוקן צו די פענסטער, וואָס נעמען זיך שוין בלאָען אינאיינעם מיטן הימעל אויף טאָג. דערפילן זיי מיט-אַמאָל, אַז ס׳איז דאָ אַ גרויסער גאָט אין הימעל... ווערט זיי גאָר וואַרעם אין די הערצער און זיי שטעלן זיך אַוועק אַלע :

די שגצים מיט די שיקזעס אויף די קני, אין אַ ווינקל און די יינגען נעמען זיך דרייען איבער דער שטוב אויף און אָפּ, פונקט, ווי זיי וואָלטן געדאַווענט... נאָר שעהקע מיט בערלען באָרגן באַ משהן טלית און תפילין—און ס׳גייט אַוועק אַ דאַוו- נען צו גאָט...

פאַנטל האָט שוין געוואַרט אויף זיי מיט די פיר. באַ דער וואַך האָט ער אַפילו געהאַט גרויס שרעק. אָבער — ס׳איז אַ „דורך.״ זיי האָבן אַפילו געשריגן, געבייזערט זיך אויף זייער לשון; אַרויסגעשיקט די „וואַכע״ אויפן וועג אַרויס... „ניש׳ אַנדערש, — האָבן זיי געזאָגט — נאָר די שמוגלאַרס זענען ער- געץ אויפן וועג.״ אָבער באַלד איז די „וואַכע״ צריקגעקומען: זיי האָבן קיינעם ניש׳ געזעען; קיין אחד נישט...

די דייטשן איז עס געווען קשה: „מיט אַזאַ ביסל לוינט זיך דאָס אַ פיר צו קומן „נאָך ווארשע?״ נישט אַנדערש: „זיי האָבן אונס באַשמוגלט!..״ — האָבן זיי זיך מיט אַ מין בייזקייט געוואָרפן אויף די פיר און וואָס זיי האָבן געפונען עסנוואַרג, געוואָרפן אין אַ קופּע — צו צונעמען. בעט זיך ביי זיי פאַנטל:

— לאָזן זיי נישט פאַרנעמען די וואַרע; דאָס איז דאָך ערלויבט צו פירן!

און דער אַלטע שעה׳קע, וואָס איז שוין באַרומט אין גאַנצן שטעטל מיט זיין דייטש, „שפּרעכט״:

— גראָאָסער הער וואַכמייסטער! האָבן זי מיטלייד מיט איינעם אַלטן מאַנען! האַבן זי מיטלייד!

ענטווערן גאָר נישט די דייטשן, נאָר זיי נעמען רעדן צווישן זיך אַזוי געשווינד און זיי מאַכן דערבאַ אַזוי געשווינד מיט די מיילער, אַז מ׳פאַרשטייט אַ וואָרט נישט, ס׳איז, ווי אַ „קאַצן־מוזיק..״

אַ ווינדער נאָר, אַז זיי אַליין צווישן זיך פאַרשטייען זיך...

און צוגענעמען האָבן זיי גאָר נישט, נאָר עפּעס אַ קליין

פעקאַלע פון אַ צען פונט... איז פאַנטל אַנטלאָפן, ווי ער וואָלט געכאַפּט אַ מציאה... און האָט זיך אָפּגעשטעלט ערשט באַ משה בעקערס הויז.

חברה האָט שוין פאַרקויפט די סחורה און פאַנטלען נעמט עס „באָדזשן:״ פאַרקויפן, אָדער נישט פאַרקויפן!... פון איין זייט קריגט ער דאָ אַ גוטן פרייז, אויף אַלץ צו פינפערלאַך מער, ווי אין זאַיאַזד — און באַלד געלט! נאָר פון דער צווייטער זייט האָט ער עפּעס מורא... פאַנטל פורמאַן האָט מורא..

מענדלען פאַרדריסט עס, וואָס דער פאָטער וויל נישט פאַרקויפן, נעמט ער׳ן אויסרעדן:

— פאַרקויף ׳על איך האָבן די פינפערלאַך!

און נאַטשע:

— אַ „צאָ פאַנטל צעקאַ? ספשעדאַטש אי באַסטאַ!״

טראַכט ער זיך:

—טרעפטן דער ערשטער דונער!..

און גייט אַריין צום בעקער און פאַרקויפטן דאָס גאנצע מעל און די תבואה פאַרקויפט ער אויך דאָ נישט ווייט. איצט וואָלט ער שוין גאָר נישט געפאָרן אין זאַיאַזד אַריין, ווען ניש׳ געלד, וואָס ער האָט דאָרטן אָפּצונעמען און אַ ביסל אייזנוואַרק, וואָס אַן אייזן-סוחר וויל אים אויפלייגן, אַהיים צו פירן.

זעצט מע׳ זיך אַרויף אויף די פיר, פריילאַכע זינגענ-דיקע. יעדער האַלט זיך דאָס געלד באַהאַלטן, נאָר די גרע-סערע האַלטן עס אין די קעשענעס פון די איבערשטע מלבושים.

פאַרן טויער פון זאַיאַזד גייט מענדל אַראָפּ פון וואָגן, נעמט אָן די פערד באַ די צוימען און קערעווועט און ציט זיי אַריבער דעם רינשטאָק, וואָס איז דאָרט פיל העכער, ווי די גאַס. די פערד ציען אויס די פיס אין איין זייט, די קעפּ אין די צווייטע זייט און די פור טוט אַ טאַנץ אַריבער און מענדל גיט אַ שפּרינג-מיט מיט זיי. אָבער באַם ערשטן טריט נאָר אין

הויף אַריין באַקומט ער אַזאַ פלעם און ער דערשפירט, ווי די באַק נעמטן ברענען ווי אַ פייער. ער וויל זיך אַרומקוקן, זעען, קריגט ער נאָך איינעם אַ זעלכן. ווערטן פינצטער פאַר די אויגן און ער פאַלט, און גיט אַזאַ טראַמאַסק מיטן קאָפּ אויף אַ שטיין, אַז מ׳מיינט: שוין, שוין — ר׳האָט זיך שוין דעם מח געפלעט !..

און פאַנטל שטייט שוין אויף דר׳ערד און וויל זיך נעמען צום גאָלקאָפּ, ווי ער פאַרזיכט אויך אַזאַ פלעם, ווי דער זון זיינער. אָבער פאַנטל, כאָטש צווייִמאָל קלענער אויך פון גאָלקאָפּן, וואַרפט שוין מיט די פויסטן און ברומט דאַבאַ צו ווי אַ וואָלף. ער שלאָגט מיט די פויסטן און ער קוקט אַפילו נישט, וואוהין זיי פאַלן; ער דערהיצט זיך, וואָס אַמאָל שטאַרקער פון אייגענעם שלאָג-פייער און מ׳פילט, ווי ער וואַקסט אויס איננאַנצן; ווי עס שטאָלען זיך אים די מוס-קולן און, ווי די אָדערן פלאַצן אים אַזש פון האַרטקייט ווי די דראָטן.

האָט שוין ווער געזען אַמאָל, ווי פאַנטל שלאָגט זיך? אין בית המדרש, — זענען עס דאָך נאָר פשוטע יידן. אור-קעז,—דאָס איז אויך נישט קיין זאַך. איצט אָבער, שטייענדיק אַזוי פון ווייטן און קוקנדיק אויפן קרעפּקן מאַן מיט די קור-צע איינגעבונדעווייטע הענט און פיס; מיטן קאָפּ אויף פּאַרנט, איז עס אַ בער, אויפגעשטעלט אויף הינטערשטע „לאַפּעס" און מיט די פּאָרנדיקע וויל ער צערייבן און צעטראַמאַסקן אַלץ, וואָס ס׳קומט הינטער די האַנט.

גאָלקעפּלען אָבער, באַ ווּעמען מען דערקענט נישט, וואו ס׳ענדיגט זיך שייטל און וואו ס׳הייבט זיך אָן קאַרק, ווערט רויט זיין גאַנצער האַלדז און דער גאָלער פליך אויפן קאָפּ אַרום און אַרום, וואָס פּעכלט אַרויס פון זיין קעלנערל פון קורצן פּיטערל. ער שלאָגט נישט מיט די פויסטן, אַבי גע-טראָפן, וואו ס׳איז... דאָס איז אַ געשולטער שעלמאַ... ער שפּרייט אויס די גאַנצע פלאַך פון דער האַנט. און שלאָגט אויך נישט אַזוי געשווינד ווי יענער, נאָר פּאַמעלאַך. אויס-

קוקנדיק פריר, ווען פּאַנטלס קלאַפּ פּאַלט, אויפצושטעלען אַ שוץ פון עלענבויגן, אָדער די האַנט און ווען זיין אייגענער דאַרף פּאַלן — זאָל ער ויין געצילט וואוהין. יעדער קלאַפּ הילכט אָפּ, ווי מיט אַ מעטאַל-דומפּן קלאַנג.

אָט דאָס איז גאָלקעפּל און אַזוירנאָך שלאָגט ער.

עס האָבן זיך ווידער אַריינגעמישט פּאַרשוינען. אָבער פּאַנטל, אַ צובליטיקטער און מיט רויטע אויפגעלאָפּענע ביילן איבערן גאַנצן פּנים, איז אַזוי געווען פּאַרטון אין דער מלאכה זיינער, אַז ר׳האָט גאָר נישט געוואָלט הערן פון אָפּלאָזן, אָדער ער האָט טאַקי נישט געהערט. ערשט ווען מ׳האָט אים מיט גע-וואַלט אַוועקגעדרייט און ער האָט דערזעען דעם זון, כמעט אַ טויטן אויף די הענט פון די שיקסעס מיט די שגצים, האָט ער זיך אָפּגעטרייסלט, ווי אַ פערד. דאַן האָט ער, ווידער געבליקט צום שונא, אויף ווערלכנס פּעכעלדיקן קאָפּ, פון אויבן איבערן פליך זענען געווען בלאָע-פּאַרלאָפּענע „קישקעס״ און דאָס גאַנ-צע פּנים-באַדעקט מיט נישט וויניקער ביילן, ווי ער און גרויס, ווי די קאַרטאָפּלעס.

יענער האָט געשריגן:

— אַ פלאַנצינג זאָלן קומען אין די אָדערן אַריין. ער עטמע׳ פּאַרקויפן אין אָכאָטע? פּאַרברענט זאָל ער ווערן!...

איצט אָבער איז שוין פּאַנטל געווען באַם זון און מ׳האָטן באַלד אַריינגענעמען צו אַ פעלדשער.

דער פעלדשער האָט מענדלען אַריינגעטריפט קראָפּלעס אין מויל, האָט יענער באַלד געעפנט די אויגן, זיך אַרומ-געקוקט מיט זיי, ווי קיינעם נישט דערקענט און האָט זיי צריק פּאַרמאַכט.

דאַן האָט דער פעלדשער אַרומגעוואַשן דאָס בלוט, וואָס האָט שוין גענעמען טרוקענען, און האָט אים פּאַרבאַנדאַזשירט דעם גאַנצן קאָפּ. ער האָט אויך אָנגעזאָגט, מען זאָלן באַלד לייגן אין אַ בעט אַריין און צולייגן אייז צום קאָפּ, ווייל ער האָט שטאַרק מורא פאַר אַ „זאַפּאַלעניע מוזג.״

גוט צו זאָגן מ׳זאָלן לייגן אין אַ בעט אַריין. אָבער וואו?

צו וועמען? ווער וועט עס דאָ פּאַנטלען געבן אַ בעט? וועמען קען ער דאָס אין יואַרשע? האָט ער טאַקי געקלערט גוט אויסצובעטן אויף דער פיר מיט שטרוי און מיט דעקעס און אַהיימפירן דעם זון. דער פעלדשער האָט אָבער שטאַרק פאַר-זאָגט דאָס צו טון.

— ווייל, — האָט ער גערעדט — וויפיל בלוט עס איז שוין אַרויס פון אים; און באַם שאָקלען אויף דער פיר, קאָן זיך אויפסנייִ עפענען -- קאָן ער אים שוין נישט דערפירן אַמאָל ביז אַהיים...

האָט פאַנטל מורא געקריגן. אָבער וואָס טוט מען׳ מ׳קאָן דעך נישט שטיין! — רעדט פאַנטל זיך אויס דאָס האַרץ פאַר די כלה און זי גיט אים אַ גאָר גוטע עצה:

-- וואָס איז? קאָנסטו אים נישט אַוועקנעמען אין אונזער שטוב אַריין? אַ סך, קומט מע׳ דאָרט אַרויף? און בעטן זענען דאָ אַזש דריי!

הערן די צוויי קאָלעזשאַנקעס, זאָגן זיי אויך:

— „טאַק, טאַק, יינעי ראַדי נימאַש״

און מ׳קאָן נישט זאָגן, קיין בעסערע עצה וואָלט מען זיך גאָר נישט געקאָנט פאָרשטעלן. מ׳האָט גענומען אַ דראָש-קע, אַריינגעוואָרפן אַלע פאַלטאָס מיט אַלע פאַטשיילעס און אויף זיי פאָרזיכטיק אַוועקגעלייגט מענדלען. באַם שלעפן, האָט ער געעפנט די אויגן, ער האָט אָבער איצט אויך גאָר נישט געוואוסט, וואָס מיטן טוט זיך. מ׳האָט געזען: דער יינג שמאַכט און גייט אויס.

אַריינגעלייגט אין בעט, האָט מען געשיקט נאָך אַ דאָק-טאָר, וועלכער האָט פאַרשריבן רעצעפּטן און אָנגעזאָגט — אַ חוץ זיי — זאָל מען דעם קראַנקן גאָר נישט געבן. אייז האָט ער אויך געהייסן צולייגן צום קאָפּ.

פאַנטל האָט אַפילו נישט פאַרשטאַנען, וואָס עס באַדייט אַ גלעזערן רערל, וואָס דער דאָקטאָר האָט מענדלען געלייגט אונטערן אָרעם, האָט ער געזאָגט:

— וואָס? לאָ׳ מען אים אָנלייגן אַ ביסל ביינקעס, אָנרייבן

נוט מיט טערפּעטינע — צום שוויצן, ווייטער גאָר ניש׳...

אָבער אַז מענדל האָט געגעמען רעדן פון היץ, האָט ער זיך דערשראָקן...

איז ער צוגעגאַנגען אויף די שפּיצן נעגל און געזען, ווי דאָס פּנים ווערט באַ׳ן אים רויט און שוואַרץ און געל; וואָס אַ ווײַלע בײַט עס זיך.

האָט ער זיך אָנגעשפּאַרט אָן קאָפּשטיק און גענומען זיך אײַנקוקן נאָכמער. האָט עס אויסגעזען, ווי עס וואָלט זיך אויף עפּעס „געזשאַלעוועט״ פּאַרן... האָט ער נישט געקענט מער קוקן, אוועקגעדרייט דעם קאָפּ און זיך פּאַרטראַכט.—

## זיבעצנטע קאַפּיטל.

פּאַנטלען האָט באַנק געטון, וואָס ער האָט באַנאַכט אַ שטויס געטון מענדלען, ווען ער האָט זיך געוואָלט מיט אים טוישן, אַז יענער זאָל נעמען די לייטשעס און ער וועט גיין אין מיטן וואָגן אַריין זיך אָנשפּאַרן אַ ביסל. — וואָס האָט ער געהאַט צו׳ן אים? ער האָרעוועט דען נישט גענוג פּאַר זײַנע יאָרן? און וואָס האָט ער פון זײַן האָרעוואַניע? ער גיט אַמאָל אויס אַ פּאָר מאַרק אויף כ׳ווייס דאָרט וואָס! נו, דאַרף מען עס דאָך אויך צו האָבן. צי איז באַ׳ן אים אַזוי ווי צווישן אַנ-אַנדערע עלטערן און קינדער, וועלכע קוקן נאָר פּאַר זיך.

און פּאַנטלען ווערט טרויריג אויפן האַרץ, פּאַרגלייכנדיק אים צו אַנדערע. אַפילו נישט צווישן בעלי-עגלות — נאָר בעל-

בּתישע קינדער, וואָס האָבּן זיך גענומען צום שמוגלען, האָבּן אָר דאָס געלט באַהאַלטן פאַר זיך. צווישן גוטע בּרודער, איז יין געלט און דיין געלט! נאָר די עלטערן קאָנען שטאַרבּן אין זיי וועלן נישט געבּן זיי דאָס פאַרדינסט אין האַנט אַריין. און בּאַ׳ן אים. איז דען מענדלען אַמאָל איינגעפאַלן צוצונעמען געלט וואָס ער האָט פאַרדינט? ער דאַרף אַ פאָר מאַרק—נעמט ער. און אַפילו, אַז ר׳פאַרדינט ני׳ש׳ און זאָגט: טאַטע כ׳דאַרף צי האָבּן. און איך האָבּ נאָר — קריגט ער נישט? אַן אַנצוג — דען נישט? אַ שיך, —— כ׳וויס, אין טאַש אַריין... אָבּער אַליין נעמען?..

און אַזוי טראַכטנדיק קריגט פאַנטל דרך ארץ פאַר זיין אייגן קינד צוזאַמען מיט אַ מין שטאָלץ: „פאַנטל האָט אַ קינד, אַן אמת כּשר קינד!..“

און איז דען פאַנטל נישט גערעכט געווען, וואָס ער האָט נעכטן געטראַכט, אַז די וועלט איז היינט גאָר נישט די אייגענע. אַפילו אַזאַ בּערל, וואָס פאָכט מיט דער נשמה, צייט ער איז געוואָרן שמוגלער. זאָל עס אים אָנהייבּן צו אַרן, צוקוקנדיק ווי יינגען מיט מיידן בּראָיען אַרום... דעסגלייכן דער אַלטער שעהקע.. אָט איז אַ שיינער ייד רב יידל —— שיקט ער די טאָכטער צום וואַכמייסטער... און אַ פאַנטל, צי האָט זיך פאַנטל חלילה צו שעמען מיט זיין בּעלי-עגלה׳שקייט, אָדער מיט זיין מענדלען?..

וואָס טוט מען אָבּער צו דעם — דער יינג רעדט דאָך׳ וואָס איין וואָרט צום צענטן קומט נישט — קומט אים מיטאַמאָל אין קאָפּ אַריין—דער יינג איז גוט קראַנק... און דאָ ריקט זיך די נאַכט: מ׳דאַרף אַהיימפאָרן.

—וואָס טוט מען? — פרעגט ער נאַטשן — איבּערלאָזן אים אַליין? קאָן מען? ער ׳עט דאָך אויסגיין ווי אַ פויגל. – גיט ער פּליצלינג אַ רעד אַרויס מיט אַזאַ קול, אַז אַלע וואָס הערן דאָס נעמט זיי עפּעס שטיקן אין האַלדז און ס׳פאַרגייט זיי בּיז אין די אויגן... נעמען זיי קוקן אויף פאַנטלען מיט אַ מיטלייד

און ס'דאַכט זיך, אַז באַלד וועלן זיי אַרויס מיט אַ געוויין. נאָר פּאַנטל רעדט שטיל:

— ניכיי וואָלט מען מיר צוגעגעמען דעם שמוגל, וואָלט דאָך צו דעם אַלעם נישט געקומען...

דעמאָלט רירט אים נאַטשע אָן פּאַר אַן אַקסל, פּונקט אַזוי ווי עס געשעעט באַ איידעלערע מענשטן, און זי זאָגט:

— מענדל איז קראַנק, גוט קראַנק. אַלע מוזן צריק פאָרן אַהיים. ער קאָן אָבער דאָ נישט זיין אַליין. איך וועל איבערבלייבן.

קומט עס אַלע פּאָר גאַנץ נאַטירלאַך. אַזוי און נישט אַנדערש דאַרף צו זיין. לאָזט איר פּאַנטל איבער געלט, זי זאָל באַזאָרגן: דער דאָקטאָר זאָל קומען, דער פעלדשער זאָל כסדר גיין, דעם קראַנקן זאָל גאָר ניש' פעלן און אַז זי זאָל ניש' דערוועגן צו „זשאַלעווען" קיין געלט...

דערנאָך גייען אַלע, אויסער נאַטשן, אַוועק און פּאַנטל זיצט אויף אַ טרוועריקער אויף דער פיר און ער האָט חרטה, פּאַר וואָס ער האָט פּאַרקויפט די סחורה צו אַן אַנדערן... „פּאַרפאַלן!.. — האָט ער זיך געטראַכט — באַ אונז אין שטאָט האָב איך צו זאָגן — מוז מע' מיך פאָלגן; דאָ אָבער האָט „ער" צו זאָגן..."

און באַם פאָרשטעלן זיך דעם „ער" פילט ער, ווי אַלע ביינער ברעכן אים. און דאָס פּנים מיט די הענט שטעכן, ווי בינען וואָלט אים באַפאַלן, ווערט ער ווידער אַנטשטימט. נישט די ווייטאָג זיינע, נישט דאָס אַרט אים אויף אַ האָר! נאָר ס'שטייט אים אַלץ פּאַר די אויגן דער זון זיינער, מענדל, ווען ער האָט איצט איבערגעלאָזט אַ חרובדיקן אין אַ פרעמ־דער שטאָט, אין אַ פרעמדער שטוב...

„יאָ" — טראַכט ער — איצט וועט שוין אורקע מוזן פאָרן אויף מענדלס אָרט. אַליין אי' דעך קיין אופן ניש'! מיט איין מאָל איז ער געבליבן אָן דעם זון און אָן דער „כלה..." פּאַנטל פילט אַפילו אַ גרויסע דאַנקבאַרקייט צום שיקסל: ווער וואָלט דען געוואָלט בלייבן ?... הזק האָבן „יאַזדעס?.." און ער

פֿאַשליסט באַ זיך פֿון היינט אָן צו ווערן אַ טאַטע: אורקען, אַפּילו מער נישט צו שלאָגן...

באַ דער קרעטשמע, אַז מ'האָט אַריינגעלאָזט אַ פּאָר גלעזלאַך אויף קוראַזש, איז פּאַנטלען לייכטער געוואָרן אַ ביסל אויפֿן האַרץ און ביז אַהיים האָט ער נאָר געטראַכט:

— פֿון וואַנען האָט עס גאָלקעפּל געקאָנט אַזוי געשווינד דערגיין, אַז איך האָב גאָר פֿאַרקויפֿט אין אָכאָטע?

אין אַ צייט אַרום ערשט איז ער דערגאַנגען דעם פּראָסטן דרך דערפֿון: יענער האָט געהאַט זיינעם אַ מענטש זיצן אין אָכאָטע. דער מענטש פֿלעגט אַכטונג צוגעבן אויף אַלע פֿירן, וואָס שטעלן זיך נאָר אָפּ אין יאַיאַזד, און ער פֿלעגט עס טעלעפֿאָנירן גאָלקעפּלען פֿון אַלעם: וויפֿיל און ווער עס פֿאַרקויפֿט.

איצט אָבער האָט זיך פּאַנטל געבראָכן דעם קאָפּ און האָט נישט פֿאַרשטאַנען דעם פּשוטן דרך. האָט ער איבערגערעכנט אין דער מחשבה אַלע ייִנגען, אַלע שגצים, אַלע שיקסעס און אַלע גויעס: אפֿשר זאָגט איינער פֿון זיי אויס, וואו ער פֿאַרקויפֿט? נאָר קיינער פֿון די אַלע האָט נישט געפּאַסט פֿאַר דעם — ווייל שמוגלאַרס, וואָס מ'זאָל אויף זיי נישט זאָגן, אָבער קאַ' מוסרים זיינען זיי געוויס נישט!..

# ענדע צווייטע טייל.



ג. 86 ש. 5. און ס'גייט אוועק א דאווענען צו גאט . . . 2 מ.

# ערשטע קאַפּיטל.

מענדל איז געלעגן קראַנק און דאָס בלאָנדע שיקסל האָט נישט אָפּגעטרעטן פון זיין בעט. זי האָט געברויכט אַראָפּ־גיין, עפּעס איינצוקויפן, אָבער זי האָט מורא געהאַט איבער־צולאָזן אים אַליין. נאָר ווען מענדל האָט איינגעדרעמעלט, אָדער „געכאַמערט,‟ האָט זי גענעמען אויף זיך דאָס דערעלן, איז אַרויסגעאַנגען שנעל אויף די שפּיץ פינגער, שטיל צו־געלענט די טיר און דערנאָך, געשווינד איינקויפנדיק אין די געוועלבלאַך, וואָס זי האָט געדאַרפט, איז זי באַלד צריק אַרויף אין שטוב אַריין

אין אָנהויב האָט אויף איר אַ געוויסן איינדרוק געמאַכט די שטוב, אין וועלכער זי האָט „געלעבט‟ אַ קנאַפּ יאָר, ס׳האָט אויף איר אויך געמאַכט אַ געוויסן איינדרוק דאָס זיין אין שטוב אַליין מיט אַ קראַנקען. דאָס האָט זי דערמאַנט אָן איר מוטער, ווען זי איז געלעגן קראַנק אין שפּיטאָל. זי האָט זיך דעמאָלט אויך געשראָקן, ווען מען האָט איר ערלויבט אויף נאַכט איבערצובלייבן... און דאַרטן זענען געווען אַ סך מענטשן:

קראַנקע זענען געווען אין דער אייגענער סאַלע אַודאי צען, אָדער נאָכמער, און וועכטערס...

דאָס האָט זי אַזוי אַדורכגענעמען, אַז זי איז געזעסן קייגן איבער דעם קראַנקן אין איין מורא, און האָט אַפילו נישט געוואַגט איר קאָפּ אַוועקצובייגן. און דער קראַנקער האָט גע-קוקט מיט אַזעלכע מאָדנע אויגן און גערעדט אַזעלכע עפּעס מאָדנע ווערטער, וואָס זענען פאַר איר שוין געווען אויס-טערליש. נישט בלויז מיט זייער צוריסנקייט און מיט זייער קלאַנג, — וואָס באַצייכנט אַזוי אַלע היץ-קראַנקע — נאָר טאַ-קי די ווערטער אַליין, וועלכע ער האָט גערעדט צו'ן איר אויף אַן אַנדערע שפּראַך... אין יידיש.

די ערשטע צייט האָט ער נישט געשטילט. קאַ' רגע: נאָר געפּלוידערס און געפּלוידערט. אַ טייל ווערטער האָט זי יאָ פאַרשטאַנען, וואָרעם דאָס, וואָס איז נוגע „שמוגל" האָט זי שוין באַלד געקענט אַליין רעדן אויף יידיש. און ער האָט גערעדט פון דער וואַך. פון מעל, פון טאַטע-מאַמע און פון אַלע שמוגלאַרס. איינמאָל — ווען ס'האָט זיך אים מסתמא אויס-געוויזן, אַז ער זיצט נאָך אַלץ באַ עליען אין שענק מיט זיי-נע אַלע חברים — האָט ער אויסגערופן:

— בערטשע! האָסטו עס געזאָלט אָנקוקן די שיקסלאַך אַ ביסל! גאָלד!..

און דערנאָך אַזוי ווי צו יורעקן:

— „סלישיש, בראַטשע! מוויע טשע זשע טאָ יעסט דזשעוואוכאַ, טאַ נאַטש..."

דאַן האָט ער זיך אָנגעהויבן צעצומישן אין די רייד — האַלב פּויליש, האַלב יידיש... איין וואָרט נישט צום אַנדערן. און באַלד וויל ער זיך גאָר אויפשטעלן: „אורקן דאַרף ער אויספּאַטשן..." זי ראַנגעלט זיך דעמאָלט מיט אים. און אַז זי בייגט זיך איין, דאָס אייז-קישאַלע אויפצוהייבן און זי וויל עס אים צוריק אויפן קאָפּ אַוועקלייגן, טרעפט זי זיך מיט זיינעם אַ בל'ק און זי דערשרעקט זיך פאַר אים און לויפט צו צום טיש, שרייענדיק:

— „אַך, באָזשע דראָגי !..״

און מענדל איז שוין אויף דער פּאָדלאָגע, טאַפּט — אַרום די ווענט, זוכט און אַז ער געפינט נישט קיינעם, נעמט ער לויפן איבער דער שטיב מיט צונויפגעקאָרטשעטע פינגער און מיט אַ בראַנדיט אויפן פּנים, אין די אויגן ווערט אים עפּעס אַזוי העל, ווי עס גאָלדעט זיך אַ געל בלעטל אַנטקייגן דער זון... טרעפט ער אָן אויף נאַטשן, כאַפּט ער זי פעסט אָן, שלעפּט פון איר, רייסט זי און אַזאַ היץ שלאָגט פון אים, אַזש זי נעמט זיך שטיקן מיטן אָטעם... און ער, ווי ר׳וואָלט געוועזן גאָר באַם קלאָרן זינען, האַלט אין איין שריין: „גדזע יעסט אורקאַ ?.. גדזע ?..״

און לויפט ווידער אַרום און קומט ווידער צוריק צום בעטל און רופט שוין איצט גאָר מיט אַן אַנדער קול:

— די נעמצעס גייען !.. די נעמצעס !... כאַפּט די פּעק !.. נו, פּרענדקאָ !..

גרוילט אויף איר די הויט פון זיין קול, ווייל עס קומט אַרויס, ווי פון אַ קבר: אַזוי נידעריק און אַזוי דורכנעמענדיק איז עס... און אַ רחמנות וועקט זיך אין איר צום קראַנקען — אַזאַ רחמנות... נעמט זי אים אַרום — און די הענט ווערן איר באַלד פּייכט, און זי וויינט און בעט זיך באַ אים:

— מענדל, צאָ טי מוויש! יידזש, נאָ יידזש זשע דאָ לוזשקאַ! יעסט כאָרי — אָ! ועזו׳ קאָלאַני!..

קוקט ער זי אָן, ווי ער וואָלט עפּעס פאַרשטאַנען, לאָזט ער איינציקווייז אַראָפּ דעם קאָפּ און זאָגט, ווי אַ קינד, וואָס ס׳טוט עס עפּעס ווייִ:

— ס׳איז מיר קאַלט...

און זי שפּירט, ווי ס׳ווערט אים קילער און קילער. די פּייכטקייט אויף אירע הענט, וואָס זי האַלט אים אַרום, נעמט פּרירן. דערשרעקט זי זיך שטאַרק. לייגט זי אים אַריין אין בעט און דעקט אים גוט אַרום מיט די קאָלדערעס. פון אויבן אויף די קאָלדערעס לייגט זי אַרויף די קאָרטקע זיינע, די

הויזן, אור פּעלצל און אַלץ, וואָס ס׳דאַכט איר אויס, אַז ס׳וועט אים וואַרעמקייט צוגעבן.

ער דרייט זיך אום צו דער וואַנט, ליגט אַזוי אַ פּאָר סעקונדן און דרייט זיך באַלד צריק אויס. נאַטשע קוקט אויף אים און זי ווייסט נישט, וואָס זי זאָל טון. זי וויל נייטיק ג׳ן נאָכן פעלדשער; זי זעט, ווי ער ציטערט מיט די ציין און מיט אַמאָל נעמט ער גאָר רייסן די קאָלדערעס פון זיך: עס איז שוין ווידער הייס... זי שטייט און טרערן גיסן פון אירע אויגן. אָדער אַליין אים צו לאָזן, האָט זי מורא... ניין, זי וועט אים נישט איבערלאָזן אַליין...

ביסלאַכווייז באַרויגט ער זיך און בלייבט ליגן שטיל, קוקנדיק צום פענצטער.

דעמאָלט מאַכט זי אַ פייער אין דער קעך, אַ גרויס פייער; און פון די פלאַמען און פון דער וואַרעמקייט, וואָס עס ווערט אין שטוב, ווערט איר היימלאַכער.

עסט זי אַ שטיקל ברויט און זעצט זיך ווידער אַוועק קייגן איבער דעם קראַנקן, אָבער זי שרעקט שוין נישט אַזוי ווי פריר; עפּעס אַ זיכערקייט באַקומט זי, אַ זיכערקייט, אַז מענדל וועט געזינט ווערן...

נאָר, ווען דער פעלדשער איז געקומען און, מעסטנדיק די טעמפּעראַטור, האָט ער געזען, אַז דער קראַנקער האָט איבער פערציק גראַד היץ, האָט ער זי שנעל געהייסן ברענגען דעם דאָקטאָר. איז זי אַרויסגעלאָפן, האָט געבעטן דעם סטרוזשס אַ קינד, ס׳זאָל לויפן נאָכן דאָקטאָר, און אַליין איז זי צריק אין שטיב אַריין. האָט זיך אַוועקגעשטעלט פאַרן פענצטער און איז דאָרט געשטאַנען און אַרויסגעקוקט, ביז דער דאָקטאָר איז געקומען.

דער דאָקטאָר האָט דערקענט, אַז ס׳איז פאָרגעקומען עפּעס, אַז זי האָט אים דערציילט, אַז דער קראַנקער איז אַראָפּ פון בעט און איז אַרומגעלאָפן איבער דער שטוב, אַ נאַקעטער,—האָט ער זיך שטאַרק געבייזערט.

און ער האָט איר שטרענג אָנגעזאָגט, זי זאָל נישט דער-

װעגן צו לאָזן אים אַ צװײט מאָל אַזױנס טון... דאַן האָט ער פאַרשריבן אַ פרישע רעצעפּט און געהײסן באַ יעדן מאָל אײנגעבן זאָל דער קראַנקר נעמען אַ לעפל לעבלאַכע טײ, אָדער באַװאַרקע, מער נישט. אױך דאָס אײז, זאָל זי אַכטונג געבן, זאָל כסדר ליגן אױפן קאָפּ.

װען דער דאָקטאָר איז אַװעקגעגאַנגען און זי איז װי־דער געבליבן אַלײן מיטן קראַנקן, האָט זי צוגערוקט אַ בענקל צום קראַנקענס בעט און זי האָט זיך דאַרױף אַװעקגעזעצט מיטן געדאַנק אַזױ צו זיצן די גאַנצע נאַכט, ביז אינדערפרי.

די נאַכט איז געװען זײער אַן אומרויִקע. מענדל האָט זיך געװאָרפן אין בעט אַזױ װי אײגער, װאָס האָט דאָס פיבער און האָט אַזױ געשריען, אַז זי האָט געװאָלט אַ פּאָר מאָל אַרױס־לױפן, מאַכן אַ געװאַלד, אַז מענטשן זאָלן אַרײַנקומען, נאָר פונקט, װען זי האָט דאָס געװאָלט טון, איז ער רויִקער גע־װאָרן און האָט זיך געלײגט אױפן קישן און איז אַ שטיקל צײט אָפּגעלעגן שטיל.

דאַן האָט ער גענעמען שװיצן און בריען אַזױ שטאַרק, אַז זי האָט זיך געמוזט אָפּרוקן מיטן בענקל. דערנאָך װידער קאַלט און װידער הײס... און אַזױ — די גאַנצע נאַכט...

---

## צװײטע קאַפּיטל.

באַלד נאָכן קריזיס. מענדל עפנט די אױגן פון װעלכע ס׳איז מיטאַמאָל פאַרשװינדן די װילדקײט און די העלקײט, װאָס איז אין זײ געװען צײט ר׳איז קראַנק געװאָרן. ער דער־

שפירט אַ וויטאָג אין קאָפּ. עפּעס מאָדנע טוט אים דאָרט ווי־
באַם שייטל. ס׳קומט אים פאָר, ווי מען שטעלט אים דאָר־
ווי מען דריקט אים איין ד׳ם קאָפּ אין אַ קלעם אַריינגעזוי־
מען — ער האָט געמיינט, אַז אָט, אָט און ער פּלאַצט אוי־
וויל ער אויפהויבן אַ האַנט און אָנרירן, זעען, וואָס דאָרט אי־
אַוועקרייסן די קלעם — אָבער ער באַוועגט בלויז מיט ז
פינגער און די האַנט, וואָס איז קוים — קוים געווען אונטער־
געהויבן, פאַלט צריק אים און ער פאַרמאַכט די אויגן.

דאַן דערפילט ער, מיטאַמאָל אַ לייכטערקייט. עפּעס
זייער אַן אָנגענעמע זאַך גלעט אים דאָס פּנים און ס׳קומט
אים פאָר, ווי עמיצער וואָלט געווען זייער לייכט אים אָנגע-
נעמען באַ דער האַנט. עפנט ער ווידער די אויגן און דערזעט
גאַטשען, וואָס שטייט אַריבערגעבויגן איבער אים אַזוי, דאָס
דער אָטעם אירער שלאָגט זיך אָן אָן זיין פּנים. פאַרשטייט
ער נישט, וואָס דאָ איז און וואו ער געפינט זיך, נאָר ער
ווערט פאַרווּנדערט:

„וואָס שטייען עפּעס דאָ נאָך צוויי בעטן? וואו בין איך?
און וואָס טוט זיך דאָ?"

ער דערשפירט אָבער, אַז ער מוז זיין קראַנק און, אַז
ער איז זייער, זייער שוואַך.

וויל ער זיך אויפזעצן, אָבער די אברים גיבן זיך נישט
קיין ריר, טראַכט ער:

„אַ פייער זיכט מיך... וואָס איז דאָס מיט מיר?"

נעמט ער זיך ביסלעכווייז דערמאָנען, וואָס עס איז גע-
שען נעכטן — היינט... אין זאַיאַזד.

פרעגט ער:

— „נאַטשאַ! גדזע יעסט אויטשעך?"

— „אויטשעך וו׳דאָמו. — ענטוועָרט זי."

— „פּאָיעכאַל?"

— „פּאָיעכאַל."

נעמט ער ווייטער טראַכטן: גאָלקאָפּ האָט מיר פאַריקט
די פינגערלאַך און איך בין געפאַלן..." און ווידער צו׳ן איר:

— „יעסטעם כאָרי?"
— „יעסטעש כאָרי."
— „באַרדזאָ?"
— „באַרדזאָ."

ענטווערט זי אַלץ מיט זיינע אייגענע ווערטער און זי פירט מיט איר האַנט לייכט איבער זיין שטערן. דאַן דערמאָנט זי זיך אָן דעם דאָקטאָרס אָנזאָג, נעמט זי אַ לעפעלע טיי און טראָגט עס צו צו זיין מויל.

פאַרשעמט זיך דער יינג. „וואָס הייסט? אין מויל אַריין... וואָס בין איך — אַ קינד אין וויג?.." וויל ער אָנעמען אַליין דאָס לעפעלע און די טיי גיסט זיך אויס אויף די קאָלדערע. בייזערט זי זיך אָן אויף אים:

— ליג, „ספאָקוינע!"

טראַכט ער:

„האָ, האָ, בין איך דאָך קראַנק אויף אַן אמת, האָ, האָ..."

טרינקט ער שוין איצט פון איר האַנט און דערנאָך פרעגט ער, וועמעס שטוב דאָס איז. ענווערט זי, אַז דאָס איז איר שטוב. פרעגט ער אויף סטעפקען און אויף סטאַשען. זעט זי, ווי ער רעדט אַזוי אַלע ווערטער קלאָר, קוקט זי אים אין די אויגן אַריין און דערפריידט זיך מיט אַ גרויסע שמחה:

„באָזשע! באָזשע!"

נעמט זי אַרומשפרינגען איבער דער שטוב, טאַנצט און מאַכט כלערליי באַוועגונגען. יאָגט ער זי נאָך מיט די אויגן — אַהער און אַהין; רעכטס, לינקס; דאָרט און דאָ.

פרעגט ער עפּעס, קומט זי צו צו זיין בעט און זי נעמט אים פאַרציילן, וואָס ס'איז געשען פון יענעם טאָג אָן ביז היינט. צוויי וואָכן איז ער אַזוי געלעגן אין דער היץ — צוויי וואָכן.

וויל ער נישט גלייבן: „צוויי וואָכן?"

דערציילט זי, וואָס ער האָט עס אַלץ אויסגערעדט אין די צוויי וואָכן, מיינט ער, אַז זי וויל אים אָפּנאַרן. „צוויי

זאָכן ?.." און ער הייבט אויף אַ האַנט און טאַפּט זיך אָן די נאַנדאַזשן אַרום דעם גאַנצן קאָפּ — ביז די אויגן... „די ווינער פאַלערע 'עטן שוין טרעפן — טראַכט ער — אַז כ'על נאָר אַראָפּ פון בעט..."

ער פאַרגעסט אָבער באַלד דערין און קוקט אויף די שיקזע, וואָס שטייט נעבן אים און רעדט אָן אויפהער, כסדר און געשווינד:

— אַך, יעזו' — זאָגט זי — דו ביסט שוין געזונט... געוועזן דער קריזיס... און איך האָב געמיינט, אַז דו רעדסט נאָך פון היץ ?.. „גדזשע מוי אויטשעץ..." „אויטשעץ וו דאָמו" „פּאָ-יעכאַל ?—פּאָיעכאַל ?." עך, ווי קומט ער שוין דער טאַטע דיי-נער צו פאָרן !..

ביסלאַכווייז זענען מענדלען צריקגעקומען זיינע כחות. ער קאָן זיך שוין אַליין אויפזעצן אין בעט און ער פרעגט אויס דעם פאָטער, וואָס פלעגט יעדעס מאָל אַרויפקומען: וואָס מ'הערט אין שטעטל ? און וואָס מ'הערט אין דער היים ? וואָס די מאַמע מאַכט ? און צו ס'גייט אַ „דורך ?" און באַ יעדן וואָרט זיינעם מאַכט מען אים צייכנס, ער זאָל נישט צופיל רעדן אין דער פאָטער דערציילט אים אַליין פון אַלעם.

— די מאַמע איז געזונט — דערציילט ער — און איצט פאָרט שוין אורקע מיט יעדעס מאָל: ר'עט זיין אַ לייט ! און באַ יענקלען האָט מען די נאַכט צוגענעמען זעקס פוד. ער האָט זיך געוואָלט אַ קייגנשטעלן האָט מען אים דעם גאַנצן וואָגן פאַ' האַרשטירט מיט די פערד און ער וויל שוין געבן צווייהונדערט מאַרק —מ'זאָל אים אָפּלאָזן... און פון פעלטן איז געקומען אַ ידיעה. „ער איז געזונט—שרייבט ער—און ער פאַר-האָפט געך און געשווינד מיט אַלע זיך צו זען"... און גרונם האָט זיך יענע וואָך געשלאָגן מיט פייפקען — שיר ניש' צום טויט !.. און גרונמס ווייב מאַקי, פאָרט שוין אויך מיט. „וואָס דאַרפסטו אַ פרעמדע שיקזע — טענהט זי — איך אַליין 'על זיין די שיקזע..." און צו יענער מעשה מיט די וואָליער „גור-זשיצקיס," האָט מען אים, פאַנטלען, שעור צוגעשלעפּט.., אַז

ער איז נאָר דעמאָלט געהאַט אַהיימגעקומען און אים, מענדלען, איבערגעלאָזט אין וואַרשע — רופט מען אים אַודאי ניש׳ צו די זשאַנדאַרן! יענע פאַרשליסן די טיר און הייבן אים אָן צו „גראָזשן."

— מיר ווילן דיך טויט שלאָגן, — זאָגן זיי — דו מוסט אונז זאָגן, וואו עס איז דינסטמאַן!..

דינסטמאַן, ווי דו ווייסט, איז דעך יענער דייטש געווען... אַ כלל, כ׳אָב געטענהט, אַז כ׳ווייס גאָר ניש׳; מ׳האָט מיר דעם זון צוהרגהט אין וואַרשע. ביז זיי האָבן מיך אָפּגע-לאָזט...

און יידלען האָט מע׳ שוין ווידער „געכאַפּט!.."—דערציילט ער מיט פאַרגעניגן.

אַזוי איז מענדל געוואָר געוואָרן פון אַלעם, וואָס ס׳טוט זיך אין שטעטל. פאַנטל האָט אויך באַשטעטיגט, אַז גאַנצע צוויי וואָכן איז מענדל געלעגן אין היץ און ווען נישט נאַ-טשע, טאָ ווער ווייסט, וואָס פון אים וואָלט געוואָרן! באַקומט מענדל עפּעס אַ מאָדנע דאַנקבאַר געפיל צום שיקסל, וואָס איז אַזוי שיין ערשט אין זיינע אויגן, ווי אַ מלאך, און ער ווייסט אַליין נישט וואָס דאָס איז, נאָר ווען ר׳קוקט אויף איר, ווערט אים פיל לייכטער און לעכטיקער...

און זי פאָרעט זיך! אַ קוק דאָ און אַ קוק דאָרט:

— „מענדל מאָזשע טראָשקע ראָסאָלו? מאָזשע ריב-קע׳?

שמייכעלט ער און הייסט זיך דערלאַנגעןביידע. און זי לאָכט צו די אַרומיקע.

און פאַנטל דערקענט אָן נאַטשעס פּנים, אַז זי זעט אויס שלעכט, זאָגט ער זי זאָל זיך צולעגען, וואָרעם זי שלאָפט דאָך נישט אַזאַ צייט לאַנג, ווי די רעכט איז. אָדער אפשר וועט זי גאָר „אַ היים" פאָרן? דאָ, צו מענדלען, וועט אַן אַנ-דערע אַהערקומען.

פרעגט זי, ווער עס וועט דאָס אַהערקומען! זאָגט ער,

אַז ריוועשע זיין שוועסטע־ן־טאָכטער, וואָס שדכנט זיך צו מענד-לען, וויל אַהער קומען.

ווערט זי אַנטשטילט, אָבער אין אַ מינוט אַרום:

—וועט זי וויסן ווי אַרומצוגיין מיט אים? ער איז נאָך גוט שוואַך...

און מענדלען ווערט עפּעס אומעטיק. ער ווייסט נישט פאַר וואָס עס ווערט אים אַזוי, נאָר איין זאַך — קיין אַנדערן וויל ער ניש׳... און ער זאָגט צום פאָטער:

—טאַטע, איך ׳על נאָך ליגן אַ פּאָר טעג. וואָס דאַרף מע׳ מאַכן נאָכאַרליי וואַכעניש?..

— נו, מילא, — ענטווערט דער פאָטער — זאָל זיין אַזוי.

און טיילמאָל קומען צו׳ן אים אַרויף די „קאָלעגעס” זיינע און ברענגען מיט פּאָמעראַנצן. נאָר יורעק ברענגט אַ פלעשל וויין און דערלאַנגט עס נאַטשען.

—אַ פלעשל וויין,—זאָגט ער.—דו מעגסט אויך טרינקען... איך האָב געקויפט... — און דאַבאַ קוקט ער אויף איר אַזוי מאָדנע.

פאַרדריסט עס איר שטאַרק אויף אים. עס פאַרדריסט איר גאָר שטאַרק... „ווי קומט ער גאָר היינט מיט אַ זעלכעס?.. און עס קומט איר פאָר, ווי די שטוב וואָלט אַן אַנדערע גע-וואָרן, צייט מענדל ליגט דאָ קראַנק... ווי די שטוב וואָלט אַ „הייליקע” געוואָרן... און זי אַליין אויך... קומט איר פאָר יורעקס רעדן, ווי אַ זינד... ווי אַ גרויסע באַליידיגונג... ווי אַ גאַנץ גראָבע זאַך... וויל זי אים צריק אַוועקגעבן דעם וויין— נעמט עס יענער, גיט אַוועק מענדלען און זעצט זיך גאָר צו נעבן אים, אויפן בעט...

אָדער אַמאָל באַנאַכט: אין שטוב איז לעכטיק, עס ברענט דאָס לעמפּל — זעט מען הונטן, אין הויף, דאָס לעכט דורכן פענצטער. איז איינמאָל, אַודאי שוין אַרום צוויי, אַרויפגעקומען איינער און האָט אָנגעקלאַפּט אָן דער טיר און אויף איר

פראַגע: ווער איז דאָרט? איז געקומען אַן ענטווער — ווי אַמאָל...

— צו די פּאַניענקעס...

מענדל איז דעמאָלט אין אַ שטאַרקער היץ געלעגן. ער האָט געקוקט אויף איר מיט די צוויי העלע אויגנס און די ברעמען זיינע האָבן זיך אינגאַנצן נישט באַוועגט. איז עס איר אויסגעקומען, ווי ער וואָלט געהאַט צו׳ן איר אַ טענה, ווי ער וואָלט פאַראיבל געהאַט אויף איר, וואָס, היינט. אַז אַ קראַנקער ליגט, פירט זי ווייטער אירע געשעפטן... האָט זי זיך אַזוי פאַרשעמט... זי האָט דאָך געוויסט, אַז ער ווייסט ניש׳, וואָס ער קוקט — נאָר... דאָך האָט זי נישט געקאָנט אויסהאַלטן...

באַ נאַטשן האָט זיך אָנגעהויבן פון דעמאָלט אָן אין קאָפּ עפּעס צו באַוועגן: אַ זאַך, וואָס איז באַ׳ן איר נאָך קיינמאָל נישט געשען. זי, וואָס פלעגט אויף אַלעם זאָגן „דזשענקי באָגו.״ — האָט מיט איינמאָל זיך פאַרשעמט פאַר זיך אַליין, הערנדיק דעם אַמאָליקן קלאַפּ אין טיר?.. אין געדאַנק האָבן איר גענעמען אויפשווימען קלייניקייטן, וואָס זענען מיט איר געשען. און פון די דאָזיקע „קלייניקייטן״ איז איר מיטאַמאָל לעכטיקער געוואָרן אין די אויגן, אין קאָפּ און אין האַרץ, פּונקט ווי אַ לעכטיקע זון וואָלט זיך אין איר אַריינגעגאָסן...

דער קראַנקער שטערט איר דאָס טראַכטן, ער מאַכט עפּעס מיט די ליפּן. נעמט זי אַ לעפעלע טיי, אַ צווייטס און אַ דריטס. גיסט אים אין מויל אַריין ביז ער ווערט פאַרמאַטערט, שטעלט זי אַוועק דאָס גלאָז, זעצט זיך צו׳ן אים צו אויפן קאַנט בעט.

אַ לייכטער שמייכל רירט אָן אירע ליפּן, גרינג, ווי אַ פייגעלע און זי טראַכט ווייטער.

זי געדענקט: דער פאָטער אירער, אַ הויכער שייגעץ אין אַ ברוינער „אָבראַניע.״ די מוטער אַ נידעריקע, אַ דיקלאַכע מיט די שיינע העלע האָר, אָבער ווייטער ניש׳ קיין שום באַזונדערן איינדרוק... קומט דער טאַטע אַמאָל פון גאַס. זונטאָג האָט עס געמוזט זיין... געכאַפּט אַ גלאָז בראָנפן, אָדער ביר... — קומט

ער אַריין אין שטוב אַ פריילאַכער, וואַרפט אַוועק דאָס היטל און כאַפּט אַרום דאָס ווייב:

— מאַטקאַ! — אַזוי פלעגט ער זי רופן, אַז ר'איז געווען אין גוטן הומאָר — מאַטקאַ! די סטעפּאַנאָוואַ האָט דאָך געבוירן אַ ייִנג — הערסט! אַ ייִנג מיט ביינער! כאַ, כאַ, כאַ...

און אַזוי דעם גאַנצן אָוונט: מאַטקאַ און מאַטקאַ... ביז ווי האָבן זיך געלייגט שלאָפן און אויסגעלאָשן דעם גאַז, און אַפילו דערנאָך נאָך אויך...

און די מוטער: זי ליגט אויף אַ טיש, אָנגעטון אין אַ ווייס קלייד... אַרום שטייען וועקסענע לעכט... מע' לייגט זי אין אַ טרומנע אַריין... מ'קלאַפּט צו די דעק... אַ שטיק וועג געווען צום „צמענטאַרזש..." אַ לאַנגער וועג...

און איצט פאַרשווינד אויך נישט דער שמייכל פון איר פּנים, נאָר ער ווערט טיפער... און נאָר גרינגער...

# דריטע קאַפּיטל.

מענדל איז אַראָפּ פון בעט. פראָבירט ער צו שטעלן אַ פיס, נאָר באַם צווייטן טריט שוין מוז ער זיך אָנלענען אָן איר. לאַכט זי און זאָגט צו'ן אים:

— זעסטו, ביסט דאָך אַ גבור. און איך וואָלט דיך געקאָנט אויסהרגענען.

— טאָ הרגע! — זאָגט ער. און ער וואָלט געוואָלט זי זאָל אים שלאָגן. אין זיך, פילט ער, ווי די כחות קומען צו. און ס'ווערט אים בעסער מיט יעדע רגע. שפּרייט ער אויס די

זהאַנט, נעמט זי אַרום און הייבט זי אויף. רייסט זי זיך אַרויס, שפּרינגט אַראָפּ אויף דער פּאָדלאָגע און דראָט אים מיט אַ פינגער.

— „פּאַמיענטיי !.. — און גיט צו מיט באַווינדערונג — אַליע׳זש טי מאָצני!״

זעצט מען זיך אַוועק און מ׳נעמט רעדן פון גאַנץ באַקאַנטע זאַכן. מ׳פּאַרציילט זיך מעשיות איבער שמוגל און מ׳לאַכט איבער פאַרשידענע אייגנצלהייטן. אינעווייניג אָבער, אין זיך, קומט פאָר עפּעס אַנדערש. עפּעס אַ געהיימע זאַך האַלט זיך באַ זיי אין וועבן. וועבט עס זיך שטיל באַטאָג און באַנאַכט; אין שלאָף און אין וואַך. נאָר קיינער פון זיי ווייסט עס נישט; קיינער פאַרשטייט עס נישט. זיי ווייסן בלויז, אַז זיי האָבן ליב צו קוקן איינס אויפס אַנדערע און אַז ס׳טראַכט זיך צווישן ביידע דערפון, ווען ער וועט אינגאַנצן שוין זיין געזונט; ווי מ׳עט דאָס אַרומלויפן און אַרומבראָיען צוזאַמען...

אַ פּאָר טעג שפּעטער, מענדל פּילט זיך זייער גוט, גייט מען אַראָפּ פון שטוב. אין דרויסן איז אַ שיינער ווינטער-טאָג. גייט מען אַרויס אויף די אייזנגאַס און דאָרט קוקט דאָס אַלץ אַרום און אַרום מענדלען אויס, ווי ניי. די געוועלבער, די גאַסן, די באַשנייעטע שטיינער, אַלץ — אַלץ קריגט באַ׳ן אים אַן אַנדער פּנים. זעט ער, ווי יינגלאַך וואַרפן זיך מיט שניי און די נעזלאַך זענען באַ זיי רויט — לאַכט ער און זאָגט פריילאַך:

— זעסטו, נאַטשע, דאָס איז געזונט...

און אין פּנים קומט אים אַנטקייגן אַ גראָבע גויע מיט אַ פּאַריסענער נאָז. דערמאָנט זי אים אָן פּיפּקעס מאַטעיכע, פרעגט ער:

— זי קוקט נישט אויס, אַזוי ווי מאַטעיכע?

— נאַ פראַוודע׳, נאַ פראַוודע! — ענטוועט זי פלינק און אים טוט עס אַ הנאה, וואָס ער האָט געקאָנט אַזוי גוט צוטרעפן...

אַ פּאָר טויערן פּזרן זאַיאַזד בלייבט ער שטיין. אין הויף

אַריין וויל ער נישט אַריינגיין... ער וויל ניש׳... עס ציט אים אָבער שטאַרק, אַקוק טאָטש צו געבן, זעען דעם הויף, די שטיינער, די פירן, — זאָל זיין פּרעמדע... און ער קאָן נישט באַשטי׳ן דעם נסיון... גייען זיי אַריבער דעם אַנדערן טרעטואַר און, אַ דורכגייענדיק, לאָזט ער נישט אַראָפּ די אויגן פון אָפּע־נעם הויף. ער זעט פירן מיט שטראַכייטן און די װענטלאַך, — דאָס זענען סאָכאַטשאָווער...; די אַנדערע מיט דעכער און פּענצטערלאַך — זענען קאַלישער און ראָדעמער אַמניבוסן...

— אָ, אָ, — ציט ער אָפּ דעם אָטעם מיט אַ פולער ברוסט — נו, מאָרגן פאָרט מע׳ שוין אַהיים!

און ער וואָלט שטאַרק געוואָלט אַריינגיין אין הויף: אָנ־רירן אַ פור, אַ טאַפּ טון אַ פערד, זעען, אפשר איז דאָ ווער פון זיין שטאָט, אָבער גאָלקעפּל גייט אים נישט אַראָפּ פון זינען און ער טראַכט זיך:

— „די ווינער כאָלערע זאָל אים שוין טרעפן!.. אַ ברע־נונג אין זיינע געדערים אַריין!..”

באַם ראָג. ווען זיי נעמען זיך אַריינדרייען אין אַן אַנ־דערע גאַס — דערזעען זיי אַ שטופּ־וועגעלע שטיין אָנגעלייגט פול מיט קאַרטאָפּלעס. אין וועגעלע איז איינגעשפּאַנט אַ יינג אין אַ מאַרינאַרקע, וואָס גרייכט ביז צו די זייטן און אַ פּאָר הויזן טראָגט ער, זעט מען אים אַרויס דאָס לייב. נעבן וועגאַ־לע שטייט אַן עלטערער ייד אין אַ טוכן היטל. דער ייד רעדט עפּעס צו׳ן אים, אָבער זיי הערן נישט, וואָס ער וויל, נאָר דעם צווייטנס קול דערגרייכט צו זיי יאָ, ענטווערנדיק צוויי־מאָל:

— כ׳על נישט פאָרן ווייטער, כ׳על ניש׳ פאָרן!

קוקט זיך דער ייד אַרום, פונקט ווי ער וואָלט געזוכט עמיצן און דערזעענדיק עטלאַכע טויערן ווייטער איינעם אין אַ קורץ פוטערל, אין אַ „מאַטשעיוווקע,” און אין געלע כאָלעוואַ־לעך, מאַכט ער צו אים צייכנס און רופט אים צו.

— זעסט, לייביש, — זאָגט ער — כ׳אָב באַדינגען דאָס וועגעלע, ער זאָל מיר צופירן די קאַרטאָפּלעס, האָט ער זיך



....,,וואו בין איך? און וואָס טוט זיך דאָ?"

אָפּגעשטעלט און וויל ווייטער נישט גייז.

נעמט זיך גאָלד דער לייביש צום ייִנג.

— וואָס איז׳ דעס? האַ? וואָס פאַרכטע ניש?

— וואָס האָט ער צו געגאַרן — זאָגט דער ייִנג — ער האָט געזאָגט, אַז דאָס הויז איז אַ נומער אַכט און פּיפּציק, צום סוף איז עס גאָר אַכט און פּיפּציק — אַ; איז עס אויף יענער זייט גאַס.

— פו-אָר! — רופט אויס לייביש. און אַז דער ייִנג שטייט ווייטער — דו ווייסט ווער איך בין? דאָ פון דעם ראָג אָן מוזן אַלע מיך האָרכן! פאַרשטייסט?

— האָט ער ניש׳ געדאַרפט צו גענאַרן — האַלט זיך אַלץ יענער באַ זיינס.

— מאַטעש! קום נאָר אַ-הע-אָר!

און ווען מאַטעש, וואָס שטייט קייגנאיבער און אויך מיט אַ ויעגעלע, קומט צו, נעמט לייביש אַראָפּ די לייטש פון ערשטן ייִנג און טוט זי אָן מאַטעשן.

— איצט ׳עסטע שוין פאָרן?

און אַז יענער שטייט, ווי אַ שטומער, וואַרפט ער אים אַריין דאָס „בינטל פינגער” אין די אויגן אַריין; — נאַ-דאָר די לייטש!..

און ער נעמט אַראָפּ דעם שטריק פון מאַטעשס אַקסל און שפּאַנט צריק איין דעם ערשטן:

— ווייסט ווער דער ייִד איז? אים ווילסטו ניש׳ פירן? וואָס מיינסטע ער׳ט זיך שטעלן אויף אַ פואָר פעניג?

פאַרהוסט זיך אַזש דער ייִנג און פינטלט מיט די אויגן, וואָס זענען אים אַזש געוואָרן רויט, ווי אַ פייער. ער שטייט און רעדט קאָ׳ן וואָרט נישט.

— איר הע-אָרט, רב מנשה? ר׳זאָלט אים קאַ גראָשן נישט געבן! איך ׳על אים שוין באַצעלן! איר הע-אָרט! — און צום ייִנג — ווייסטע שוין ווער דאָס איז? רעב מנשה, וואָס אַלע תלמוד תורהס קענען אים! גיי נימער אַכט און דרייסיק

און פרעג אויף רעב מנשהן. וואָס מיינסטע? ע-אָר 'עט שטיין אויף דיין האַלבן מאַרק?

אַזוי רעדט ער, דער לייביש, ווייל ער פילט זיך אַ ביסל שולדיק קייגן דעם יינג, וואָלט יענער עפּעס געענטפערט... גע-שאָלטן... אָדער גלאַט אַזוי... אָבער אַזוי?.. זאָגט ער נאָכאַ-מאָל:

— רב מנשה 'עט נישט שטיין אויף דיין מאַרק. נו, פּאָר!

קוקט אים דער יינג אָן מיט בלוט-פאַרלאָפענע אויגן, קוקט אָן מיט אַ ביסל אויפגעעפנטע ליפּן, אָבער מיט פעסט-פאַרהאַקטע ציין. אויך איצט רעדט ער גאָר נישט, נאָר ער שטעקט אַרויס די פאָדערשטע טייל קערפּער אַזוי ווי אַ פערד, שטויס זיך אָפּ מיט די פיס פון ברוק און דאָס וועגעלע רירט פון אָרט.

אָט די סצענע שפּילט זיך אָפּ פאַר זייערע אויגן און מענדל באַקומט אַ חשק, אין מיטן, בשעת לייביש טוט אַזוי דעם יינג אַ פאַטש אַריין, זיך צו וואַרפן אויף לייבישן און צו שלאָגן. שלאָגן — ביז טויט... ער האַלט זיך אָבער איין און וואַרט אויפן סוף, וואָס וועט דאָ ווערן.

ווען דער יינג מיטן וועגעלע האָט גערירט פון אָרט איז ער צוזאַמען מיט נאַטשן אויך אַוועקגעגאַנגען און אינערווייניק, אין דער ברוסט, האָט ער דערפילט, ווי אַ שווערקייט, אַ נישט פאַרשטענדלאַכע פאַר אים, וואָס האָט זיך אים געלייגט, ווי אַ שטיין. זענען זיי געגאַנגען אַ היים און אין מענדלס ברוסט איז איצט די דאָזיקע שווערקייט אַלץ מער געוואַקסן און זי איז שוין אויף אים געלעגן, ווי אַ גאַנצער באַרג. עס האָט זיך אין אים אויסגעמישט: לייביש מיטן גאָלקאָפּ; דער יינג פון וועגאַלע און ער אַליין... האָט ער אויך פאַרקריצט מיט די ציין, אָבער די שווערקייט איז אַלץ כסדר געוואַקסן און ער האָט נישט געוויסט, אַז דאָס איז דאָס געפיל פון דער-נידעריקטן, און פון אונטערטעניקייט וואָס אַ יינג פילט צו אַ שטאַרקערן פון זיך...

אין שטוב דערלאַנגט אים נאַטשע עפּעס צו עסן. ער זיצט אָבער אַ שווייגנדיקער, קוקט אויף דער שטוב, אויף נאַטשן און זאָגט פּליצלינג:

—מאָרגן פאָר איך שוין אַהיים!

בלייבט זי שטיין אין מיטען שטוב מיט די געפּרעגעלטע אייער אין האַנט און פרעגט מיט אַן אומעטיק קול:

—פילסטו זיך שוין אינגאַנצן געזינט?

—צי כ'בין שוין געזינט? וואָ' פערד!—טוט ער זיך מיט-אַמאָל אַ שטעל-אויף און בלייבט שטיין נישט אַהין, נישט אַהער און ער ווייסט נישט, וואָס צו טון מיט זיך.

באַם עסן פרעגט זי:

— וועסט פאָרן מיט דער פיר?

— ניין — ענטוורט ער — מיט דער קאָליע.

און זיי האָבן מער גאָר נישט, וואָס צו רעדן צווישן זיך. זעצן זיי זיך אַוועק נעבן פענצטער און קוקן אויף די שויבן פון דער קייגנאיבערדיקער אָפּיצינע און זעען, ווי יענע גלאַנצן מיט אַ פייער-קאָליר. און די גלאַנצן טיקן זיך אין די שויבן, פונקט, ווי זיי וואָלטן נישט געווען קיין פלאַכע זאַך, נאָר עפּעס גאָר אַ טיפע, ווי אַ ים.

און פון ערגעץ דערטראָגט זיך אַ געזאַנג: אַ שטילער, טרויריגער ניגון, געזונגען פון אַ דין פרויען-קול. ווערן זיי דורכגעדרונגען פון עפּעס אַ שטילקייט; שפּאַרן זיי אָן די גאָמבעס אויפן פענצטער-ברעטל און נאַטשע נעמט אויך עפּעס ציען אַ ניגון פון אַן אומעטיק, פּויליש קינדער-ליד. בשעתן זינגען, נעמט זי אָן זיין האַנט און גלעט זי, אַזוי שטיל, אַזוי לייכט... ווייסט ער נישט אויב זי איז די אייגענע נאַטשע פון שטענדיק, אָדער אַ נייע איז זי דאָ פאַר אים. אירע בלאָע אויגן, וואָס זענען אַ צינדער פאַרחלומט און פאַרוועבט אין די נישט-באַוויסטע האַרץ-געוועבן, ווייזן אים אויס צו האָבן אין זיך עפּעס אַ זעלכעס, וואָס מאַכט אויף אים דעם אַיינדרוק. ווי ער וואָלט געקוקט אויף אַ פראָסט בעל-ביתיש מיידל, אָדער אויף אַ רביישע טאָכטער... דערמאָנט ער זיך מיט אַמאָל אָן

די אַלע רייד, וואָס זי זאָגט, אַז ער האָט אַלץ אויסגערעדט אין דער קרענק. צוויי וואָכן! צוויי וואָכן איז ער געלעגן אין היץ און זי איז נישט אָפּגעטרעטן פון זיין בעט; געהיטן אים, דערלאַנגט די רעצעפּטן, געטון אַלץ געטריי, ווי אַן אייגענע מאַמע און, אפשר נאָך געטרייער... און עס דאַכט זיך אים אויס, ווי איר פּנים ווערט העלער, ווערט לעכטיקער, כאָטש אין דרויסן פאַלט שוין צו די נאַכט... קיקט ער אויף איר און דער קאָפּ פאַלט אים אַראָפּ אויף די ברוסט און ער ווערט פאַר-טראַכט.

קומען מענדלען אין זכרון אַריין אָוועגטן און נעכט בשעתן שמוגלען. וואַרפן זיך דורך געשטאַלטן פון באַקאַנטע און אומבאַקאַנטע און פון דייטשן. וואָס קומען אָן אין דער פינצטער, נעמען צו, אָדער... אָדער... און באַם געדאַנק נאָר פון די דייטשן ווערט ער אומרויִג און נעמט שאָקלען מיטן קאָפּ: ניין... ניין... ער קאָן איצט גאָר ניש׳ קלערן דערפון... און ער דערשפּירט, ווי ס׳טוט אים וויי באַם שייטל... „אפשר איז זי גערעכט—טראַכט ער—און איך בין נאָך קראַנק?.." באַ-פאַלט אים אַ בייזקייט און ער וואָלט איצט געקאָנט זידלען און שעלטן די גאַנצע וועלט...

— מענדל — הערט ער פליצלינק איר קול, — ווייסטו? פאָרט מע׳ שוין מאָרגן אַ היים? טאָ קום, לאָ׳ מע׳ גיין אין איליזיאָן אַריין.

דערפרייט ער זיך. יאָ, אין איליזיאָן אַריין. ער האָט שוין לאַנג געוואָלט גיין. מע׳ דערציילט, אַז דאָרט זעט מען שיינע זאַכן. טוען זיי זיך אָן די אויבערשטע מלבושים און זי דערלייגט קוילן אין קעך אַריין, עס זאָל זיין וואַרעם אין שטיב בשעת זיי וועלן צוריקקומען.

באַ דער טיר בלייבט ער שטיין. די שווערקייט פון באַ-טאָג איז אינגאַנצן ערגעץ פאַרשווינדן און אויף איר אָרט פילט איצט, ווי אַ פרייד אויס זיין ברוסט, צוזאַמען מיט אַזאַ גיטסקייט... ניין... ער מוז איר איצט עפּעס זאָגן!.. זי האָט גע-וואַכט באַ זיין בעט צוויי וואָכן — גאַנצע צוויי וואָכן!...

— נאַטשע — זאָגט ער און ווערט רויט און באַ די אי-בעריקע ווערטער ,,טאַמעלט" ער שוין — ,,אַ-ליע-זש-טי דאָברא דושעווטשינאַ !.."

האָט זי געמיינט: ווער ווייסט, וואָס ער וויל דאָס זאָגן! אָבער הערנדיק זיינע ווערטער און נאָכמער, דער טאָן, ווי ער שטאַמעלט זיי אַרויס. ווערט זי אויך שטאַרק דערפרייט, שטעלט זי זיך אויף די שפּיץ נעגל, נעמט אים אַרום און קושט אים איןביידע באַקן.

—,,מענדעל! אַ ט'יש דאָברי כלאָפּעק!.."

צעלאַכן זיך איצט ביידע און זיי לויפן אַראָפּ פון די שטן און גייען געאַרעמט אַרויס אויף די גאַס.

אויף דער גאַס איז נישט קאַלט, ווימעלט עס פון שיקזעס און שגצים. די שיקזעס דערקענען זי, ווילן זיי צוגיין עפּעס פרעגן. און די שגצים ווילן אויך עפּעס... אָבער דער פרעמדער האַלט זיי צריק...

— זי גייט איצט מיט אירן... — זאָגן זיי איינער צום צווייטן.

---

# פערטע קאַפּיטל.

אַ פּאָר טריט פון זייער געסל איז דער אילוזיאָן. דאָרט שטעלן זיי זיך אָפּ פאַר די פאַרשידענע בילדער, וואָס זענען אויסגעהאָנגען איבער די ווענט. נאַטשע קויפט צוויי בילעטן באַ דער קאַסע און זיי זעצן זיך אַריין אין דער גרויסער, דעמפּיקער שטוב, וואו מענדלס בליק ווערט באַלד אָנגעשלאָסן אין דער לייווענט, אויף וועלכער עס ווערט געוויזן אַ בילד,

ווי צומיינסט אין אַ זעלכע אילוזיאָנען. אַ בילד, וואָס ווימעלט פון נקבות, וועלכע רייכערן זיצנדיק אין אַ שענק און „אַפּאַשן," וואָס קומען פליצלינק אַריין און טון אויך אַזאַ פליצלונקען כאַפּ די נקבות און מ׳נעמט צו טאַנצן און צו ברעכן זיך און מ׳ווייזט דאַבאַ אַרויס פאַרשידענע טיילן פון קערפּער. דאָס ווירקט אַזוי אויף די דאָרטיקע געסט, אַז יינגען נעמען זיך פעסטער צודריקן צו די מיידן און יענע קנייפּן די יינגען די קני און איבער די קני. די לופט ווערט דאָרט הייסער, פאַרסמט פון די אויסגעדעמפּטע אָטעמס און נישט זעלטן הערט זיך אַ קיש פון גאַנץ פליישיקע ליפּן, איבער אַ דיקן שווייסיקן פרויענהאַלדז.

מענדל מיט נאַטשן זיצןביידע און זיי שוויצן מיט מיט אַלע, אָבער ער איז פאַרטון אין די מענטשן, וואָס לויפן און טאַנצן דאָרט אַרום אויף דער פּלאַכטע און ס׳קומט אים פאָר, גאָר ווינדערלאַכע זאַכן טון זיך אָפּ פאַר זיינע אויגן. מענטשן, לעבעדיקע מענטשן, טשאַטעווען ערגעץ אין אַ שטוב... דערנאָך ווידער אין אַ גאָרטן... איצט אַ וואַסער מיט שיפלאַך... ס׳אַ לעבן! ער וויל עפּעס פרעגן באַ נאַטשן, אָבער ער שעמט זיך אַפילו אַ וואָרט גאָר אַרויסצורעדן: טאָמער רעדט ער עפּעס אַ נאַריש-קייט... „כ׳על שוין שטענדיק גיין אין אילוזיאָן". — טראַכט ער אין זיך און ער ווייסט נישט וויאַרום זיינע פינגער באַוועגן זיך שוין אויף איר בלוזקאַלע... ער קוקט אַלץ צו יענע מענטשן און ער איז אַזוי טשעקאַווע „אויב יענערס, מיט די שוואַרצע האָר, ערשטער „קאָכאַנעק," וועט זי נאָך דאָ טרעפן, אין גאָרטן, מיט דעם פּאַצ׳עט אין צילינדער-הוט..." ער קוקט און צו זיין אויער דערגרייכן די ווערטער, וואָס זיינער אַ שכן רעדט צו אַ צווייטן:

— „אַ טאָ קאָביעטאַ, פּשאַקרעוו!"

דרייט ער זיך אויס צו יענעם און זעט, ווי דער, וואָס האָט אַזוי גערעדט, טוט אַ ציפּ אין די פּלייצעס פון אַ שיקזע, וואָס זיצט אין אַ רייע פאָר פאַר זיי, און ווי יענע זיצט ווי-דער פאַרזונקען מיטן פּנים, ווי פריער, נאָר אַ האַנט שטעקט זי-

אַ דורך הונטנאַרום, זוכנדיק אַן אָרט, וואו אָנצונעמען און צריק-צוקנייפּן...

ווערט מענדלען גאָר לעבעדיק און ס׳קומט אים פאָר, אַז ר׳איז איצט צ׳זאַמען מיט די „פּשיאַטשעלעס" זיינע און מ׳לעבט צו אַ ביסל... טוט ער אויך אַ קניפּ נאַטשן, נעמט זי אָן זיינע ביידע הענט און זאָגט אים עפּעס, לאַכנדיק, אין אויער אַריין. פּ׳יצלינג גיט אָבער אַ זעץ אַרויס די מוזיק, וועלכע נעמט איצט קלאַפּן און צימבלען אַזוי, אַז עס זאַפּן אין איר איין, ווי אין אַ שוואָם וואַסער, די אַלע שווייסיקע קישן, מיט די אַלע „דרייסטע" ווערטלאַך פון די געסט. און פון דעם אַלעם, צוזאַמען מיט די פיגורן אויף דער לייוואַנט, בילדעט זיך אויס אַ געהילך פון אַלע ווינקאַלעך אַרויס, געמישט מיט שווייס, תאוה און ברען, וואָס פאַרכאַפּט אַלץ אַרום...

אַרויפקומענדיק אין שטוב אַריין האָט מען זיך ווידער גענעמען עפּעס צו עסן, און מענדל האָט כסדר ג׳רעדט פון די בילדער, וואָס ער האָט געזעען. „ר׳עט נאָר דערציילן פאַר די „קאָלעגעס" וועלן שוין אַלע גייען אין אילוזיאָן אַריין!.."

זי אָבער זאָגט אים, אַז דאָס בילד, וואָס זיי האָבן היינט געזעען איז נאָך גאָר ניש׳... אָט אַ שטייגער ער וואָלט געוועזן אויף „זיגאָמאַר," אָדער אויף „זאָשקאַ זלאָטאַ ראָנצשקאַ," וואָלט ער ערשט געוויסט, וואָס עס הייסט אַן אילוזיאָן... ער אָבער קאָן נישט פאַרשטיין, ווי זי קאָן עס גאָר זאָגן אַזוי אויף דעם: „גאָר ניש׳!.." וואָס הייסט? אָט דער אַפּאַשע, ווי ר׳אָט געטון אַ נעם די נקבה זיינע, אָט אַזוי אַ רימעט! און ער נעמט בשעת מעשה אָן דאָס שיקסל און זי לאַכט און פאַרקייכט זיך שיר פון געלעכטער...

„אָט אַ „כוואָראָבע" אין זייערע ביינער אַריין!..—טראַכט ער זיך — „אָט דאָס הייסט יינגען און אָט דאָס הייסט נקבות! אַ זיץ, אַ גיי, אַ שטיי!..."

זי ווידער, טראַכט, קוקנדיק אויף אים:

„אַך, יעזו! טאָ יעסט כלאָפּ!.." — און זאָגן זאָגט זי צו אים:

—מאָרגן פאָרסטו אַ היים, דאַרפסטו זיך לייגן שלאָפן!

—און דו אויך.—ענטווערט ער און נעמט זיך טאַקי שוין אויסטון.

מאַכט זי אַ ביסל אָרדינונג אין שטוב, וואַשט אָפּ די געפעסן, שטעלט זיי אַוועק. דערנאָך בעט זי אויס דאָס בעט פאַר זיך און דרייט אַראָפּ דאָס לעמפל. אויסגעטון די בלוזקע, בלייבט זי אַזוי אַ מינוט, האַלטנדיק זי אויף דער האַנט. אין שטוב איז גוט וואַרעם, גלעט זי אַן אָנגענעמע וואַרעמקייט און צערטעלט איר די נאַקעטע הענט און דעם האַלדז. זי שטייט אַזוי אַרומגענומען אינגאַנצן פון עפעס אַ ווייכן תעניג און אַ גליסטיגונג דערפילט זי צו וואַשן זיך דאָס לייב. דרייט זי צריק אַרויף דאָס לעמפל, גייט צו צום קראַן, זוכט אויס אַ שטיקל זייף און גרייט זיך אָן דערנעבן דאָס האַנטוך מיטן קאָלירטן קאָפּ-טיכל.

זעט מענדל, ווי זי וואַשט זיך, ווערט אים מיטאַמאָל אויך חיס, גייט ער אַראָפּ פון בעט, שטעלט זיך אַנידער נעבן דער קעך, פון וואַנען ס׳שלאָגט אויף אים אַ גרויסע היץ און ער זאָגט צו׳ן איר:

— הערסטו, איך ׳על מיך אויך אָפּוואַשן!

דרייט זי זיך אויס פון קראַן און זעט אים שטיין, שרייט זי אויף אים אָן:

— אויף דער פּאָדלאָגע זיך געשטעלט! ׳עכט ׳עך נאָך פאַרקילן! גיי אין בעט אַריין!

איז ער אָבער איינגעשפּאַרט: נאָר און נאָר ער מוז זיך איצט וואַשן. נעמט זי בלויז אויס, ער זאָל זיך וואַשן מיט וואַרעם וואַסער.

איצט ווישט זי זיך אָפּ מיטן האַנטוך, בינדט זיך אַרום די האָר מיטן קאָלירטן טיכל און גיסט אים אָן אַ פולע שיסל הייס וואַסער.

וואַשט ער זיך און ער האָט אַ הנאה פון דעם שפּריצן און פלעסקן זיך. און אַז ער איז פאַרטיק גייט ער צריק צו זיין בעט.

זי שטייט באַם טיש, האַלב-נאַקעט און וואַרט ער זאָל זיך לייגן — דאָס לעמפל אויסצולעשן. שטעלט ער זיך אָפּ נעבן איר און דאָס אילוזיאָן, וואָס האָטן געהאַט אויסגעפולט ביז איצט איז מיטן וואַסער, ווי פאַרשווינדן. שטייט ער אַזוי און קוקט אין בלאַסן לעכט פון איר קערפּער פון וואַנען עס ווייעט אַ פרישע פייכטקייט אויף אים.

דערשפירט ער זיך קלאָר און פריש, נאָך יענעם שווייס, וואָס ער האָט דעם גאַנצן אָוונט אין זיך אייגעאָטעמט. און עס וואַכט אין אים אויף יענץ טראַכטונג, וואָס ער האָט גע-טראַכט פריער, פאַרנאַכט נאָך, זיצנדיק אַזוי באַם פענצטער. שטייט ער אַזוי און זי שטייט אויך אַ פאַרטראַכטע. און דאָס פלעמל פון לעמפל ציקט און ציקט פאַר זייערע אויגן. ווערט אים מיטאַמאָל עפּעס אַזוי נישט באַקוועם... ער שטייט אין די בלויזע העמד-אַרבעל, מוט אַראָפּגעלאָזטע הענט, מיט וועלכע ער ווייסט ערשט נישט, וואָס צו טון... וויל ער רעדן, כאָטש איין וואָרט אויסרעדן, אָבער די ליפּן קאָנען זיך אים נישט אויסלייגן צו דעם... און די פיס קאָן ער נישט רירן אַ טריט צו געבן... הייבט ער זיך אָן צו פילן אַזוי, יוי ער וואָלט גע-שטאַנען אין אַ שטוב פון אַ גאַנץ רייכן מאַן... און גלייך אין שטוב וואָלט געוועזן בלויז פלושענע שטולן, אַ פלושענער טיש... און אויף דער פּאָדלאָגע אַפילו, אַ פלושענער דיוואַן... הייבט אים אָן צו ווערן נישט גוט און ער קאָן שוין נישט שטיין גלייך, הענט און פיס נעמען אים ציטערן. דערשרעקט זי זיך, פירט זי אים געשווינד צו צום בעט, וואו ער לייגט זיך אַריין און זי האַלט אין איין פרעגן:

— וואָס איז דיר? „אַך, מאַטקאַ באָסקאַ!‟ זאָלסט זיך נאָר נישט האָבן פאַרקילט...

דערפילט ער זיך שולדיק קייגן איר, וואָס ער האָט זי נישט געהאָרכט. נאָר אַז זי וויל צוגיין צום לעמפל, פאַרהאַלט ער זי באַ דער האַנט.

— זיץ דאָ אַ ביסל — זאָגט ער.

ענטווערט זי׳

— כ׳אָב נאָר געוואָלט אויסלעשן דאָס לעמפּל. — און זי שטייט אַזוי, נישט אַהין, נישט אַהער.

— טאָ לעש אויס און קום אַהער.

גייט זי צו צום טיש, בייגט זיך אַריבער איבער דעם לעמפּל, טוט אַ בלאָז — און עס ווערט פינצטער.

## פינפטע קאַפּיטל

אַז עס איז פינצטער געוואָרן, האָט עס געטון אַ שווינדל פאַר זיינע אויגן און, אין דער רגע, האָט זיך אים געדאַכט צו זעען בערעקן, יענקל לאַטיטוטניקס זון.

בערעק. ווי קומט אים עפּעס איצטער אויפן געדאַנק בערעק גאָר? בערעק איז אַ משומד. מענדל געדענקט גיט יענע צייט, ווען צוזאַמען מיט נאָך קליינוואַרג, פלעגט ער אים נאָכצולויפן, שטיינדאַלעך אים וואַרפן. יענער אָבער פלעגט צו קוקן מיט אַ זעלכע אויגן, אַז טאָמער האָט זיי אַ קינד געזעען איז עס גלייך אַנטלאָפן...

בערעק איז געווען יענקל לאַטיטוטניקס זון און ער איז עס נאָך ביזן היינטיקן טאָג. אַמאָל ווען מען פלעגט אים נאָך רופן אויף יידיש: בערל, פלעגט ער אָפט אַריינקומען צום גלח, אָפּטראָגנדיק אים אַ פּאָר איינשניטיקע קאַמאַשן נייע און טייל מאָל אויך פאַראָכטענע. אָדער גלאַט אַזוי פלעגט זיך דער גלח מיט אים אָפּשטעלן אַ סאַך מאָל אויף דער גאַס, וואָס ס׳איז געווען נישט קאַ׳ קליינער כבוד, נאָך דערצו פאַר אַ שוסטערס אַ זון... אַזוי פלעגט ער אָפטער צוגיין דאָרטן, און

די געשפּרעכן, וואָס דער גלח האָט מיט אים געפירט איבער דער שוסטערישער אַרבעט, איבער זיינע טאַטע און מאַמע און איבער דער אָרעמקייט, האָט געבּרענגט דערצו, אַז יענער האָט אים איינמאָל געפרעגט, צי ער וואָלט געוואָלט זיין רייך? בערלען האָבּן זיך צעבּלישצעט די אויגן און ער האָט געענט-ווערט, אַז יאָ. דעמאָלט האָט דער גלח געזאָגט:

—בערעק, דו זאָג פּאַר קיינעם גאָרנישט... קאַ׳ וואָרט ניש׳... אַפילו פאַרן טאַטן... איך וועל שוין זעען עפּעס צו טון פאַר דיר...

און ער האָט אים צונויפגעפירט מיט אַ געזונטע דאָרפסשיק-ע, וואָס האָט נעהאַט ירושה אַ פּאָר וולוק פעלד, אַן אייגן הייזל, צוויי פערד און אַ קי. בערל איז געווען פאַרבּליפּט און ער איז אַרומגעגאַנגען אין שטאָט מיט אַ פאַרטראַכטקייט, וואָס האָט אַזש געשימערט פאַר בלאַסקייט. די אָבער, וואָס האָבּן אים אַזוי געזעען, האָבּן געזאָגט:

— אָט דעם שוסטערס ייִנגעל וואַקסט אויף אַ תם!..

דאָס האָט אים אָבער נישט געשאַדט. וואָס איז שייך? דער גלח אַליין רעדט מיט אים אַ זעלכע פּריינטלאַכע ווערטער און זונטאָג, ווען די שיקזע קומט אין קאָשציאָל אַריין, פירט ער ביידע צונויף, בעת מ׳גייט פון געבּעט און לאָזט זיי אַליין איבער אין שטוב. נעמט זי אים אָן בּאַ דער גאָמבּע און לאַכט אַזוי צו׳ן אים. דערנאָך לייגט זי זיין האַנט צו זיך אין בּוזעם אַריין... זי זעצט זיך אויף זיינע קני... אַזוי לאַנג, אַזוי בּרייט ביז ער איז איינמאָל אַריין צום גלח און געזאָגט:

— פּאַניע קשאָנדז! איך וויל מיך שמדן...

און די חתונה זייערע איז פאָרגעקומען אין סאַמע שטאָט... מ׳האָט געקלינגען אויף אַלע גלעקער, מ׳האָט „געדעמפּפט" און דער גלח אין וויסן מאַנטאַלע האָט אַזוי עפּעס געשמייכלט...

דעם חתן מיט דער כלה האָט מען איבּערן בּרייטן מאַרק גע-פירט אין קאָשציאָל אַריין. געסט אויף דער חתונה זענען אָנ-געקומען פון אַלע אַרומיקע הייף. פּריצים האָבּן געשאָנקען

רשה-געשאַנק: פערד, געשפּאַנען, תבואה און זייגערס, ביז בערעק איז געוואָרן אַ רייכער גוי.

באַלד נאָך דער חתונה פלעגט ער זעלטן קומען אין שטאָט אַריין: ר׳האָט זיך זייער געשעמט... שפּעטער אָבער, אַז די שיקזע זיינע האָט געהאַט קינדער און זי האָט ניש׳ גע-קאָנט אַזוי אַרבעטן, ווי פריער, איז די „גאָספּאָדאַרסטוואָ" גע-וואָרן אָפּגעלאָזט. ער אַליין האָט זיך גאָר ווינציק געטויגט צו דעם מין אַרבעט. אַ שטיוול, אַ שוך פאַרענטן, דאָס וואָלט ער געטון מיט פאַרגעניגן! אויפן פעלד אָבער, מיט דער „ווידלע" און „שפּאַדל ?..." האָט ער טאַקי אָנגעהויבן שכורן אין פון דע-מאָלט אָן קומט ער אָפטער אין שטאָט אַריין... ער קומט אַריין צום פאָטער, זיצט אָפּ אַ פּאָר שעה. מ׳דערציילט אַפילו, אַז ער רעדט יידיש און, אַז אַמאָל בשעת ער איז געווען גוט שכור, האָט ער זיך געשוואוירן באַ יעזוסן, אַז ער מוז זיך צריק מגייר זיין...

אָט דער בערעק איז עס פליצלינק געקומען מענדלען אויפן זינען. ווי קומט צו אים אַהער איצט בערעק? וואָס האַט ער מיט אים פאַר? אַזוי האָט מענדל, כאָטש נישט געטראַכט, אָבער גענעט, אין יענעם אויגנבליק, ווען נאַטשע האָט אויסגע-לאָשן דאָס לעמפּל. און איצט, אַז זי איז שוין באַם בעט און זעצט זיך צו אויף דער קאָלדערע, נעמט ער זי גאָר אויס-פרעגן, ווער עס זענען אירע עלטערן געווען און וואו זיי האָבן געוואוינט. דערציילט זי און זי צערעדט זיך גאָר ברייט פון איר אַמאָליקן לעבן; אַז זי איז נאָך אַ קינד געווען; אַז דער פאָטער האָט געאַרבעט אין פאַבריק; ביז זי קומט-צו צו יענעם מאָמענט, ווען סטעפּקע האָט זי גענעמען צו זיך. דאָס, פילט ער, קאָן זי בשום אופן נישט דערציילן. זי טאָר עס אויך ניש׳ דערציילן... איצט חזרט מענדל איבער מעשיות פון זיין היים. עס קומט אים אַפילו אָן שווער אַ גאַנצע מעשה אויף פּויליש, דאָך פאַרשטייט זי, וואָס ער רעדט און זיי זיצן אַזוי אַ היפּש שטיקל צייט רעדנדיק און פאַרציילנדיק.

אין שטוב איז גוט וואַרעם. און דאָס לעבט, וואָס פאַלט

אַריין דורכן פענצטער, פון אַנדערע שטיבן אַרויס, אָדער פון הימעל! פון דער לבנה און שטערן, מישט זיך אויס מיט דער וואַרעמקייט און דאָס מאַכט מענדלען צריק געווינען זיין היימ-לאַכקייט. רעדט ער און אין מיטן רעדן ווערט ער לעבעדי-קער. שפּאַסן זיי שוין איצט און פּאַטשן זיך. נעמט זי אָן זיינס אַן אויער און ציט עס, כאַפּט ער אָן אירס אַ הענטל, שלעפּט עס צו זיך אונטער דער קאָלדערע און נעמט עס אונטערן אָרעם אַרונטער, ווי אין אַ פּרעס, אַזוי, אַז זי מוז זיצן אומגע-לייגט מיט איר פּנים האַרט צו זיין פּנים. קישט ער זי, קישט זי אים אויך און ער ציט שוין איר צווייטע האַנט אויך אַרונטער. רייסט זי זיך פון אים און האַלט דאָס קעפּל אַרויף, בייגנדיק דערמיט אַ הער און אַ הין, אַזוי ווי אַ שלענגל.

דעמאָלט קומט עס מענדלען פּאָר, ווי ער וואָלט ווידער געווען אין איליזיאָן. אַ גרויסע היץ באַהערשט אים און יענער איליזיאָן-ריח גיט אים אַ שלאָג אין נאָז אַריין. דערשפּירט ער זיך מיט אַ מאָל, אַז ס׳איז אים ענג און ער וואָלט געוואָלט אַראָפּוואַרפן פון זיך, אַראָפּרייסן, דאָס, אין וואָס ער איז נאָך אָנגעטון.

נאַטשע פילט זיך אַ צינט גוט, ווי נאָך קיינמאָל נישט. עפּעס שלעפּט איר, עפּעס ציט איר צו׳ן אים און עס מאַכט איר גרויס פאַרגעניגן דאָס ציען זיך און דאָס אָפּהאַלטן... און זי באַקומט אַ חשק צו רייצן זיך מיט דעם שיינעם יינג און סוף כל סוף צו לאָזן זיך מיטרייסן פון אים... זי וואַרפט מיטן קעפּל, מיט די פּיסלאַך, און פון אירע אייגענע באַוועגונגען, ווערט איר אויך אַזוי הייס, ווי אים און זי וואָלט אויך גע-וואָלט אַראָפּוואַרפן פון זיך די קליידער... שטעקט זי צו דאָס מויל צו זיין באַק, נעמט אָן מיט די ציין אַ שטיקל הויט און טוט אים אַ ביס... אַ קליין ביס׳ל פון קליינטשיקע, שאַרפע ציינדלאַך, וואָס טוט נישט אַזוי וויי, נאָר וואָס׳ צערייצט נאָך מער, ווי דער גרעסטער שמערץ... ווערט דער יינג כמעט ווילד,

טוט ער זי אַ הייבּ אין זיינע אָרעמס, אַזוי לייכט, אַזוי גע־שווינד — און ער דערשפּירט אין זיך אַ געוואַלדיקן כּח, וואָס פאַר צופיל שטאַרקייט ווערט ער, ווי אוממעכטיק... נאָר זי שרייט אויס פאַר שמערץ, ווייל ס׳איז איר אויסגעקומען ווי ער וואָלט איר געוועזן די הענט צעבּראָכן. זי איז אָבּער גלייך שטיל געוואָרן און האָט מער גאָר נ׳שט געפּילט, נאָר אים נעבּן זיך... וועגן זיך איז איר דעמאָלט אַליין פאָרגעקומען, ווי וועגן אַ שיקסל, אַ קליין דאָרפס־שיקסל, וואָס ווייסט, אויסער דעם גערטל מיט דער קי, פון גאָר נישט און, וואָס איז אַזוי „טשעקאַוועץ" און אַזוי שעמעוודיק... דאַן האָבּן זיך ביידע אָנ־געקוקט, ווי זיי זענען אַזוי געזעסן און זיי האָבּן אויפגעצי־טערט.

לאָזט ער אירע הענט פון די אָרעמס אַרויס און זאָגט מיט אַ שטיל קול:

—ס׳איז דיר קאַלט ?

— און זי ענטוועט אויך אַזוי :

— ניין. ס׳איז מיר גאָר ניש׳ קאַלט.

איז ווידער שטיל. דאַכט זיך צריקגעקומען די אָנגע־שטרענקטקייט פון פריר, בּאַם טיש, נאָכן איינוואַשן זיך. מענדלען קומט ווידער אויפן זכרון דער געשמדטער בּערעק און ער פרעגט זיך פליצלינק אין זיין אייגענער מחשבה :

„און, ווי איז אַ שטייגער, אַז איך וואָלט מיך אויך גע־ווען געשמדט ?"

אָבּער ער קאָן קיין ענטווער נישט געפונען אויף דעם טראַכטן. עס קומט אים אויס, אַז דאָס וואָלט געווען עפּעס אַ מוראדיקע זאַך, אַ סך מוראדיקער, ווי די קרענק, וואָס ער האָט געקרענקט... און בּאַם דערמאָנען זיך אָן דער קרענק זיינער, דערשפּירט ער, ווי דער קאָפּ טוט אים נאָך ווײ... עס דאַכט זיך אים, אַז איצט נאָכמער, נאָך שטאַרקער, ווי בּיז אַהער. לייגט ער זיך אים אויפן קישן און פאַרמאַכט די אויגן.

דאָ דערמאָנט זיך אים דער גאַנצער פאַל : ווי ער איז אַריינגעפאַרן אין זאַיאַזד אַריין ; ווי ר׳האָט געקריגן דעם פּאַטש ;

זוי ר'איז אומגעפאַלן. און דערנאָך ווען ער איז אויפגעקומען פון לאַנגען און מאַטערדיקן שלאָף... שטעלט זיך אים פאַר יע-נאַ מינוט, ווען ער האָט געשפירט אַזאַ צאַרטעס גלעטן.. ווען זי' איז געשטאַנען איבערגעבויגן איבער אים... ווערט אים ווי-דער גוט. ער שפירט שוין איצט מער ניש' דעם שמערץ. דער קאָפּ איז אים שוין איצט, ווי פאַר דער קרענק, נאָך בעסער, ווי פאַר דער קרענק... עס טוט אים גאָר גיש' וויי... און עס איז אים אַזוי לייכט, לייכט...

— אפשר 'עסטו זיך לייגן שלאָפן? — אַזוי פרעגט ער און ער וואָלט געגערן זי זאָל ענטווערן יאָ, — און ניין. עפּעס ווייסט ער נישט, וואָס עס איז מיט אים די לעצ-טע פאָר טעג. אָט אַ שטייגער ווען דאָ זאָל זיין פּייפּקע— וואָלט ער דאָך אין די פּויסטן צרייין געלאַכט פון אים! — וואָס איז ער — אַ חסיד?.. אַ בית המדרשניק?..

— און דו פאַרוואָס שלאָפסטו ניש'?

— ווייל מיך שלעפערט ניש'.

— און איך בין שוין אַזוי צוגעוואוינט צו וואַרטן, ביז דו שלאָפסט איין, אַז איך קאָן גאָר קאַ'ן אויג נישט צו-מאַכן, אַז דו ביסט אויף.

— פון ווען אָן ביסטו עס אַזוי צוגעוואוינט?

— וואָס הייסט: פון ווען אָן? צום ערשטן זענען דאָך עפּעס צוויי וואָכן געווען, וואָס איך האָב גאָרניש געקלערט צו מאָל פון שלאָפן.

זי זאָגט דאָס מיט אַ גאַנץ פשוטקייט, אָן שום אָנצו-הערענישן, אַז זי האָט עפּעס געטון פאַר אים. און ער נעמט עס אויך אָן אַזוי פשוט. דאָך ווערט ער דורכגעדרינ-גען פון אַ גרויסע דאַנקבאַרקייט צו'ן איר. אַ דאַנקבאַרקייט, וועלכע ער האָט אָנגעהויבן צו פילן, באַלד פון דער ער-שטער מינוט אָן, ווען ער האָט פון דער קרענק אויפגע-וואַכט.

— נאַטשע — זאָגט ער — ווייסט, איך בין געלעגן קראַנק און דו האָסט מיך געהיטן. כ'ווייס ניש'.. עפּעס... הערסט?—

און מיטאַמאָל – כ'האָב דיך ליב!...

הערט זי אים אַזוי און די לעצטע ווערטער זיינע קומען איר פאָר אַזוי, ווי זי פּלעגט זיי הערן אין „יענע" צייט, כמעט פון אַ צענדליק מיילער איבערן מעת לעת... אַלע פּלעגן זיי צו'ן איר זאָגן: „קאָכאַם." און איצטער ערשט קומט איר אויס צו שפּירן יענעם געוואַלדיקן געשטאַנק פון טאַבאַק און פון שווייס... זי הייבט ערשט איצט אָן צו שפּירן עפּעס ברודיקייט, געוואַלדיקע שמוציקייט ... דאָך גייט בײַ איר ביסלעכווייז אויף, ווי אַ לעכט פון זיינע ווערטער... דאָס זעלבע „עכט, ווי בשעת זי איז געזעסן איבער זיין קראַנקען־בעט און זיך דערמאָנט אָן יענע ווייטע, אין זכרון פאַר־ווערבטע, קינדער יאָרן... דערפילט זי זיך שולדיק קייגן אים— אַזוי שולדיק ... וואָלט זי געוואָלט, ער זאָל זי שלאָגן, גוט, גוט שלאָגן... הייבט זי אָן צו רעדן מיט אַ זעלכע ווערטער, וואָס קומען איר פאָר, ווי די בייטשן מיט וועלכע זי וואָלט זיך אַליין געוואָלט שלאָגן...

— מענדל — זאָגט זי — דו ווייסט, אין דער שטוב האָבן געוואוינט מיין מומע, סטאַשע און איך... אַז מיין מאַמע איז געשטאָרבן בין איך באַלד אַרויף דאָ אַהער... איך בין דע־מאָלט געווען הונגעריק, אַזוי הונגעריק, אַז אויפן וועג גיי־ענדיק האָב איך נאָר געקוקט צו אַלע שויבן, וואו ס'איז געשטאַנען עסנוואַרג... דאָ, אין שטוב, זענען דעמאָלס געווען אַ פּאָר יינגע לייט און איינער אַן עלטערער אָפיציר. דאָ זע־נען זיי געזעסן און אויפן טיש איז געשטאַנען בראָנפן און ביר. חל'קעס זענען געלעגן אַ פּאָר פינט און שינקע... און דאָ איז געווען אַזוי וואַרעם... און אַזוי גוט... אַך, אַך!...— זאָגט זי, ווי מיט אַן אַנדער קול און שטעקט זיך אַריין די פינגער אין די אויגן. נעמען פאַר זיי גייען רויטע רינגען און פייערדיקע קיילעכלאַך טאַנצן פון אַלע זייטן, ווי פליצ־לינק שפּרינגט זי אויף פון בעט, קוקנדיק אויף אים מיט אירע ב'אָע אויגן, אָבער מיט אַ זעלכע אַרויפגעריסענע ב'ע־מען צום שטערן, אַז אַפילו בײַ דעם שוואַכן זעען זיי אין

דער פינצטער, האָבן זיי אַ מורא אָנגעוואָרפֿן, און זי שרייט כמעט אויס, ווייזנדיק מיט אַ פֿינגער פֿאַר זיך:

— זעסט?.. אין יענעם בעט.. מיטן אַלטן אָפּ־ציר!..

און מענדל הערט און אים ווערט פון אירע שטעכיקע ווערטער, וואָס אַמאָל ווייכער אויפן האַרץ... און עס צוגיסט זיך אין אים אַזוי, ווי נאָך קיינמאָל נישט... נעמט ער אָן איר האַנט און אַ גרויס רחמנות באַהערשט אים. עס גליסט זיך אים צו זויינען און ער ווייסט נישט אויף וועמען עס איז אים דאָס רחמנות: אויף איר, אָדער אויף זיך גאָר אַליין... חזרט ער אַזוי צ[?]לץ אינאיינעם, גלעטנדיק זי:

— כ׳האָב דיך ליב, כ׳האָב דיך ליב...

זעט זי, ווי ער נעמט אויף איר דערקלערונג און, אַז ער שלאָגט זי נישט דערפאַר, קומט זי עפּעס אין אַן אויסטער־לישע לאַגע אַריין. גלייבט זי אים ניש׳ זיינע ווערטער, אַז ער ר׳אָט זי ליב... אַ׳ נישט וואָלט ער זי דאָך געשלאָגן דערפאַר... טוליעט זי זיך צו צו׳ן אים: „זאָל שוין זיין מיט איר, וואָס עס וויל... זי איז שוין סיי ווי סיי אַ פאַרפאַלענע..." און זי באַקומט אַ חשק, אַז ער זאָל זי נעמען, ווי „יענע..." רעדן צו׳ן איר מיט ווערטער פראָסטע, וואָס ס׳זאָל פון זיי שטינקען דער טאַבאַק מיטן שווייס... ווערט אים אויך עפּעס אויסטערליש פון אירע באַוועגונגען, עפּעס אַ זעלכעס איז אים נאָך ניש׳ פאָר־געקומען, צייט ער איז מענדל... עפּעס פילט ער אַזוינס, וואָס איז ענלאַך צו טרערן, צוזאַמען מיט איר טוליען זיך צו׳ן אים און ער דערפילט אַן אויסטערלישע צאַרטקייט צו איר יינגען און צאַרטן קערפער. ער ווייסט, אַז דאָס איז זי, נאַטשע, וואָס האָט געוואַכט גאַנצע צוויי וואָכן איבער זיין בעט, ניש׳ געגעסן, ניש׳ געשלאָפן — מיין טייערע נשמה!.. און עס ווערט אין אים נאָך שטאַרקער די דאַנקבאַרקייט, אין וועלכער ער דערשפירט זיך לויטער און פרישער. אין קאָפּ איז אים איצט, ווי אַ קלאָר, לייכט וואַסערל וואָלט דאָרט רויִג געפלאָסן און ער ווערט איצט געוואָר פון פיל, פיל זאַכן, פון וואָס ער האָט ביז איצט קיין אַנונג נישט געהאַט... און פון דער לייכטקייט,

פילט ער, ווי די טרערן, וואָס האָבּן זיך פריר אַזוי געריס פון זיינע אויגן, נעמען איצט פליסן אייגציקווייז, לאַנג׳אַם און וואַרעם.. און אַזוי גרינג, פונקט ווי אַליין פון זיך... דעמאָלט ציען זיך אים אַליין אוים די הענט און ער נעמט זי אַרום מיט דער אייגענער לייכטיקייט, וואָס ער האָט איצט אַזוי פיל אין זיין קאָפּ און אָפּדריקנדיק אַ הייסן קיש אויף איר פנים, בלייבן זיי ליגן שטיל — שטיל.

מענדלס ווייכקייט איז געווען די, וואָס דער גרעסטער יינג, ווען ער דערשפּירט זי אין זיך, קען ער דעמאָלט נעמען די צאַרטסטע זאַך אין דער האַנט אַריין, די ווייסטע ליליע, אָן שום שאָדן און זי וועט אַרויס פון זיין האַנט אומבאַפלעקט... און אפשר — אפשר נאָך ווייסער, ווי פריר, ווייל זי איז געלייטערט דורך נאָך אַ צווייטער צאַרטקייט...

---

## זעקסטע קאַפּיטל.

אין יענע טעג איז אין שטעטל פּאָרגעקומען אַ נייעס, וואָס האָט אַלע געמאַכט רעדן דערפון. און טאַקי האָט מען נאָך געקענט טרעפן אַפילו אין אַ פּאָר וואָכן אַרום אַ זעלכע, וואָז האָבּן זיך אויפסניי דערמאָנט און ווי אַ פרישע נייס דערציילט:

— האָסט געהערט? פעלטע איז געקומען.

ס׳איז געווען דעמאָלט די צייט, ווען די לופט איז געווען אָנגעזאַפּט מיט פרישע נייעסן; ווען מ׳האָט די צייטונגען געבּאַפּט, ווי מצה-וואַסער און ווי הונגעריקע וועלף זיך געוואָרפן

אויף די שוואַרצע אותיותלאַך; ווען די דייטשן האָבן געזאָלט שליסן מיט רוסלאַנד שלום.

האָבן זיך אַלע שמוגלאַרס און אַלע „מאַכערס” אָפּגעשטעלט, — געמיינט ס'איז שוין אויס מלחמה. „ס'עט שוין גאָר נישט לוינען אפשר צו „מאַכן?..” אפשר 'עט שוין קיינער ניש' קויפן קאַ' שמוגל?..” און מ'קאָן זאָגן, אַז אַ סאַך, גאָר אַ סאַך זענען נישט צופרידן געווען דערפון... אַפילו יצחק יונה, אונזער יצחק יונה, דער שטילער, דער טאַנדייטשניידער, וואָס איז נישט געווען, ווי אַלע טאַנדייטניקעס; ער וואָס רירט זיך נישט אָן אַ ברכהלע, אָן שקעטאַלע טאַבאַק, — איז ער אויך נישט צופרידן געווען, וואָס ס'גייט זיך מאַכן שלום..

וואָס איז דאָס מיט יצחק יונהן? האָט אים אויך אַריינגעכאַפּט אין דער האַנט דער מלחמה-יצר-הרע? אַלע געדענקען נאָך זיין באַשיידנהייט, ווי ער האָט געענטווערט זיין שתּוף:

— יוסף — האָט ער נעזאָגט — ס'טייטש, ווי קאָנסטו גאָר איבער די ליפּין ברענגען? אַ ייד...

טאָ וואָס זשע דען איז מיט איס געוואָרן?

און אפשר האָט ער גאָר געמאַכט אַ פאַרמעג?.. ער אַרבעט, ס'ווייב אַרבעט, די קינדער אַרבעטן, דאָס פאַרדינסט איז ניש' קאַ' קליינס... געלט האָט אַ יצר הרע!..

— אָדער ניין. נישט דאָס. יצחק יונה האָט שוין טאַקי פאַרמאָגט אַן ערך פון אַ צוויי, ביז דריי טויזנד מאַרק, אָבער וואָס איז דאָס היינט „געזונאַטשעט?” אויך געלט?! זאָל ער נאָר פריוון נישט צו אַרבעטן אַ דריי, פיר וואָכן איז שוין נאָכדעם... פונקט, ווי פאַר דער מלחמה מ'זאָל זאָגן:

— ער פאַרמאָגט פיפצן רובל!..

וואָס זשע דען איז ער נישט צופרידן, אַז מ'וועט זיך אויפהערען צו שטעכן און צו שיסן און דאָס וועלטל וועט זיך לעבן בשלום?

האָט ער זיך נישט אָפּגעוואוינט שוין פון געדאַלע. ר'ווייסט שוין נישט ווי איינצופּעדעמען און ווי אויסצופּעדעמען?..

פאַר וואָס זשע אָבער כאַפּט ער זיך טיילמאָל צו מיט אַזאַ מתיקות דערצו, ווען ער דאַרף זיך עפּעס פאַרנייען, פונקט, ווי צו אַ ימים נוראמדיק ניגינדל; ווי צו אַ קאַפּיטל תהילים אין ענדלאַך אויך, ווי אַ נאַר-וואָס אַנטוואוינט קינד, צריק צו דער מוטערס ברוסט? אַפילו די יינגען זיינע און דער טאָכטער מיט די רויטע פּאָמפּאָניקלאַך גייט ניש׳ אַראָפּ פון זינען יענע צייט, ווען די שטוב איז געווען פול מיט געזאַנג, די מאַשינען האָבן געגרעגערט און מ׳אָט געאַרבעט פריי, אין מיטן העלן טאָג, פאַר אַלעם אין ד׳אויגן...

אָבער אַזוי איז שוין. אַזוי האָט געטראָפן מיט יצחק יונהן און מיט אַ סאַך יצחק יונהס. זיי ווייסן אַליין ניש׳ פאַר וואָס — נאָר עפּעס האָבן זיי זיך אַזוי איינגעלעבט מיטן „גע-קאָכטן" גראָשן, אַז ער באַקומט בּאַ זיי דעם טויזענטסטן חן... באַנאַכט, אין דער פינצטער אַרבעט מען... דער בראָנפין קאַ-פּעט דורכן קיל-רערל טראָפּנסווייז... קראָפּלעווייז... און יעדע מינוט ביזטו איינגעשטעלט... נאָר דערפאַר, אַז ס׳ווערט פאַר-טיק — ביסטו אַ „מענטש..." טוט מען אַ פאַרקויף און יעדער גראָשן איז, ווי געפינען... עפּעס דורך אַ נס איז ער דיר אַריינ-געפלויגן אין קעשענע... און דאַדורך האָט ער אַזוי דעם טוי-זענטסטן חן...

ווייכן די אַלע יצחק יונהס, מען זאָל זיי אַפילו געבן „די גרעסטע גליקן אין דער וועלט", אַלע פרנסה׳ס, וואָס זענען ניש׳ „טריפה..."

—„אַ כפרה דער כשרער גראָשן פאַרן „טריפענעם" ריבל!.."

און מ׳ווייסט טאַקי נישט, ווי אַזוי מען וואָלט שוין גע-קאָנט לעבן דעראָן, אָן אַ קעסאַלע הונטער דר׳ערד... אַפילו, ווען די מלחמה הערט אויף! —

היינט-זשע, אַז מ׳האָט אינדערפרי אַ קיק געגעבן אויפן מאַרק אַרויף און דערזעען עפּעס אַ פּאָן ווייען און, אַז מ׳האָט זיך געפרעגט, וואָס דאָס איז האָט מען געזאָגט: אונטערהאַנד-לונגען מיט רוסלאַנד... אויך גרויסע פּאַפּירענע פלאַקאַטן אויפן געקלעבט אויף די ווענט — לכבוד דעם. און דאָ נאָך דייטשלאַך

שטייען אין רעדלאַך, רייכערן פּיפּקעס און שמיסן אודות דעם דאָזיקן טאַקי... און די פּנימער זענען שטאָלץ און פּיל מיט זיעג:

„רוסלאַנד—קאַפּוט!..“ קאָן מען זיך פאָרשטעלן, ווי אַזוי „שמוגלאַרס“ און „מאַכערס“ האָבן אָנגעהויבן אויסצוזעען בלאָ אונטער די אויגן...

און מען דערציילט, אַז אין דער גרויסער שטאָט, אין וואַרשע, גייען אַ סאַך, אַ גאַנץ סאַך, אַרום אַזוי בלאָ... ס׳רעדל טוישט זיך: אין אָנהויב מלחמה זענען אַנדערע אַרומגעגאַנגען אַזוי בלאָ... די, וואָס וואוינען אין די קעלערן, די, וואָס, אַז ס׳איז געקומען ווינטער האָבן זיי ניש׳ געהאַט קיין מלבוש, קיין קאָלדערע; און גלאַט אַזוי היימלאָזע, וואָס האָבן זיך געוואַלגערט אין די גאַסן און דער פראָסט האָט אַלע ווייען און אַלע געשרייען איינגעשטילט און פאַרגליווערט און ס׳איז געוואָרן אַ שטילקייט גלייך, ווי צווישן די פאַרגליווערטע פליגן אין אַ הערבסט און אַלץ האָט זיך איינגעקורטשעט און איינגעדרייט און איינגעדרענגט אין זיין אייגענער פאַרגליווערטקייט, אַז נישט איינמאָל איז געוועסן אַ מענטש אויפן טרעטואַר און מ׳האָט נישט געקאָנט דערקאָנען, וועלכעס איז מער פאַרגליווערט, צי דער טרעטואַר, צי די דאָזיגע קופּע... און אויך די גליקלאַכערע פון צווישן זיי האָבן די גאַסן פאַרשריגן מיט זייער סחורה: מיט די קאַרטאָפלאַנע באָבעס... און כדי די סחורה זאָל נישט קאַלט ווערן, געוואַרעמט זי אין ביזעם מיט זייער ברוסט און מיט דער וואַרעמקייט פון זייער לייב — און נישט איינער איז אומגעפאַלן (נישט פליצלינג!..) און געבליבן ליגן, ווייל ס׳איז שוין אויסגעגאַנגען דאָס לעצטע ביסל וואַרעמקייט אין קערפּער...

און ווען ס׳איז פינצטער געוואָרן זענען ווידער מיידלאַך און ווייבלאַך און אפשר אַמאָל אויך — אַלטע ווייבער... אַרויס אין די טונקל-באַלויכטענע, אָדער אין גאַנץ פינצטערע גאַסן און — האָבן ווידער „געהאַנדעלט“ מיט אַנדערע סחורות...

אַזוי איז געווען אין אַ:הויב מלחמה מיט די, וואָס האָבן געוואוינט אין די קעלערן.— איצט אָבער האָט מען געמיינט, אַז אָט שוין.., ס׳איז שוין געקומען די צייט פון „שמוגלאַרס״ און „מאַכערס״ איצט איז זייער רייע... און די פון די קעלערן, ווער ס׳איז געבליבן לעבן, וועט ער קאָנען אַרויסקריכן צו- „תחית-המתים״ און וואַרעמען זיך די געשטאָרבענע ביינער אַנט- קייגן דער זון... איז טאַקי געוואָרן אַן אומרויקייט... עפּעס סמנים פון „תחית-המתים״ האָבן זיך אָנגעהויבן צו ווייזן... גרעזלאַך, וואָס זענען אַריינגעשלאָגן צווישן די שפּאַרעס פון די ווענט און זענען שוין לאַנג דאָרט אָפּגעשטאָרבן, האָט מען געגעמען מורא קריגן, ווען צריק אָנהייבן אויפצושפּראָצן... האָבן זיך קיפּקאַלעך, קיפּקאַלעך אויפן שטאָטס-מאַרק אָנגעהויבן צו זאַמלען, אַפילו קרעמאַרלעך מיט פאַרשפּיצטע בערדלאַך און ס׳איז געוואָרן דאָרט אַ „בית-המדרש הינטערן אויוון״ פאַר היי- סע, „זייער הייסע״ פּאָליטיק... יעדער איז זיך גאָר עפּעס אַנ- דערש משער און יעדער האָט גאָר אַן אַנדערע „סברה...״

— „ס׳איז אַ סברה — אַזוי און אַ סברה — אַזוי...״

און אָט דעמאָלט אין יענער צייט האָט עס דאָס נייס פּאַסירט :—פּעלטע איז געקומען צו פאָרן פון רוסלאַנד !..

---

## זיבעטע קאַפּיטל.

געקומען איז ער מיט אַן אָדעסער נקבה, וואָס האָט גע- טראָגן גאָלדענע רינגען אויף אַלע פינגער. געווען איז זי אַ הויכע — כּמעט ווי ער. האָר מיט אויגן שוואַרצע, ווי

דאָס שוואַרצסטע שטיק קול. נאָר לעטשלאַך האָט זי געטראָגן געלע מיט ווייסע נאָסעקלאַך אין דער פאָרם פון אַ לע-קאַכל.

געזען גיין די צוויי פאַרשוינען איז געוואָרן אַ געלייף נאָך זיי פון אַלט און יינג. קליינוואַרק איז געלאָפן פאָרויס און אויף ביידע זייטן פון זיי, אימקערנדיק אַלע ווײַלע די קעגלאַך, ווי הינטלאַך פאַר אַ פערד. עפּעס אַ מאָדנע בריאה האָט געמוזט אויסקומען אין זײַרע אויגן פעלטעס באַגלייטערין: אַ רויטער הוט מיט אַ בלאָער וואָאַלקע פאַרן פנים; אַ ווייס קלייד, כאָטש ס׳איז נאָך גאָר קאַ׳ זומער נישט. און אַ קורץ זשאַקעטאַלע פון גרינער וועליטשקע. אויף אים האָבן עלטערע אפילו נישט באַלד דערקענט:

אַ ברייטער, שוואַרצער הוט מיט אַ האַרטע דענקע און מיט אַ גלאַנציגן דאַשעק; אַ לאַנג מאַנטל פון אַ ראָזע קאָליר מיט אַ גרינעם לאַמפּאַס אַרום לינקען אַרבל; און דער עקר אין פוס, אַ פאַרבויגענער מיט די קני און אַ הילצערנעם „סטאָפּ.״

ערשט, אַז מ׳האָט זיי געזען אַריינגיין צו דאָבע די קצבטע אין שטוב, האָט מען זיך דערמאַנט, אַז דאָס איז פעל-טע.

קאָן מען זיך פאָרשטעלן, אַז דאָבע זאָל האָבן געשוויגן? דערזעען די מכשפה האָט זי, נאָך פאַר „גיט מאָרגען,״ גע-כאַפּט דעם בעזעם, וועלכער שטייט געוויינטלאַך באַ דער טיר, און געוואָרפן זיך אויף יענע, ווי נאָר אַ צורייצטע פרוי קאָן אויף איר מאַנס אַ געליבטע... דאָ אָבער האָט זיך פעל-טע געגעבן צו דערקענען און דאָבע ליגט שוין אין דער אַנדערער שטוב און קוויטשעט און געוואַלטעוועט, אַז וויפיל מענטשן עס זענען שוין געווען אין שטוב, זענען נאָך אַ פּאָל-מאָל אַזוי פיל אָנגעקומען אויף איר קול.

דאָ האָט זיך פעלטע ווידער גענעמען צו מאַכן אין אָר-דינונג. אין איין כהרף עין זענען אַלע אַר יינגעלאָפענע געווען אויף יענער זייט... און אין שטוב. צוזאַמען מיט אים זענען נאָר

געבליבן די „פשיאַטשעלעס״ און זי, די אָדעסערין.

אָפּגעפּטרט זיך מיטן ווייב און מיט אַלע גאַסט-מענטשן, טוט ער אַ נעם די אָדעסערין, ריקט זי אונטער אונטער אַלעמענס נאָז און זאָגט:

— עך זעט די נקבה? דאָס איז מירקע די אָדעסערין; שוין צוויי יאָר וואוינען מיר צוזאַמען. עך זעט די פינגערס? דאָס זענען מירקע דער אָדעסערינס פינגערס; אַלע זענען פון 84-קער גאָלד — טייערע רינגען. עך ווייסט, אַז יעך וואָלט שוין געווען דאָרט, וואו אַלע בהמהלעך זענען, אַז מען מאַכט זיי נאָר אָפּ דעם „כיק-כיק?..״ און ווער האָט מיך אַרויסגעראַטעוועט? זי. מירקע. נאָר — האָט זי געזאָגט — מוזט מיט מיר חתונה האָבן! ניי? האָב יעך ניש׳ באַדאַרפט? וואָס בין יעך אַזאַ שיינער יינג? עך קוקט אָן דעם פּיס? — ער הייבט אויף און אַלע זעען דעם פוס פון ווערלכן עס פעלט דער גאַנצער טריט. — מירקע! יעך פרעג דאָך דעך: בין יעך עפּעס אַ שיינע יינג?..

— יאָ, פעלטע. דו ביסט אַ שיינער יינג! — הערן אַלע צום ערשטן מאָל דער אָדעסערינס קול און ס׳קומט זיי פּאָר, ווי אַ גלאָק, כאָטש אַפּילו אַ ביסל הייזעריקלאַך, — נאָר פּאָרט אַ גלאָק, וואָס האָט די פּאָר ווערטער אויסגעקלינגען; און זי צעלאַכט זיך: קומט עס שוין פאָר, ווי אַ סאַך גלעקעלעך, אויך הייזעריקלאַכע, וואָלטן זיך איבער די שטוב צעקאָלערט.

— ס׳זאָל דיר אַ יינג אין בויך אַריין! — לאַכט אויך פעלטע. און צו זיי: — און אַ טענצערין איז דאָס — איינע אויף אָדעס! אַלע אָפיצירן זענען געקראָכן צו׳ן איר, ווי אונז אַלע פלעג מאַ׳ קריכן צו דער „נאָוואַטשאַנקע..״

דערמאָנט די „נאָוואַטשאַנקע״ — פאַרקוועטשט שוין אַלע די לינקע אייגלאַך... און פינטלען מיט די קעפּ צו פעלטען:

— די ערשטע בראָך האָט דיך געזאָלט טרעפן!..

— און דערנאָך, באַ זיי, באַ די „רויטע״ — ווי מיינט עך? פלעגן זיי ניש׳ „סטראַדאַיען״ נאָך אירן אַ טריט? — אַז אָל קומט אַרייו אַ „רויטער,״ ניש׳ אַנדערש — מיין „קוואַרטיר״

איז אים געפאָלן. לאָז יעך אָבער ניש׳ — נעמט מע׳ זיך סאַר-פּען, ערשט ער דערקענט מיך ניש׳ אַודאי, אַז יעך בין געווען „דאָסטאַוושטשיק״ באַם צאַר!.. ווי עץ קוקט מיך אָן אַ לעבע-דיקן — ווי מיינט עטץ — ווען נישט מירקע, וואו וואָלט איך שוין אַצינד געוועזן ?..

נאָר וואָס פייפקן איז נאָך ליבער, ווי דאָס אַלץ — איז דאָס טאַנצן. יאָ, אַ „זעלכע״ דאַרף צו קענען טאַנצן, אַז די כאָלערע זאָלסטו קריגן קוקנדיק!.. נאָך דאָס איבעריקע גליק פון איר — שטייט ניש׳ פייפקע... וואָס איז ער דאָס „זשענדנע״ אַ —„כ׳ווייס, וואָס ?..״

אַזוי האָט זיך פעלטע באַגריסט מיט זיינע „פשיאַטשע-לעס״ און זי, מירקע, זיצט גאָר אויף אַ שטול מיטן קאָפּ אי-בערן „פאָרענטש״ און די פיס האַלט זי איינעם אויף איין זייט און דעם צווייטן אויף דער אַנדערער זייט. זי זיצט, קוקט אויף די פאַרשוינען, לאַכט איר געלעכטער און ווייזט דאַבאַ אַ מויל מיט גאָלדענע ציין, אַז קוקנדיק, מיינסטו:

— אַ גאָלד-פלאַמענדיק מויל...

און אונזערע פאַרשוינען פרייען זיך אַלע מיט פעלטען. נאָך מער פון אַלע — חיימל קיסר מיט פאַנטלען: די בעסטע גוטע-ברודער! איינס אָן אַנדערן פלעגט קאַ׳ טריט נישט שטעלן. אָבעע פייפקעס פרייד איז אויך נישט אונטערשטעליק, כאָטש אַן אַנדע־ע, ווי חיימלס מיט פאַנטלס — אַן אַנדערע... נישט גאָר די איינגעבאַקנקייט פון אַ מיט יאָרן-צריקנדיקן גוטן-ברודער. דאָך איז עס אַ פריידט...

און דאָס שטעטל האָט צו רעדן און צו רעדן, אַלע גע-שעפטן ווערן איינגעפּאַקט. נישט אַזוי צוליב דעם, וואָס דער שלום דאַרף קומען און ס׳יועט שוין באַלד סיי ווי סיי נישט זיין צו וואָס צו שמוגלען, נאָר ווייל ס׳איז יום-טוב אין שטעטל. פעלטע איז געקומען. ווער שמוסט — פייפקע, ער גייט גאָר די זיבנטע כפּרה פון צייט אָן ער האָט געהערט, אַז זי קאָן טאַנצן, און צווישן צוויי ווערטער מאַכט ער מיט אַן אויג: זי, גוטער ברודער! רעד ניש קאַ׳ סאַך!.. און אויב עס וועט נאָך לאַנג

אַזוי געדוירן, אָט די דאָזיקע פריינטשאַפט, איז אַדיע, איז אויס מיט דער קאַפּאָטע. און פייפקע וועט שוין פאַרגעסן מע־ אַ שמוגלאַר צו זיין — אַזוי „פאַרקאָכעט" איז ער שוין...

נישט צופרידן זענען נאָר די פרומערע פון שטאָט. עפּעס האָט זיך אויף איינמאָל געמאַכט אַן איבערקער־עניש פון דער שטאָט. מען ברענגט גאָר אַראָפּ רוסישע נקבות... און בשעת מעשה קומט אויך שטאַרק אין זין אַריין די „בילעטעס" — ווער ווייסט צי די „בילעטעס" האָט עס נישט געבראַכט צו די אַלע צרות, כאָטש קיינער פון זיי ווייסט נישט אויף געוויס, צי פּעלטע האָט עפּעס אַ שייכות מיט דער „בילעטע." נאָר גאָר ניש... פּעלטע האָט זיך געבראַכט אַ נקבה, און דאָרט זיצט מע' אויך: יינגען מיט מיידן... איז עס דאָך איין זאַך...

---

# אַכטע קאַפּיטל.

און גאָט האָט געהאָלפן דעם ערשטן שבת. אַ נייע לעבן האָט זיך אָנגעהויבן מיט פּעלטעס קומען. ער איז שטענדיק געווען אין דער מיט פון צווישן אַלע גוטע־ברודער. און זיין שטוב איז תמיד געווען אָפן פאַר אַ „נאַש בראַט." נאָר איצט — די גאַנצע וואָך פאַריאָגט און פאַרטריבן — האָבן זיי נאָכמער ליב געקריגן דעם שבת צו זיצן באַ אַ גלעזאַלע ביר. וואָס האָט באַ זיי פון היינט אָן צוריקגעקריגן זיין „אַלטע גוטסקייט" און, צו הערן די געשיכטעס, וואָס פּעלטע דערציילט וועגן יענעם גרויסן רוסלאַנד...

בשעת מעשה ווייזט ער זיי דאָס לאָמע פיסל און עדותן

עד תּס ער זיך מיט מירקען, אַזוי ווי זיין שטייגער איז געװאָרן זי ווידער, זיצנדיק אַזוי ווי אין ערשטן טאָג, ווען ז׳איז נאָר געקומען, מיטן קאָפּ אן פּאָרענטש, לאַכט זי צו כּסדר, ווען מ׳דאַרף און האַלט אין איין ווייזן דאָס מויל מיט די גאָל-דענע ציין.

און אין פּעלטעס מעשׂיות, וואָס ער האָט איבערגעגעבן פון אָדעס, וואו ער איז געוועזן די לעצטע צייט, האָט זיך געשפּירט עפּעס אַ גרויסער כּח. וואָט ווייעט פון די ווערטער אַרויס. פּעלטע דערציילט און די שמוגלאַרס זעען בחיש: רויטע מענטשאַלעך מיט פּענדלאַך מיט רויטע לאַמפּאַסלעך און ווי זיי שרייען: „פרייהייט! פרייהייט!.." דאַכט זיך גאָר ניש׳... נאָר עפּעס פון די ווערטער אַרויס גייט אַ כּח, וואָס ליגט דאָרט באַהאַלטן... און דער כּח מאַכט זיי עפּעס. ווי פּאַרטויבט און באַרוישט; און פּעלטע אַליין, וואָס האָט גע-האַט צווישן זיי אַזאַ גרויס אָנזען און איז געוועזן דער גרעסטער פון צווישן אַלע, ענדיקט ער כּמעט אַלע זיינע מעשׂיות:

— און הערט עך, ס׳אי דעך מיר ניש׳ קאַ׳ חילוק! נאָר באַ „זיי" אי נישטאָ קאַ׳ גרויסס: יעדנעראַל, זעלנער, צו גלאַט מענטש — אַלץ איינס... אַלע גלייך! גישטאָ, ברו-דער, קאַ׳ שטאַרקע — נאָר אַלע גלייך...

און ער גלייכט זיך אויס אין זיין גאַנצער הייך און ער גלעט מיט צוויי פינגער איבער דעם גרינעם לאַמפּאַס, (אַ סימן, אַז ר׳איז דאָרט געוועזן אין דער מיליציע) וואָס איז אָנ-געשטאָכן אָן דעם לינקן אַרבל פון זיין רוסישן מאַנטל, און ער פּילט זיך די מינוט שטאָלץ קייגן זיינע פּשיאַטשעלעס, וואָס זיי זענען דאָרט נישט געוועזן און ער — יאָ...

אָפּגערוט זיך, האָט פּעלטע אָנגעהויבן טראַכטן וועגן נע-מען זיך עפּעס צו טון.

— כ׳וואָלט געקאָנט — זאָגט ער — אַפילו גאַנצע צוויי יאָר זיצן און עסן. זי האָט אַ שנאַל מיט גאָלד... אָבער ס׳איז דעך נישט שייך צו זיצן און צו לייגן אין מויל אַריין...

האָט ער זיך צושמוסט דערפֿין און געפּרעגט, ווי ס׳איז גלייכֿער: נעמען זיך צו פֿירן די יאַטקע, אָדער שמוגלען, ווי אַלע טון!

דערהערט נאָר דאָס לעצטע וואָרט האָבן די שמוגלאַרס זיך דערפֿרייט מיט אַ גרויסער שמחה: ער, פּעלטע, וועט פֿאָרן מיט זיי אינאיינעם... איז יענקל צוגעגאַנגען צו אים, אַרויפֿגע-לייגט די האַנט אויף זיין אַקסל און האָט אים אָנגעקוקט.

זענען אַזוי די איבעריקע, ווערן זיי שטיל, ווייל ס׳איז אויסגעקומען:

יענקל גייט עפּעס זאָגן...

יענקל אָבער שטייט און מאַכֿט נישט מיט קאַ׳ ליפּ, ווייל וואָס?.. יענקל?.. נאָר אַז ער זעט, ווי אַלע זענען מיט אַמאָל שטיל געוואָרן, קימט ער אַריין אין אַ פֿאַרלעגנהייט און נעמט וואַרפֿן מיטן קאָפּ אַהין און אַהער, אַרויף און אַראָפּ — אין אַלע פֿיר זייטן אַזוי און טראַסקעט מיטאַמאָל אַרויס:

— מע׳ זאָל מען אַזוי אַלע... — און ער האַקט פּליצלינג אָפּ, טוט אַ וואָרף מיט די אויגן — לעבן! — פּעלטע, אַ פּגירה אין דיר — —

לאַכֿן שוין אַלע און פּייפּקע ממזרט מיט אָן אויג צו מירקען:

— יענקל „טשאַפּ״ האָט גערעדט!..

נאָר פּעלטע גיט אים ענטוועער:

— הערסטו, יפּנטשע, אַ פּגירה זאָל דיר אין ... אַריין! כּע, כּע, כּע...

— יאָ, פּעלטע — רופֿט זיך אָן מירקע — אַ פּגירה אין זיין בויך אַריין... — און זי רעדט אַרויס די „רייש״ מיט דער צונג האַרט נעבן די ציין.

שטייט אַזוי איטשל מיט בערטשן (ווען דער קיסר איז דאָ שטייט בערטשע שטיל) און טוט בערטשן אַ זאָג אין אויער אַריין, ווייזנדיק אויף איר:

— אין וואַררשע אויף רררימאַררסקי נומעררר דררריי זענען געררריטן דררריי און דררריסיק רררייטעררס און גע-

טררוומייטעררטט אין די טררוומייטעררס אַרררייין..!

דערהערט זי די דבורים דרייט זי אויס דעם קאָפּ אין איטשלעס זייט, וואו ער שטייט און טוט אַ ווינק צו'ן אים מיטן נאָסעק פון איר געל לעטשל — אַ סימן: ער איז איר געפעלן...

נאָר יענקלען איז נאָך אַלץ ענג פון די פּאָר ווערטער, וואָס ער האָט דאָ גערעדט און ער וואָלט שטאַרק צופרידן געווען, ס'זאָל זיך מאַכן עפּעס אַ געשלעג און ער זאָל קאָנען צעפירן אַ ביסל די הענט...

דאָבע, האָט געשפּילט „פּאָליטיק" און דערווייל שלום געמאַכט מיט דער אָדעסער „פּראָג," ווי זי רופט אָן מירקען, און אין תוך גענעמען — איז, וואָס פּאַר אַ שלום איז עס, אַז קוקן קוקט מען אויף זיך פון דער זייט... דורך די פּלייצע אַ דורך... נאָר קאַ' געשרייען, ווי אין ערשטן טאָג, ווען די „אָדעסערין" האָט זיך נאָר באַוויזן, קומען שוין איצט נישט פאָר ... שטאָט ווידער, וואָס האָט גענעמען צו פּלאָנטערן גאַנצע מעשיות, האָט זיך טאַקי אַליין אין זיי פּאַרפּלאָנטערט און זענען געבליבן שטיין אין מיטן—נישט אַהין, נישט אַהער... און ס'איז טאַקי נישט קיין ווינדער אויך... וואָרן, ווי איז'ס געהערט געוואָרן אַזוינס?.. דאָבע איז געווען דערפּאַר, איר מאַן, פּעלטע, זאָל זיך צריקנעמען צו די יאַטקע... וואָס 'עט ער אויספירן מיט גלאַט שמוגלען? מ'זעט דען ניש', ווי ס'הענגען אָפּילו פּאָנטלען נאָך די גאָלדענע צויטן?.."

— וואָס 'עסטו דיר גיין זוכן נייס, מיין מאַן? — האָט זי געטענהעט — די יאַטקע שטייט. קונים, גלויבט צו גאָט, זענען דאָ, אַ בהמהלע ווער ס'זאָל ברענגען, איז אויך פאַרהאַן. וואָס דאַרף מע' מער?

אַזוי הייסט עס האָט זי געפּלעגט צו טענהען און אין זיך— צו טראַכטן:

„לאָמ'עך אים נאָר האָבן אין שטאָט... אין דער יאַטקע, מענטשן 'עלן אַריינקומען, פּאַרבייגיין, אַן עצה האַלטן... כ'עט שוין עפּעס צוקלערן אַ שוואַרצע בראָך פּאַר דער „אָדעסערין..."

נאָר אַזוי האָט זי געטראַכט. פעלטע אָבער האָט באַשלאָסן צו שמוגלען און פאָרן וועט ער פאָרן מיט פאַנטלען. עפּעס אַן אַלטער פשיאַטשעל! אַזוי האָט ער אויסגעקליבן און אַזוי האָט ער געטון.

איז פעלטע געפאָרן אויף פאַנטלס פיר. זיצןביידע פון פאָרענט און פעלטע דערציילט, אויף די נסיעות באַריכות, אַלץ, וואָס ס׳האָט זיך מיט אים פאַרלאָפן, צייט ער איז געהאַט געזעסן אין קאָזע, באַ די רוסן, נאָך פאַר די מלחמה: ווי ס׳איז פאַרפאָרן אין שטעטל אַריין אַן אָפיציר איינצוקויפן פלייש, און מ׳האָט אים, פעלטן, געמוזט אַרויסלאָזן פון קאָזע.

אין דער גאַנצער געגענט איז נישט געווען נאָך אַזאַ פליישער, ווי ער! אַ קוק אויף אַ בהמהלע און ער ווייסט שוין וואָס ס׳קען דיר גע׳ן. דעסגלייכן — אין שעכט-הויז. טיילמאָל מאַכט זיך אַ בהמה, מען קאָן זיך נישט קיין עצה טון. וויפיל מע׳ בינדט זי ניש׳ וויפיל מע׳ שליסט זי נישט, טוט זי זיך אין דער לעצטער מינוט אַ וואָרף — און אויס! נאָר ווען פעלטע איז דאָ, ער לייגט זיך אַרויף אויף איר—מעג מען שוין טון וואָס מ׳וויל, זי וועט זיך שוין קיין ריר געבן...

דערציילט פעלטע, בשעת די נסיעות, די געשעענישן, וואָס זענען מיט אים אַליין פאָרגעקומען און אויך, וואָס ער האָט געזעען באַ אַנדערע, צייט יענעם טאָג, וואָס ער האָט אַרויסגענעמען אַ „פּראָפּוסק" און מיט געפאָרן אַלס דאָסטאַווישטשיק."

דערציילט אויף פאַנטל צריק פון אַלעם, וואָס עס האָט זיך דאָ אין שטעטל פאַסירט צייט י׳ענעם טאָג, און אין דער פור זיצט חברה מיט אַ גרויסן און שטילן דרך-ארץ און האָרכן זיך צו, ווי וועגן זייער גרויסע פאַסירונגען, אַזאַ שטייגער, ווי וועגן מעשיות פון הינטער די הרי חשך... און טיילמאָל הזרט מען עפּעס פון די מעשית איבער צווישן זיך אין דער שטיל און עס ווערן צוגעגעבן קליינע באַמערקונגען, מיט גרויס, זייער גרויס באַווינדערונג...

## ניינטע קאפיטל.

אַלע זיצן זיי אין דער פיר, נאָר מענדל איז נישטאָ. װען די חברה דערמאָנט זיך אָן אים, מאַכן זיי עפּעס אַזעלכע מינעס, פּונקט, ער װאָלט שוין נישט געװען אויף דער װעלט, אָדער חלילה נאָך אַ גרעסער אימגליק...

—אַזאַ יינג—פלעגט זאָגן פייפקע—ס׳איז דעך געװען װע־מען צו קוקן אין די אויגן אַריין.

און טיילמאָל מיט כּעס:

— גאָלקעפּל, אַ פייער אין זיין מאַמען אַריין, האָטן אי־געפירט...

באַלד, װי מענדל איז נאָר אַהיימגעקומען פון װאַרשע נאָך דער קרענק, האָט פאַנטל געװאָלט אַ תּנאים שרייבן. נאָר מענדל האָט אָפּגעהאַלטן.

—װאָס האָט מע׳ דאָס נישט קאַ׳ צייט? לאָ׳מען נאָר אַ ביסל אָפּרוען.

האָט ער זיך אָפּגערוט און בשעת די פירן גייען אַװעק פון שטאָט, גייט ער מיט אַ פּאָר װיאָרסט, באַגלייטן. גייענדיק, טרעפּט שטענדיק, אַז די נאַטשע גייט נעבן אים און זיי רעדן פון טויזענטאַרליי זאַכן. ער האָט ליב צו רעדן אַזוי מיט נאַטשן, ער האָט זי זייער גערן און פילט זיך צוגעבונדן צו׳ן איר.

טיילמאָל, װען ס׳איז שיין װעטער, די פערד גייען פּאַ־מעלאַך, טריט באַ טריט, לאָזן זיי די פיר הינטער זיך און

גייען געשווינד פאַזע פעלד. זי רייסט דעמאָלט אויס פון צוויי-
שן גראָז בלימאַלעך, וועלכע זענען נאָך קליינטשיקע, לייכטיטש-
קע, פרילינגס-בלימאַלעך. רייסנדיק הייבט מען אָן צו גיין
לאַנגזאַמער און אין איר הייבט זיך אָן צו דערוועקן יענץ גע-
פיל און יענע בענקשאַפט צו דער נאַטור, ווי אין יענער נאַכט,
ווען די לבנה האָט געשיינט אויף דער קייגנאיבערדיקער וואַנט
און זיי זענען אין דרייען געזעסן באַ זיך אין שטיבל און גע-
רעדט צום ערשטן מאָל וועגן נעמען זיך צו שמוגלען. עס
הייבט אויך אָן פעסטער ווערן יענער איינדרוק אירער, אַז אָט
איז זי אַ קליין מיידל, אַ פורין-מיידל. צעלאָזט זי זיך די בלאָנ-
דע האָר און שטעקט אין זיי אַריין די בלימאַלעך, און אַ סך
וואַרפט זי אים אין פנים אַריין.

אין אַזאַ מאָמענט, ווען די האָר אירע זענען צעלאָזט
און די בלימאַלעך בלישצן אין זיי, ווי קליינע שטערנדלאַך —
איז מענדל גרייט צו טון אַלץ אין דער וועלט, אין פייער
אַריין צו שפרינגען פאַר איר.

אַהיימקומענדיק טרעפט ער דאָס געשוועסטער-קינד זיינס,
וואָס קומט אים שטענדיק אַ קייגן מיט דער פראַגע!

—וואָס מאַכסטו, מענדל?

און זי ווינטשט אים געזונט, ווי עס האָט איר אָנגעזאָגט
איר מאַמע, פאַנטלס שוועסטער, און זי זעצט זיך, אַ רויטע
אויפן פנים און די אויגן האַלט זי אַראָפגעלאָזט און שפילט
זיך מיטן ווייסן פאַרטוכל.

ער האָט זיך שוין דערוויסט, אַז חיים קאַמאַשנמאַ-
כער דרייט זיך עפּעס אַרום איר, פרעגט ער זי איינמאָל
אַזוי:

—כ'בעט דיך, ריווטשע, וואָס וויל ער, דער חיים, פון
דיר? וואָס?

—ענטווערט זי מיט אַלץ נאָך אַראָפגעלאָזטע אויגן:

—וואָס זאָל איך וויסן? ער קומט שבת אַריין צו אונז,
שטעלט זיך אַנידער באַ דער קאָמאָדע און דערציילט, אַז ער

פאַרדינט שוין זיבעציק מאַרק די וואָך. אַ סך מאָל, ווען כ׳גיי מיט קאָפּס מיידלאַך שפּאַצירן, קומט ער אויך צו און רעדט אַלץ פון די פאַרדינסטן. ווייס איך?

דעמאָלט ווערט מענדל אויפגעקאָכט אויף דעם חיימן און ער ווייסט, אַז ר׳עט יענעם נאָך אַמאָל אַ מעסער אַריינזעצן... זי פרעגט ער:

— זאָג מיר, ריווטשע, דעם אמת: האָסטו אים ליב?

ווערט איר פנים פון רויט, ווי מיט פירפור באַדעקט און זי זאָגט:

— וואָס הייסט עס—ליב — איך ווייס? דיך האָב איך ליב...

נעמט ער זי אַרום און גיט איר אַ קיש.

באַלד אָבער דערמאָנט ער זיך אָן נאַטשן, פאַרלערט ער זיך אינגאַנצן, גייט ער אַרויס דעמאָלט צו זיי אויפן הויף, אינגאַנצן באַדעקט אים, ווי אַ קאַלטער שווייס און לאַנג, לאַנג שטייט ער אָפּ און קוקט אַ דורך דורך די שטראַכייטן אין כאָד אַריין, ביז ער באַרויגט זיך, גייט ער דערנאָך אַהין אַריי־אריין און זעצט זיך אויפן גרינעם גראָז אַ פאַרטראַכ־טער.

דעמאָלט דערמאָנט ער זיך, אַז ער האָט געהערט אַמאָל פון אַ ליבע עפּעס אַ גאַנצע מעשה, פון אַ יינגל מיט אַ מיידל, וואָס האָבן זיך געליבט... און פאַר זיינע אויגן שווימט אַרויס אַ גאַנצע רייע מיט האַנדלונגען פון אַ ליבענד פאָר...

„יאָ, פאַרליבט...—רייסט ער זיך מיט אַמאָל איבער אין די געדאַנקען—אָבער פאַר וואָס וואָלט פייפקע געלאַכט פון אים, ווען ער זאָל דאָס וויסן... און אַפילו איטשעלע אַליין אויך...

אַזוי טראַכטנדיק זיצט ער אָפּ, ביז שוין גאָר שפּעט אין דער נאַכט אַריין אין סאָד אויפן גרינעם גראָז אַליין. דערנאָך גייט ער צריק אין שטוב און עפּעס גיט אים אַ קום אין קאָפּ אַריין:

„אָט, ווען זי זאָל זיין אַ יידש מיידל — אַ מיידל...“

און ער שפירט באַ זיך, אַז לאַנג קאָן ער שוין נישט אויסהאַלטן אָן איר און ער מוז אָנהייבן צו פאָרן צריק קיין וואַרשע.

גייט מענדל שוין ווידער נאָך דער פור זיינע און איינמאָל, דאָס איז געווען באַלד באַם ערשטן מאָל פון זיין צריק אָנהייבן צו פאָרן, ווען זיי זענען שוין געווען אַ שטיק נאָכן צלם, קומט אַפער פון הינטער אַ בוים אַ דייטש, אַן אומבאַקאַנטער אַודאי, וואָס איז ערשט אָנגעקומען און פאַרהאַלט אַלע פירן.

—יאָ—האָט ער אויסגערופן—געפאַקט נ׳שמוגל! נו שטעען! פאָרן צריק! אין שטאָט אַריין!

ווילן זיי דאָך אַודאי ניש׳. „וואָס הייסט מיר וועלן איצטער צריק פאָרן?“ און פאַנטלען איז דעמאָלט איינגעפאַלן אַ מוראדיקער געדאַנק. ער האָט זיך דערמאָנט יענע נאַכט, ווען די „גורטשצקיס“ האָבן זיך געטראָפן מיט זיי אין וועג... אָבער פעלטע ריקט שוין דעם דייטש אַ צוויי פאַפירלאַך אין יד אַ־יין. שמייכלט דער דייטש און נעמט צו. נאָר דערנאָך קוקט ער זיך אַרום און אים געפעלן, ווייזט אויס, די שיקועס, נעמט ער זיך דרייען די וואָנסעס און רוקט זיך אַזוי צו צו נאַטשען און נעמט זי אָן מיט איין האַנט פאַר די גאָמבע און מיט דער צווייטער—באַ די האַנד, העכער איבערן עלענבויגן. זעט דאָס מענדל, איז ער מיט איין טריט נעבן דייטש. דאָרט כאַפט ער זיך מיט אַ מאָל אָן דעם קאָפּ, באַם שייטל, און ער שפירט, ווי דאָס בליט זעצט אין די שלייפן אַריין מיט רעש, ווי אַ וואַסער-פאַל. אין דער רגע ליגט דער דייטש אויף דער ערד און יענקל, וואָס זיצט אויף זיין פיר, גרייט צום פאָרן, דערזעענדיק שלאָגן, שטעלט זיך אויף, שפייט זיך אין די הענט אַריין און שפרינגט אַראָפּ פון דער פיר.

פאַנטלען איז עס קוים געלונגען אָפּצורייסן מענדלען פון דייטש און דעם דייטש פון מענדלען. דעמאָלט האָט יענער אַרויסגעכאַפּט דעם רעוואָלווער און אויסגעשאָסן. די קויל איז

פאַרבאַ מענדלס האַנט און אָפּגעריסן אַ שטיק פון זיין אַרבל. איז נאַטשע צו צום דייטש און אַלע האָבן גענעמען בעטן און יענער האַלט זיך באַ זיינס:

— איך מוססען, ווי איין הונד טאָט-שיסן!

און ער וואַרפט צריק דאָס געלט, וואָס פעלטע האָט אים געגעבן און, צילענדיק מיטן רעוואָלווער, שרייט ער:

— נו, גענוג שוין צו שטעען! צריק! מאַרש צוריק!

האָט מען געזעען, אַז ס׳איז אַ מאוסע געשיכטע. האָבן זיך אַלע גענעמען צו מענדלען:

— וואָס האָסטו אָנגעמאַכט? וואָס האָסטו געוואָלט? זעסט שוין איצט?

און אַלע ברעכן מיט די הענט און נעמען זיך בעטן און מען שטופט אים שיין איצט צוויימאָל אַזויפיל געלט אין האַנט אריין, פיר מאָל אַזויפיל. נאָר ער שטעלט אָן די ביקס צו געבן אין שטאָט אַריין דריי מאָל אַ סיגנאַל. זעט מען, אַז מ׳איז איינגעשטעלט, נעמט פאַנטל אָן נאַטשן און ריקט זי דעם דייטש גלייך אין די ביקס אַריין.

דערזעען דאָס שיקסל האָט זיך דער דייטש אויסגעליי-טערט און זיך ווידער צעשמייכלט. קיינער האָט אַפילו נישט געגלויבט, אַז אויב אַ דייטש צעבייזערט זיך זאָל ער קאָנען אַזוי געך צריק גוט ווערן, מען האָט געמיינט, אַז אַ סך וואַסערלאַך דאַרפן פריר אָפּשווימען. נאָר פונדעסטוועגן איז נישט אַזוי פאָרגעקומען... און ווייל ס׳איז קיין צייט נישט געווען, מען האָט דאָך נעדאָרפן פאָרן ווייטער — האָט מען דעם דייטש גע-הייסן צוגיין דאָ באַלד צום ראָוו... און אַזוי האָט ער געטון— אַוועקגעשטעלט די ביקס... און פעלטע איז נאָך געשטאַנען קיינ-איבער און אים נאָך געהאַלטן דאָס געלט אויף פאַר זיינע אויגן...

דאַמאָלט האָט מענדל אויפגעציטערט מיטאַמאָל, ווי פון אַ פיבער אַרויס, האָט זיך אויסגעדרייט און גענעמעז לויפן, לויפן, לויפן אין שטאָט אַריין.

באַ די ערשטע הייזלאַך האָט ער זיך אָפּגעהאַלטן. אָפּגע-זוישט דעם שווייס פון פנים און איז אַוועק אויף דעם וועג, וואו מען פאָרט צו דער קאָליע. פון דאָרט איז ער גלייך מיט די ביימער, אין וועלדל אַריין, איז צו צום „סטאַוו,״ אַראָפּגע-צויגן די שטיוול און די נאַקעטע פיס אין וואַסער אַריינגע-שטעקט.

פון יענעם טאָג אָן האָט ער אויפסניי געקרענקט אַ שענע פּאָר וואָכן און, צום סוף, ווען ר'איז שוין געזונט געוואָרן, ווי איז שוין געוועזן מענעלען צו דערקענען? ער איז אַן אַנדערער מענדל, אינגאַנצן אַן אַנדערער...

דאַכט זיך, דער אייגענער יינג. נאָר ער זיצט אין שטוב, ווי אָרעם-בטל.,. ער קוקט, ווי די וואָלקנס ציען, ווי די ביי-מער שאָקלען זיך און הערט, ווי די בלעטלאַך רוישן. רעדט מען צו'ן אים, ענטווערט ער ניש'. און אויב יאָ, איז — קורץ: איין וואָרט, צוויי ווערטער, גלייך די וועלט איז שוין מער נישס זיינע... און אַזוי שטיל, אַזוי ווייך, ווי אַ „ווייכע מי-רעל...״

ער גייט אין וועלדל אַריין, זעצט זיך אַוועק נעבן „סטאַוו,״ קוקט ווי פאַליאַלעך שווימען, ווי קאַטשקאַלעך באָדן זיך, און ווי פישאַלעך לויפן...

אָט דאָס איז דער היינטיקער מענדל: „אַ פייער אין גאָלקעפּלס מאַמען אַריין...״ וואָס אַזוי פאַרשטייען עס אויך אַלע, אַלע !..

# צענטע קאפּיטל.

אורקע האָט פאַרנעמען מענדלס אָרט. צום ערשטן איז זיין אַרבעט געווען אַ קליינע: אַכטונג צו געבן, אַז די פערד זאָלן האָבן פּאַשע צו דער צייט. שפּעטער האָט זיך פאַנטל גענעמען מיט אים בּאַהעלפן אין אַנדערע זאַכן אויך.

בּעת מען האָט געשיקט אויסקוקערס האָט זיך אורקע דער צו געטויגט מיט לייב און לעבן. ער האָט זיך נישט געוואָרפן אין אויג צוליב זיין וואוקס, נישט געהערט זיך מיט זיין בּאַ-ריידעוודיקייט, אַזוי ווי די איבעריקע שמוגלאַרס. וואָרן בּאַ זיי האָט אַפילו אין די ערגסטע, אין די שווערסטע מאָמענטן פון שמוגלען, נישט געקאָנט הייסן — ערגער פון שלעכט... וואָס קאָנען זיי די דייטשן נאָך מער טון? צו נעמען דעם שמוגל! אָבער אויף דעם איז שוין יעדער פון זיי אַן אויסגעפּריוועטער! וואָס איז מען עפּעס — אַ יינגעלע? נעכטן ערשט אָנגעהויבן צו שמוגלען? און לויט זייער מיין קומט עס טאַקי אויס פאַר אַ זאַך צום צונעמען, נאָר נישט אַזוי אָפּט!.. מילא צונעמען איז צונעמען. טאָ זאָל מען גיין דעריבּער שווייגענדיקערהייט? איז מען דען חלילה אָן אַ צינג? אָדער מ׳קאָן קאַ׳ וואָרט ניש׳ אויסרעדן? פאַרשטייט זיך, אַז ניין!..

און שיין איז צו זעען, ווי פייפקע פירט אָן מיט די אויסקוקערס. גייט ער אין דער מיט שאָסיי, איינגעבויגן, ווי אַן איבערגעבויגענע רייש און מאַכט די געהיימניספולטטע מינע אויף דער וועלט. ער גייט. קיקט אין די ווייטע פינצטערניש

און פירט אויס דאַבאַ אַ זעלכע באַוועגונגען אויף זיין פיגור, אין פנים, אַז אַלע, וואָס גייען אַרום אים, ווערן „געכאַפּט" זעקס מאָל אין דער רגע... וואס איז שייך, — אַז ער וויל גיט ער זיך אַ שטעל אָפּ אַזוי, מיט אַ מאָל, אין זיין רייש-פאָרם, מיט די הענד אויסגעצויגן אין דער זעלבער ליניע און נעמט באַוועגן מיט דעם שפּיץ נאָז און מיטן מויל אַ הער און אַ הין, רעכטס און לינקס, פּאַמעלאַך און געשווינט, אַזוי ווי נאָר פייפּ-קע קאָן עס באַווייזן!.. דעמאָלט מוז דאָך יעדן איבערגיין אַ גרויל פון שפּיץ האָר, ביז צו די שפּיץ פינגער! בלייבן טאַקי אַלע שטיין, ווי אויף אַ באַפעל און זיי ווייסן ניש׳ וואָס צו טון: אויסבייגן זיך אַזוי יוי ער מיט די הענט, אָדער שטיין, ווי מען שטייט און קוקן בלויז אויף אים... וואָרן עפּעס איז דאָ אין דעם פייפּקע דעמאָלט, וואָס נייט, אַז מען זאָל קוקן אויף אים. קאָן מען לאַכן, אָדער קאָן מען אַפילו שפּרינגען אויס דער הויט פאַר שרעק!..

איז אַמאָל אַ שיינע נאַכט. אַ וואַרעמע, אַ געהיים-שאָרכנ-דיקע, אַ פאַרכשופטע פרילינגס-נאַכט. גראָזן און תבואות שאָק-לען זיך, מירמלענדיק עפּעס סודותדיקע ווערטער און קלאַנגען; ביימער באַוועגן זיך אַליין און צוזאַמען מיט זייערע אייגענע שאָטנס, ס׳ווייזט זיך אויס, ווי עפּעס אַ טאַנץ אויף דר׳ערד, אַ שאָטן - טאַנץ, וואָס ווערט באַ טייל באַוועגונגען אַזוי העל, נאָך העלער, ווי ליכט אַליין, ס׳זעט אויס ווי די ווייטע שטערנס וואָלטן פאָספאָר אין די שאָטנס אַריין געוואָרפן, — הייבן זיך דעמאָלט אונטער באַ פייפּקן די פיס און זיי פירן אויס, גייענדיק די מעגלאַכסטע עלאַסטישע בייגונגען. נעמט אים אָן אַ חשק צו טאַנצן, וואָס איז באַ אים אַזוי, אַז אָן דעם קאָן ער נישט לעבן. שטעלט מען זיך אַוועק אין מיטן וועג; יינגען פאָרן זיך צונויף מיט שיקזעס — טייל-מאָל נעמט נאָך ווער אַרויס אַ האַרמאָניקע און מע׳ לייגט אַוועק אַ טאַנץ—גאָר ניש אויף קאַטאָוועס.

דעמאָלט פלעגט שוין אויך ציען דעם קליינעם אורקן

אין זייער מיטן אַריין. ער וואָלט שוין געוואָלט מיט טאַנצן און מיט שפּילן,.. עפּעס איז אַ לעבן!..

דערפאַר אָבער, אַז עס קומט אין שלעכטן וועטער — דעמאָלט אָ, ברודער, איז ביטער. דעמאָלט קאָן מען זיך קאַ׳ אָרט נישט געפונען. אָט איז געווען אַ ווינטער — גאָט צו דאַנקען, שוין אַריבער... ווי די ווינטן האָבן עס געבושעוועט, פּונקט ווי די ווילדע חיות... און רעגנס זענען געפאַלן אַ זעלכע — דעם קאָפּ נישט אַרויס צו שטעקן. זיי, דער ווינט מיטן רעגן, האָבן זיך געטשעטש, האָט איינס אויפגעהערט, האָט באַלד דאָס צווייטע אָנגעהויבן, פּונקט ווי אויף אַ חתונה: איין פּאָר פּאַרלירט נאָך נישט די לעצטע טריט — טאַנצט שוין אַריין אַ פּריש פּאָר. און טיילמאָל פלעגן אויךביידע צוזאַמען רייסן און גיסן מיט גאַנצע פּאַליעס. דעמאָלט — איז אַזאַ מוזיק, ווי דאָס האָט נאָך קיינער נישט געהערט! נישט נאָר, ס׳גליסט זיך נישט צו טאַנצן, נאָך מען בעט גאָט, אַז מען זאָל די נאַכט איבערלעבן. ס׳רוישט, פייפט און קאַ׳ חלוק ניש׳ — צי אונטער דער פלאַנדעקע, צי אויף יענער זייט פון דער פלאַנדעקע — אומעטום ווערסטו אַלץ איינס דורכגעווייקט און דער גאַנצער „אויביאָר״ ווערט געשוואָלן — נאָר אין דר׳ערד אַריין...

איז אויב עס געפינט זיך נאָך אַ שטיקל מענטש אויף דער וועלט, וועלכער ווערט אויך פון דעם נישט נתפעל — איז עס נאָר פּייפּקע.

— איצט — פלעגט ער זאָגן — קאָן מע׳ זיך אַלע אויפהענגען אויף דיביידימער, אויסצוטריקענען. נאָר פריר מוז מע׳ גיין צו אַ וועשין זי זאָל אונז גיט אויסדרענגען, אַ ניש׳ קען מע׳ הענגען אַ יאָר מיט אַ מיטוואָך...

דאָס זענען פּייפּקעס ווערטלאַך דעמאָלט. און רעדנדיק אַזוי, דרייט ער זיך אויס צו זיין מאַטעיעלע, נעמט איר אַרום דעם האַלדז מיט די צוויי טריפנדיקע אַרבעלס און קוועטשט זיי אויס. נעמט עס גיסן אויף איר פּנים און אין האַלדז אַריין, אַזוי ווי פון אַן אַ דורכגעלעכערטער רינע. זי בלייבט אָבער זיצן, ווי ביז איצט, מוט זיך צומאָל ניש׳ קאַ׳ שאָקל, ס׳הייבט זי

נישט אָן צו אַרען אַפילו... און נישט נאָר איר, נאָר אויך דעם אַלטן שעהקן, אָדער בערלען ער גיט אַ וויש מיט אַן אַרבל זירט עס זיי נישט. שוין לאַנג צוגעוואוינט צו די וועטערן. אַ סער דעם זיצט מען גלאַט, ווי תמים, מען הערט אויף צו פילן — מער נישט ס'אי נאַס און ס'גליסט זיך צו דרעמלען...

אין אַזאַ צייט איז אויך אויסגעקומען אורקען אָנצוהייבן זיין שמוגלער-קאַריערע. ער, אַז ער ר'איז געוואָרן ס'ערשטע מאָל אַ דורכגעווייקט פון אַזאַ רעגן, האָט ער זיך פאַרשטיפט אין אַ ווינקל, האָט זיך איינגעקורטשעט און מורא געהאַט זיך אַ ריר צו געבן. אַרום אים, איבער אים, אונטער אים און אויף אים, האָט עס געכלאָפּטשעט און געמליאַטשעט, פונקט ווי די וועלט מענטשן וואָלטן געגעמען קנאַקן מיט די ציינגען. אין אַלץ און אין אַלעם האָט זיך געפילט אַ שיטערע צעגאָסנקייט. אַפילו דער אָפקלאַנג פון די פערדישע פּאָדקאָוועס, אַפילו זייער הירזשן איז אויך געווען אַ צעווייקטס. אורקע, מיט די אוירן אונטער אַ פוטערנעם הוט, וועלכער האָט אויסגעזען, אַ צעווייקטע קאַץ, איז געלעגן אין זיין ווינקל, קיילעכדיק, ווי אַ יעזש. ער האָט אַפילו די קינבאַקן מיט די ברעמען איבער די אויגן צונויפגעצויגן איינס צו דאָס אַנדערע און ער האָט געקוקט בלויז דורך קליינטשיקע אויגן-שפּעלטאַלעך אויף אַ צויט, וואָס האָט געהאָנגען איבער חנה גימפּלס קאָפּ. פון דעם צויט איז עס כסדר געריננען: אַראָפּ אַ טראָפּ, איינגעזאַפּט זיך אין דער געשוואַל־נער פּאַטשייל — קלעטערט שוין אַ צווייטער טראָפּ, קלעטערט אַראָפּ לענג אויס פון דעם צויט צום עק צו. און הינטער אים ר באַך איינע. און אַזוי כסדר, אָן אַ שעור, אָן אַ סוף.

---

## עלעפטע קאפיטל.

דאָס ווערטל: „אורקע ׳עט זיין אַ לייט," וואָס פּאַנטל האָט געזאָגט מענדלען, בשעתן מבקר חולה זיין אים אין וואַר-שע — גייט איצט אַרום צווישן אַלע שמוגלאַרס וועגן אים. „אָט איז אַ פייגאַלע" — לאַכט אַ שיקזע, צו וועלכער אורקע שאַרט זיך אַמאָל צו, שטעקט זיין קאָפּ איר אין בוועס אַריין און כיכאָטשעט אויף אַ גרילצנדיק קול. „ער ׳עט נאָך מיך אויספּייפן," — זאָגט פּייפּקע, זעענדיק, ווי געשיקט אורקע כאַפּט עס אַראָפּ אַ פּעקאַלע פון אַ פרעמדער פיר, בשעת מען פּאַשעט די פערד, אָדער גאָר אין מיטן פאָרן.

ווען די ערד האָט זיך אָנגעהויבן צו שוואַרצלען און דער וועג — צו טריקענען אונטער די גלעטנדיקע שטראַלן פון דער פרילינגס-זון, דעמאָלט ערשט האָט זיך אויפן פאָן פון די שמוג-לאַרס, באַוויזן אורקע אין זיין גאַנצער פּראַכט, דער אורקע, אָדער ווי מ׳האָט אים גערופן גאָר פשוט: דער קליינער פּאַנטל. אַ הוט, אַ קורטקע און שטיוול — האָט ער געטראָגן דעם פאָ-טערס, — איז אַפילו פאַר די שמוגלאַרס אַליין שווער געוועזן אונטערצושיידן אַ שטיקל פון דערווייטנס ווער עס גייט: דער טאַטע, אָדער דער זון. געזען, אַז „מ׳נעמט צו" יעדעס מאָל און וואו צו באַהאַלטן דעם שמוגל איז נישטאָ, ווייל מיט אַ טאָ-פּאַלן באָדעם וועט מען שוין היינט קיין דייטש נישט פאַר-שטעלן די אויגן; זיי האָבן אַ גאַנץ איינפאַך מיטל: שטעקן אַריין די שווערד, ווי יענער „המן" צום „בעדער" אין דער „מלינע" און מעסטן אויס די טיפקייט פון אינעווייניק און אויסנווייניק — ווייסן זיי שוין. איז דער קליינער אורקע, וואָס

האָט געהאַט אַ חוש פאַר גוט באַהאַלטן זאַכן... געפאַלן אויף אַזאַ המצאה: „אַז מ׳קען ניש׳ פירן קאַ׳ שמוגל, דאַרף מע׳ פירן מעבל...״

האָט פאַנטלס פיר געמאַכט דעם אָנהויב און קאָפּל מיט יענקלען זענען געווען אויסער זיך פאַר פרייד, ווען זיי זענען דאָס געוואָר געוואָרן. אורקע איז מיט פאַרפלאַמלע באַקן פון איין פיר אַראָפּ — אויף די צווייטע אַרויף, געקוקט און באַטאַפּט פאַרשידענע קאַנאַפּקעס און מיט פאַרגעניגן געלאַכט צו אַ שיקזע: „אַז דו ווילסט קאָנסטו דיך צולעגן אַ ביסל אויף אַ „טשעשליאָן...״

די דייטשן האָט עס שטאַרק געווינדערט: „וואָס פירן עפּעס די שמוגלאַרס מעבל „נאָך וואַרשאו?..״ האָט זיך עס געזאָלט עפענען אַזאַ פאַבריק אין זייער שטעטל, וואָס אַרבעט דאָס אויס און שיקט פאַרטיקע סחורות צום פאַרקויפן?..״ — אַזוי האָבן זיי געטראַכט, וואָרן „יעקע,״ וואָס גלייבט ער דען ניש?.. נאָר „יעקע,״ ווען ער גלייבט שוין, וואָס גלייבט ער דען יאָ?.. האָבן זיי זיך גוט גענומען צוקוקן און נאָך אַ לענגער פאָרן זיך אין די געדאַנקען באַ זיך, האָבן זיי ערשט ווי פליצלינק דערזען, אַז פון „וואַרשאו״ פירן די שמוגלאַרס צריק אויך מעבל... במה נפשך?.. דאָס האָט זיי געבערענגט אויך דערצו, אַז זיי זאָלן ווידער פליצלינק דערזען, אַז די אייגענע „סאָפאַס,״ וואָס מע׳ פירט אַהין, פירט מען אויך „צוריק!..״ זענען ווידער איצטער, נאָך אַ לאַנג פאָרן און בעאָבאַכטן — די דייטשן געקומען אויך אויף אַ „המצאה,״ און די שמוגלאַרס (די וואָס האָבן געקענט עברי) האָבן אָפּגעזאָגט רבנן קדיש נאָך דעם דאָזיקן מיטל... און טיף באַדויערנדיק, זיך אָפּגעזעגנט מיט די פיינע „געזעסן״ און — אַדיע — „טשעש-ליאָנען!...״

אָבער אַ צייט, ביז די דייטשן האָבן זיך אויסגעפּאָריט באַ זיך אין די געדאַנקען, איז עס אָנגעגאַנגען...

שפּעטער איז אונטערגעשפּרונגען אַ צווייט שפּיצל: נאָנט פאַר דער וואַך, פלעגט מען מאַכן אַ גערודער אויף אַ זעלכע

קולות, אַז אַ טויבער וואָלט געקאָנט הערנדיק ווערן. די שמוג-לאַרס צעזינגען זיך דעמאָלס און צעפייפן זיך, אַז אַלע „לויטע פון דער וואַכע" קומען אַרויסצופליען פון זייער „שטובע" און זיי קוקן אויף דעם בייז ווינדער, ווי אַזוי יינגען שלעפּן „קופּ-טשעלע" (קויף אַ קאַלב) אויף די „באַרעס" טייל שיקזעס, מיט אַריבערגעבונדענע רויטע טיכער איבער די קעפּ. (אַ זאַק פאַר-שטעלט פאַר אַ שיקזע.) טייל ווידער שיקזעס שלעפּן גאָר יינגען אויך מיט די אייגענע שפּיל... מיט אַראָפּגערוקטע היטן איבער די פּנימער... קוקן דאָס צו די דייטשן און עס פריידט זיי אַ גרויסע פרייד אויף די „שווישפּילן" און בעת דער „רעוויזיע" געפונען זיי אין אַלע דריי וועגן צוזאַמען אפשר אַ צען פּע-קאַלעך, צו צוויי, אָדער דריי פונט... פאַרדריסט עס זייער שטאַרק די דייטשן און נאָך אַ פּאָר מאָל „פּאַקן" אַ זעלכע שמוגלען ווערן זיי אמת בייז און נעמען שרייען און „שימפּפן," וואָרעם זיי האָבן פאַרשטאַנען, אַז די „דוממע פּאָלן" פירן זיי שוין ווידער פאַר דער „נאַזע..." האָבן זיי ווידער געבראָכן די קעפּ און געזוכט און געשנישטערט, ביז אַ דייטש האָט זיך איינ-מאָל פאַרגליסט אַ טאַפּ צו געבן אַזאַ „שיקזע..." און ער איז שעור משוגע געוואָרן...

אָט אַ זעלכע שטיקלאַך פּלעגט מען עס אויפטון און אין אַלעם איז אורקע געווען דער „ברען-פּונקט." אַהין צו וועגס און צריק צו וועגס האָט ער שוין געוויסט, ווי אַזוי מכבד צו זיין דעם אַלטן שעהקעלען מיט אַ האַרט איי. נעמט זיך דער אַלטער צום טאָרבקאַלע, לייגט אַרויס אַ שטיקל ברויט מיט פּוטער, אַ שטוי-כאַלע זאַלץ און נעמט זיך מיט גרויס כונה צום איי:

— עפּעס זייער אַ לייכט איי... — באַמערקט ער, וועגנדיק עס אין דער האַנט.

— ס'אַ פריש איי, איז עס לייכט... — ענטוועראט אורקע און שטופּט זיך די פויסט אין מויל אַריין. ערשט, ווען דער אַלטער האָט דאָס איי אָן ווענטל פון וואָגן אָנגעקלאַפּט און ער האָט דערזעען, אַז ער האַלט אַ ליידיקע שאָל אין האַנט, איז אורקען אַרויסגעזעצט געוואָרן די פויסט פון מויל צוזאַמען מיט

זיין גרילצנדיק געלעכטער, וואָס רייבט זיך, ווי אויף אַ טריקן זאַמד.

דעמאָלט האָט פּייפקע געזען בחוש און אַ צווייט מזל אויסגערופן:

— האָ, האָ! ער מוז מיך אויספּייפן!..

איז מען אַמאָל ניש׳ געפאָרן, אָדער אין אַ שבתדיקן טאָג, קריכט ער אַרום איבער די הייף, איבער אַלע אונטערגעסלאַך. טרעפט ער אָן אַ קינד, שפּרינגט ער צו אומגערעכט, וואַרפט עס אים, אָדער דערלאַנגט אַ קלאַפּ, אַז דאָס קינד נעמט „רייסן..." אָדער ער מאַכט „וויזיטן" איבער אַלע ,„מלינעס," פאַרזוכט אומעטום אַ „גלעזאַלע" און טשעפּעט זיך דערנאָך צו די שיקזעס.

אַמאָל סוף פרילינק, אין אַ דאָנערשטאָג פאַרנאַכט, געקומען פון וואַרשע, נאַנצע צוויי מעת לעתן,—פרייע! גיט אורקע צו פרעסן די פערד, פּאָיעט זיי אָן און, דערנאָך נעמט ער זיך אויף זיין באַליבטן שפּאַצירגאַנג איבער די הייף.

ס׳איז געווען פאַרנע, איז ער געגאַנגען בורפיס, אין טאַטענס ברייטע, לייוואַנטענע הויזן אויפן בלויזן העמד. אויף ערגעץ אַ הויף איז אָפן דאָס טויער, גייט ער אַ דורך און קומט אַרויס אויף אַ פעלד, וואָס איז באַשפּרענקעלט אינגאַנצן פון דעם, נאָך שוואַך אָנזעעוודיקן, קאַרטאָפל-בליאַכץ. דאָ איז ער נאָך קיינמאָל ניש׳ געווען. ווייזט עס אים דאָרט אויס ניי און ער קוקט אויף דעם ביסל פלייטן, וועלכע ציען זיך לינקס אויף דעם פעלד.

דערזעענדיק אָבער דאָס רויטע געמוירטע הויז, וואָס שטייט אויף אַ בערגל נישט ווייט פון דאַנען, האָט ער עס דערקענט אָן די רויטע נישט-געטונקצוועטע ציגל, אָן דעם שטראַכייטן-פלויט, וואָס רינגעלט עס אַרום און געוואָלט גיין צו׳ן עס, דאָס איז דאָס שעכט-הויז.

— „איצט שעכט מען אויף מאָרגן — האָט ער זיך געטראַכט — דאַרף מען דאָרט אַהין צוגיין, זעען, ווי ס׳גייט

אָבער ער איז געבליבן שטיין באַם בוים, וואו ער איז געשטאַנען. ס'איז שיין געווען גוט טונקל און אַ חברה שיקסלאַך זענען אָנגעקומען איבערן פעלד, פון וואַלד ערגעץ, פירנדיק אויף שטריקלאַך אַ פּאָר קאָזאַלעך, וואָס האָבן געמעקעט און די שיקסלאַך האָבן זיי צוגעהאָלפן און אויך געמעקעט, ווי די קאָזאַלעך.

אויף זיך האָבן די שיקסלאַך געהאַט בלויז די לאַנגע פויערישע קליידלאַך, וואָס זענען געווען די איינציקע מלבושים אויף זייער לייב. פיסלאַך זענען באַ אַלע געווען בורפיסע און די חערלאַך זענען געווען צעלאָזט פון אַרומלויפן אין וואַלד. באַ טייל האָבן געשטעקט נאָך אין די האָר, די שטעכעדיקע וואַלד-נאָדלען און טייל האָבן געטראָגן אין די הענטלאַך די שמעקנדיקע וואַלד-קישאַלעך, וועלכע, אַז מ'ליגט הונטערן קישן, שלאָפט מען רויק אַ דורך די נאַכט און מען האָט נאָר גוטע חלומות.

גייענדיקערהייט, האָבן די שיקסלאַך אי געמעקעט, אי געזינגען איינטעניקע פויערישע קינדער-לידלאַך און, בשעתן זינגען, זיך געהאַלטן מיט די הענטלאַך, באַ די זייטן, אַזוי ווי גרויסע, אָדער געהויבן זיך די קליידלאַך אויף די קעפּ אַרויף און שטופּנדיק, זיך געוואָרפן אין גראָז אַריין.

אורקע איז געשטאַנען און געקוקט, ווי זיי שטיפן אַרום אין דער טונקלקייט, וואָס איז ראַש פינצטערער געוואָרן, נישט אַזוי צוליב דער נאַכטס צופאַלן, ווי איבער זיין קאָפּ, אויפן הימל, זענען זיך צונויפגעקומען שוואַרצע כמאַרעס. פון אַלע זייטן האָבן זיי זיך צונויפגעקיפּעט, ביז דער גאַנצער הימל איז איין כמאַרע געוואָרן. אויף דער ערד האָט זיך אַ פינצטער-קייט געלייגט און אין דער לופט אַ פּאַרנעקייט, ווי פאַר אַ רעגן. זענען געגאַנגען די שיקסלאַך, געהויבן די קליידלאַך און געשריגן:

— „דעסציק בענדזשע ! דעסציק !"

האָט ער געקריגן דעמאָלס אַ חשק אויפצוקנעפּלען די ברייטע הויזן, הייבן זיי אויפן קאָפּ אַרויף און אויך, ווי זיי, שרייען :

— „דעסציק בענדזשע! דעסציק."

זענען זיי פאַרבייגעגאַנגען פאַרן בוים און האָבן אים נישט באַמערקט. איינע נאָר איז געבליבן פון הונטן, „מאַטשיזשאַקס" שיקסל, ער קען זי. נישט איינמאָל געהאָלפן מאַטשיזשאַקן טויבן כאַפּן. איז זי געבליבן הונטערשטעליג, ווייל אַ פּאָר שלאָפּקי-שאַלעך זענען איר פון האַנט אַרויסגעפאַלן און זי בייגט זיך איין און זוכט זיי אויף פון צווישן די הויכע גראָזן, וואָס וואַקסן באַ דער סטעטשקע.

שטעקט אורקע אַרויס די צונג אַזוי ווי דעמאָלט, ווען דעם טאַטעס אָגער האָט געיאָגט די קאָבילקע אויפן פעלד, פּאַ-מעלאַך קומט ער איר אָן פון הינטן, גיט אַ צי אַרויף איר דאָס קליידל אויפן קאָפּ אַרויף... און וואַרפט זיך אַנידער, אַזוי ווי אַ הינטל, מיטן בויך אַרויף... און פּאַטשט זי איבערן נאַקעטן לייב. דערשרעקט זי זיך און פאַלט אויך אום אין גראָז אַריין, שרייענדיק:

— מאַמאָ! מאַמאָ!

לויפן צו די איבעריקע שיקסלאַך, וואָס זענען שוין באַלד געווען באַם טויער, מיטשלעפּנדיק צריק פאַר די שטריקלאך די קאָזאַלעך, וואָס מעקען איצט אַזוי וויינענדיק, פילנדיק שוין דעם נאָענטן רעגן, וואָס אָט, אָט, וועט ער זיך געבן אַ גאָס פון דער הייך אַראָפּ. און די שיקסלאַך, צוקומענדיק צום אָרט, הערן נאָר ווי אורקע זאָגט:

— „אַ צאָ קזשיציס. אַ צאָ?"

אַזוי הייסט עס האָט ער געפרעגט אורקע, ווייל ער האָט שוין קיין אַנדערע ברירה נישט געהאַט...

לאַכן זיי, די שיקסלאַך, און אַרויפפאַלנדיק אויף אים, פּאַטשן זיי אים גוט אָן! און די קאָזאַלעך, דערשראָקענע פון אַלעמענס קוויטשערייען, שפּרונגען אַרום זיי, וואו זיי דישן זיך אויף אַ קופּע — איבער די בייכער, איבער די פיס און איבער די קעפּ איינרעכטנדיק זיי מיט בלאָטע און צעדראַפּנדיק זיי די פּנימער...

מיט דעם ענדיגט זיך די מעשה, וועלכע האָט זיך געקענט

אַנדערש אויך ענדיקן...

אורקע, אַז ער דערמאַנט זיך נאָך היינט אַמאָל אָן דעם פּאַרנאַכט, פאַרשעמט ער זיך פאַר זיך אַליין, אַז שיקזעס זאָלן אים האָבן גובר געווען און „קאַליע״ געמאַכט... וואָרן איז דאָס שיין, אַז אַ יינג זאָל זיך לאָזן אָנפּאַטשן פון קליינע שיקסלאַך ? אמת איז, אַז די הויזן האָט ער זיך געהאַט אויפ-געקנעפּלט נאָך פון פריר... און זיי האָבן קיין אַרבעט נישט געהאַט... און אמת איז אויך, אַז זיי זענען געווען אַ גאַנצע „געבאַנדע״ — אָבער דאָך קרענקט עס אים... ערשט ווען זיי האָבן אים אָפּגעלאָזט און אַנטלאָפן האָט ער זיך אויפגעכאַפּט און נאָכגעוואָרפן שטיינדלאַך און שטיקער בלאָטע... און כאָטש דאָס איינע טוט אים אַ הנאה...

ס׳מאַכט זיך אַמאָל, אויפן וועג, אַז אַ גויה, „פאַרשנעפּסלט נאָך אַ גוטע „ יאַזדע,״ צושפּילן זיך אין איר די געפילן... און קאָן זי ניש׳ איבעררעדן אַ יינג — שלעפּט זי צו אורקען צו זיך, קיצלט אים און פּליאַסקעט אים און ער כיכאָטשעט אַפילו אַלץ אויף זיין שטייגער, — אָבער ליב האָבן... האָט ער זי ניש׳... וואָס ? ער ווייסט ניש׳, אַז זי איז אַן אַל-טע ?!..

אַזוירנאָך וואַקסט אורקע, און די נאָנטע זאָגן :

— „אורקע ׳עט זיין אַ לייט !״

---

## צוועלעפטע קאַפּיטל.

מיט די ערשטע סמנים פון זומער איז אַראָפּגעקומען אַ „טרזפּע.״ איינגעפאָרן אין שטעטל זענען זיי מיט איינעם אַ

יעקב-עשו, וועלכער האַלט אַ בריטשקע צו דער באַן. אָפּגע־שטעלט זיך פאַרן קאָשציאָל, האָט מען דערזעען אַ האַלב טוץ צעפּאַלדעוועטע קאַפּעליושן מיט אַ דריי דאַמען-היטאַלעך. האָט מען זיך געשטעלט אַרום דער בריטשקע, ווי אַן ערן-וואַך און גענומען באַטראַכטן די געסט. יענע ווידער האָבן זיך מיט אַזאַ אינטערעסירן שטאַרק דערפרייט און, איינער, דער „גראַדאָ־וואַטער,״ אין אַ קורץ סאַקל און מיט אַ פויגעליש פּנים, שפּרינגט עלעגאַנט אַרויס פון דער בריטשקע, העלפט צו די „דאַמען״ באַם אַראָפּגיין און זאָגט צו דער קורצער האָר-געשוירענער, וואָס גייט אָנגעטון אין עפּעס אַ מאָדנעם פּעניואַר — אַודאי די פּרימאַדאָנע — מיט זייער אַ צופרידן קול:

— מ׳עט נאָך קאָנען היינט „אָנגיין״ דאַכט זיך...

שמייכלט יענע אויך צופרידן, קוקנדיק פון דער בריטש־קע אַראָפּ, בשעת אַרום פון גאַנצן מאַרק טייטלט מען שוין מיט די פינגער און יוסל קאָפּשטיק פרעגט:

— וואָס זענען דאָס פאַר אַ לייט?

— זעסטי, דו זאָלסט פרעגן, ביסט ׳ך עפּעס אַ „קאָפּ־שטיק...״

און פיניע גרעגער גיט זיך שוין אַ ריק צו און פרעגט דעם גראַדאָוואַטן:

— זענט עך די אַקטיאָרן?

— יאָ — ענטוועט יענער, צוקוועטשנדיק די גאָמבע צום האַלז, אַז עס זאָל אויסקומען מיט אַ גוידער... און צום קורץ געשרענעם מיידל:

— דער מאַן ווייסט אפשר פון איין האָטעל?..

— קאַ׳ האָטעל איז באַ אונז נישטאָ — רופט זיך אָן פיניע און עס טיט אים אַ הנאה, וואָס זיי גייען זיך טאַקי מיט אים באַהעלפן, — נאָר איך וועל שוין באַזאָרגן, וואָס עך דאַרפט צו האָבן.

— און אַ טעאַטער? — פרעגט פליצלינק דאָס מיידל פון וואָס פיניע ווערט שטאַרק צ קוכט.



איצט שעכט מען אַודאי אויף מארגן..—האָט ער זיך געטראַכט.

— איך ׳על... איך ׳על... — זאָגט ער — וואַרטן... אַרויס־רופן אַברמל אַרטיסט...

הערן דאָס די אַרטיסטן, קוקן זיי זיך אָן:

„וואָס זאָגסטו נישט צו דעם ?..״

און זיי ווילן אים איינהאַלטן... נאָר ווי ? נישטאָ שוין קאַ׳ פיניע גרעגער און אין אַ פּאָר מינוט אַרום שווימט ער צריק אויף אויפן מאַרק אַרויף, לויפנדיק מיט נאָך איינעם אַהער צו דער בריטשקע.

די אַקטיאָרן האָבן דערווייל באַצאָלט יעקב-עשון און גענעמען שפּאַצירן איבערן מאַרק און באַטראַכטן דאָס „אָרט״ וועלכעס זיי נעמען איצט „בעאַרבעטן.״ דער דירעקטאָר (אַלץ דער גראַדאָוואַטער) טוט צו וויסן, ראשית וועט מען „געבן״ די „אַמעריקאַנערן,״ אין וואָס דאָס קורץ געשוירענע מיידל האָט אַ „ראָל״

זעגען דאָ אַברמל אַרטיסט מיט זיין באַגלייטער דעם גרעגער און ער קוקט אויף זיי — (ער ווייסט שוין ווי אַזוי צו קוקן...) און גיט אַ שטעל אָן אַ מינע, ווי בשעת ער האָט אַמאָל „דיקלימירט״ „אַ רעגן גייט,״ און ער גיט אַ פרעג:

— איר ווילט אינז „געבן״ אַ „ספּעקטאַק ?״

ווערט די חברה אַקטיאָרן מיטאַמאָל קלאָר מיט וועמען זיי האָבן דאָ צוטון און זיי ענטווערן אים:

— אַודאי !..

און באַ באַנדל ליטוואַק, דער „קאָמיק״ פון דער טרופּע וואָס באַ אים הייסט אַ זעלכער, ווי אַברמל—אַ „דויל !..״—מאַכט ער אַזוי צו אַ מויד, וואָס הייסט די „שוואַרצע אַניוטאַ״ און וואָס שפּילט בלויז מוטער-ראָלן צוליב איר „מויל...״

—אָט דאָס איז גוט...

נאָר דער דירעקטאָר ענטווערט זאַכלאַך:

— מיר וועלן שטעלן „די אַמעריקאַנערן.״

— יאָ, — זאָגט אַברמל — אַ שיין שטיק. און ווער ׳עט שפּילן פאַר איר, די אַמעריקאַנעריז ?

-- איך, קאָלעגע ! — רופט זיך אָן דאָס געשוירענע

מיידל, איינבייגנדיק דאָס פּנימל און קוקנדיק אים שיפלאַך אין די אויגן אַריין. דאַבאַ טוט זי אַ שאַר מיטן פּיסל. אַ הייב דאָס קליידל צוזאַמען מיטן „פּעניואַר,״ מיינענדיק אַז ס׳איז אויף דער סצענע און פאַרגעסנדיק אַ פּנים, אַז ס׳איז אין מיטן מאַרק...

— יאָ, יאָ... — זאָגט אַברמל — זי קערן צו שפּילן די ראָל...

לאָזט ער דעם גרעגער פון הינטן און ער גייט צוזאַמען מיט די אַקטיאָרן פאָרויס.

איבערן וועג שרייט ער אַרויף צו אַ פענצטער פון אַ גאָרן, צו ברוך פלייטניק, דעם איינציקן רעכטן קלעזמער אין שטעטל.

יענער קומט אַראָפּצולויפן, מיט שפּאַקולן אויף דער נאָז, פון מיטן דער לעקציע, וואָס עס נעמט בײַ אים אַ נגידישער בּוחר אויף פידל-שפּילן...

שטעלט אים אַברמל פאָר פאַר די אַקטיאָרן און מען גייט אַוועק צו דער „סטראַזשאַצקע״ (פייער-לעשער) שאָפּע, וואו ס׳געפינט זיך אויך אַ סצענע מיט דריי ווענטלאַך, אויך קוליסן און אַ לאָך—פאַרשטעלט מיט אַ ברעטל פאַר אַ סופלאַר—אַן אמת טעאַטר...

אָבער איבערן וועג נאָך איז ברוך פלייטניק עפּעס נישט אַ הער און נישט אַ הין: דאָ דאַרף ער גיין, וואָרן ער גייט דאָך... און דאָ שרייט אים דאָס ווייב נאָך פון פענצטער אַרויס:

—ברוך, וואָס האָסטו דעך גענעמען פּליצ׳ אין מיט׳ דריי-נע׳ שפּאַצירן? דער בּחור שטייט דעך?..

נאָר אַברמל גייט נעבן דער ראָזאַ, דאָס געשווירענע מיידל, און רעדט מיט איר פון פאַרשידענע „שטיקעס.״ ער האָט ליב היסטאָרישע פּיעסן.

—צי וועלן זי געבן „בּר-כּוכבא?״—פרעגט ער.

—אַודאי, אַודאי.

— און „געלט, ליבע און שאַנדע?״

—אַודאי, אַודאי,

און „די באָבע מיטן אייניקל?״

„זי זענען אַ וואַרשעווער?״—פרעגט זי.

—ניין. אַ היגער. קייגן וואָס?

—ווייל זי האָבן אַ נייגונג צו דער סצענע... זע איך.. איר ווייסט אַזוי פיל שטיקער...

איז אַברמל צופרידן און באַמבקעט עפּעס אַ לידאַ-לע...

באַקוקט די שאָפּע, באַרעכנט, וויפיל עולם ס׳קאָן אַריין, פרעגט דער דירעקטאָר, באַ וועמען מ׳קאָן דינגען דאָס טעאַטר. אַנטשולדיקט זיך אַברמל באַ „ראָזאַן,״ דערנאָך באַ די איבעריקע אַקטיאָרן און צוזאַמען מיטן דירעקטאָר גייט ער אַוועק אין מאַגיסטראַט און ווענט זיך גלייך צום בורגעמייס-טער.

זאָגט יענער: ניין... נאָר נאָך אַ סאַך בעטן הייסט ער זיי גיין צום נאַטשאַלניק פון „סטראַזש,״ אפשר וועט יענער ערלויבן...

קומען זיי שוין צום סקלאַד-אָפּטעטשניק און יענער פרעגט זיי נישט מער, נאָר אויף וועלכער שפּראַך מ׳עט שפּילן?..

—אויף יידיש...—ענטווערט דער דירעקטאָר.

—קען מע׳ ניש׳...—זאָגט ער.

—וואָס הייסט? אַ געזעץ איז דאָ אַ זעלכעס?

—ניין—אַ געזעץ ניש׳, נאָר מיר האָבן אַזוי באַשלאָסן אויף אַ זיצונג...

דאָ איז נישט גוט. און מען בלייבט שטיין אין מיטן מאַרק פאַרקלערטע...

אַברמלס מינע איז כמעט טראַגיש, די הענט האַלט ער פאַרקרייציקט אויף דער ברוסט, ווי אַן אמתער „שוישפּי-לער...״

—נישט גיט...

—וואָס-זשע טוט מע׳?..

טוט מע׳ דאָס אייגענע, וואָס מ׳טוט אין אַנדערע שטעט-לאַך אין דעם פֿאַל. שפּילט מען אין אַ חדרל פֿון פּאַראיין. האָבּן זיך אָנגעפּאַקט יינג און אַלט, אויך דער נייער וואַכמייסטער. (נישט צו פאַרזינדיקן, נישט ערגער פֿון „אַנדסמאַנען) האָט עס אים שוין אַליין בּייִם האַרץ אָנגענומען. ווען אויף די פּאָר בּרעטלאַך האָבּן די אַרטיסטינס געדאָרפֿן „אויפטרעטן,״ האָבּן זיך די צוויי קלעצלאַך, וואָס זענען געווען אונטערגעלייגט אונטער זיי כּדי די „סצענע״ זאָל אויסקומען העכער, זיך צעריקט, אפשר, ווייל זיי זענען געווען קיילאַכדיק... און די „שוואַרצע אַניוטאַ.״ וואָס שפּילט די מוטער ראָלן — „בּאַץ!״ אַריין מיט אַ פּיס דאַצווישן און זי ליגט שוין... נאָר אַ געפּאַלענעם העלפֿט דאָך מסתּמא גאָט?.. איז דעמאָלט אַר.יף אויף דער סצענע, וואָס איז שוין געלעגן אויפֿדר׳ערד גלייך מיט דער פּאָדלאָגע... דער וואַכמיי-סטער, בּכבודו ובעצמו, וואָס עס איז אים זייער שטאַרק גע-פֿעלן דאָס ווייסע שטיקל מייטקע, וואָס האָט זיך אַנטפּלעקט פֿון הונטער „אַניוטאַס״ קליידל, וואָס איז אַזוי אויך קורץ גע-ווען ובפֿרט נאָך בּשעת אין פֿאַלן, ווי ער האָט בּחוש געזען די צוויי פּוכקע פּיס, וואָס ליגן נעבּעך אַזוי צעצווייגטערהייט אין די ווייסע מייטקעס,—איז ער אַרויף צו׳ן איר און געזאָגט: קומען זי מאָרגן צו מיר וועט מען בּעשפּרעכן איבּער דאָס שאָפּפּאַ... איז צומאָרגנס אויף די אייגענע אַרו״סגעהאַנגענע אַפֿישן צוגעשריבּן געוואָרן, און צעוויסן געגעבּן געוואָרן — אַז מע׳ שפּילט אין דאָס שאָפּפּאַ.. אין קינד און קייט און יינג און אַלט האָבּן זיך געגרייט מיט בּילעטן אין טעאַטער.

---

# דרייצנטע קאַפּיטל.

דער ערפאָלג איז געווען אַ גרויסער, איבער אַלע „ער-וואַרטונגען.“ דאָס נעכטיקע „שפילן,“ וואָס איז אייגענטלאַך נאָר געווען אַ פּאָרשפּיל פון שפּילן... האָט נישט געבּרענגט קיין שים אַ „דורכפאַל.“ וואָרן, ווי ס'ווייזט אויס האָט עס די יינגען פון שטאָט אויך נישט געלאָזט אָן א רושם דאָס פאלן פון אַניוטאַן... און באַלד אינדערפרי האָט מען שוין געקאָנט זען דעם ערפאָלג. וואָרן קינדער אַפילו זענען נישט געשלאָפן: געשלעפּט און געטראָגן שטולן, געשלעפּט און געבּרענגט ברע-טער, און פיניע גרעגער האָט זיך שוין „דערמאָרדעוועט,“ זיין „גרעגער“ האָט זיך געטראָגן איבערן גאַנצן מארק און אין אַלע זייטן געסלאַך פון שטעטל.

דאָ האָט עס אַפילו אונזערע ברוינפינמאַכעס אויך געגנע-מען. און דער קליינער משהלע האָט זיך געזאָגט: מעג זיין, וואָס עס וויל און היינט מוז ער גיין אין טעאַטער אַריין. איז נאָר פאַרטיק געוואָרן דער „קאָך“ פון קנאַפּע פינעף לי-טער, איז ער אַוועק אַהיים, אָנגעטון זיך כיד המלך און אַוועק אין טעאַטער.

איז די שאָפּע גרויסאַרטיק אילימונירט. אַלע שפּריצערס— אַרויסגעפּירטע שטייען אויפן הויף מיט די דישליס גלייך אויפ-געשטעלט, ווי די זעלגער... אינעווייניק, נעבן דער סאַמע וואַנט, זענען געבליבן שטיין נאָר די בלויזע לייטערס, אויף וועלכע עס קריכן אַרויף, אָדער הענגען זיך אָן ווייסע חברהניקעס, וואָס

האָבן געצויג זיך אָנגעאַרבעט דעם היינטיקן טאָג אַרום דעם טעאַטער און כשר פּאַרדינט אַ „פרייען איינטריט" אויף דער לייטער אַרויף... אַריינגעפּאַסט אין סאַמע ווינקל שטייט נאָך אויך אַ בופעטל און אַ מיידל דאַרונטער—נאָר מען ווייסט ניש ווער פון זיי ס'איז ברייטער... בענק שטייען רייען, אויף וועלכע ס'איז אויסגעגאָסן דאָס געשטאַלט פון דריי פאַרשידענע קול-טור-מדריגות: „תלמוד-תורה," „חברה-תהילים" און „ביבליאָטעק..." זיצט אויך אַ פאַרשידנאַרטיק פובליקום, אַזוי ווי איטשל האָט ליב צו זאָגן: „פון לעקאַך מיט צובאַלעס..." גאָר אויף די ערשטע בענק זיצן: פייפקע, אַברמטשע וועלוועלס, בערטשע, דער ווייסער כתריאל און אומגערעכט פאַר אַלע — אויך מענדל, וואָס מען האָט אים מיט כח מסתמא געמוזט אַהערנעמען. אָבער נאָך אַלץ דער זעלבער פאַרטראַכטער פון דעמאָלט אָן... און גרונם מיטן ווייב (טאַקי מיטן ווייב!) און משהלע און נאָך און נאָך. נאָר פון אַלע שיינט אַרויס מיט די גאָלדענע רינ-גען און בראָסלעטן, מירקע די אַדעסערין. אויפגעקעמט איז זי עפּעס גאָר אויף אַ מאָדנעם אַרט, און די פריזירקע פון שייט-לאַך פאַר יינגע ווייבלאַך אין שטעטל, וועלכע האָט זיך אויך געפינען צווישן פובליקום, קוקט שטאַרק אָנגעשטרענגט צו דערגיין דעם סוד ווי אַזוי זי קעמט זיך אויף. אין מיטן קאָפּ — סאַמע אין מיטן — הייבט זיך אויף אַ קנויל האָר אין דער הייך און פאַרענדיקט זיך מיט אַ שפּיץ, ווי אַ היטל צי-קער. אַרום דער קנויל' זענען אַרומגעשטעקט קאַמן און קעמאַ-לעך; שפּילקעס און שפּילקאַלעך; און פון אַלע בלישצעט עס און ס'גלאַנצט פון אָן אַ שעור בריליאַנטן, דימאַנטן און כלערליי אַבנים טובות; און הינטן, סאַמע איבערן קאַרק, איז פאַרשטעקט אַ גאָר גרויסער קאַם, אין דער פאָרם פון אַ האַלבער לבנה. פון אָט דער קאַם בליצט עס אָן אויפהער רויט און גרין. אָנגעטון איז זי אין אַ ברייטער, שוואַרצער, זיידענער בלוז-קע מיט פעלדראַלעך. דורך יעדן פעלדל, איז אַ דורכגעצויגן, ווי אַ זיגזאַג, אַ וויים בענדאַלע און די בענדאַלעך זענען אויך אויסגעהאַפטן מיט בריליאַנטלאַך. אויפן נאַקעטן האַלדז טראָגט

זי אַ ברייט זילבערן פּאַסיקל, וואָס מאַכט זיך צו פון פאָרנט מיט אַ גרויסן שלאָס און ער איז אויך באַזעצט מיט בלישצענדיקע שטיינדלאַך. בלישצעט עס און בלענדט עס פון מירקען און ס׳גייען אויף פון איר שטראַלן אויף אַלע זייטן, ווי פון אַ זון, זיצט אַזוי פאָרנט, אויף איינע פון די ערשטע שטולן פאַר דער סצענע, און אירע שטראַלן ציען זיך, ביז אַראָפּ, צו דער הינטערשטער וואַנט, וואו עס שטייען די לייטערס און אַלע יינגען ווערן איינגעטשוועקעוועט מיט זייערע אויגן אין איר. נאָר פּייפּקע קוקט נישט דערויף, ער איז אַלץ מוחל אַ חוץ טאַנצן...

דער קליינער משהלע איז אַרויס פון דער פינצטערער און פייכטער „מלינע,״ זיצט ער באַ איר לינקע האַנט און איז גרייט צו, כ׳יוויס ניש׳ וואָס, צו טון פאַר איר... ווי פליצלינק טוט אַלדינג אַ פאַרשווינד. מיט איינמאָל ווערן אַלעמענס בליקן אָפּגעריסן פון דער אָדעסער „זון״ און אַ טראָג זיך איבער דאָרט אַהין. וואו די סצענע האָט זיך אַ מאַך אויף געגעבן. — אויף דער בינע דרייט זיך ראָזאַ אַרום אין קורצע, אויסגעפּאַסטע הייזלאַך מיטן ברייטן קאָלירטן פּאַסעק און אויך קאָלירטן העמדל, מיט אַ שפּיצרוט אין האַנט. יינגען ווערן „געכאַפּט,״ פליען אַליין, ווי פייגאַלעך אייף אַ לייכט-טורעם... מאַנען פאַרגעסן אָן ווייבער און דער פאָרזיצנדער, מעכאַלע. וואָס האָט אַ ווערטל. אַז אַלץ, וואָט איז גוט, הייסט עס באַ אים „עלטסטע,״ חזרט ער ווך שטילערהייט:

— דאָס מוז אַודאי זיין פון די „עלצטע״ מיידלאַך...

אָבער משהלע איז גאָר פאַרכשופט. ווי זעט ער יעצט, ווי געדענקט ער יעצט אָן אַ מירקע „די אָדערסערן ?..״ ווי שפירט ער גאָר איר אָרעם, וואָס פאַרשטעלט אים שעור אַ חאַלב פנים ?.. און וואו איז ער דאָס יעצט ?.. איז ער אין דער שאָפּע — אין דער „סטראַזשאַצקער״ שאָפּע און אין זייער שטעטל ?..

אַזוי זענען אַ סך פאַרקראָכן צו „ראָזאַן״ — אויף די בינע מיט אַלע זייערע חושים און זי, זעענדיק, ווי ווייט דאָס פובליקום איז שוין, ווי אַ פובליקום דאַרף צו זיין... טוט זי נישט

מער, ווי אַ דריי מיטן קעפּל, װאַ װאָרף מיט די היפּש-זונטער-געשמירטע אויגן און די פּיסלאַך נעמען זיך דרייען אין אַ ווינטיקן טאַנץ! — נו, האָט מען דען נישט געמיינט, אַז די וועלט פאַלט איין? ס׳איז דען נישט געוואָרן אַ מריטשן ווי פון אָקסן... וואָס איז גאָר נישט געווען „פּאַדאָבנע״ אויף בראַוואָ-געפּעטשאַריי?.. האָבן דען נישט די צוויי יינגען, וואָס זענען געשטאַנען אין די ווינקלען און צוגעשאַרט און אויפגעשאַרט די פּויערהאַנג, געמוזט זי צריק אויפשאַרן?.. בייגט זיך דען נישט „ראָזאַ״ און נייגט זיך נאָך און נאָך פאַרן פּובליקום, צו-דרייענדיק מיטן רעכטן פיס, ווי פּייפּקע בעתן ערשטן מאָל רעדן מיט די דריי שיקסלאַך אין וואַרשע פאַר דער לאַמ-טער?..

אַזוינס, אַזוינס איז דאָ געשעען!..

משהל. ער זיצט שטיל, מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן און זעט נישט און פילט נישט קיינעם נאָר די „צאַמעריקאַנערין,״ כאָטש די פּויערהאַנג איז שוין לאַנג פאַריקט, אָט גייט זי... אָט שטייט זי... אָט דרייט זי זיך... אָט הייבט זי זיך... ער פאַרגעסט! ווי האָט ער גאָר אַ „מלינע!״ ווי אַ ווייב מיט קינ-דערלאַך! ער הערט צומאָל ניש אַבראַמלס קול. נאָר, אַז יענער שטעלט אים אויף באַ די אַקסלען און פרעגט אים: פאַר וואָס ווילסטו נישט אַרונטערגיין „זאַ קוליסאַמי״ און דריקן די הענט פון די אַרטיסטן? — פאַרווינדערט ער זיך און קאָן גאָר נישט פאַרשטיין, ווי אַזוי ער האָט עס אַזאַ זאַך פון די געדאַנקען פאַרפעלט...

זיצט אַ צינט די „אַמעריקאַנערין״ הינטער די סצענע, פאַרלייגט אַ פיס אויף אַ פיס, פאַטשט זיך מיט דעם שפּיצרוטל איבער אַ קני און עסט אַ שטעקאָלאַדקאַלע, וואָס משהל האָט געשווינד גענעמען פון בופעט. אורקע פליט דאָרט אַרום, נאָך פון פריר, ווי אַ פאַרשטייט פערדל, קומט אַלע מאָל צו אַ שטיקל פון דער ווייטנס פון דער אַמעריקאַנערין, טוט אַ קוק אויף אירע געפּאַסטע פיס און אַנטלויפט אומדרייענדיק דעם קאָפּ און צעהירזשענדיק זיך...

דאָ קומט אַרויף אויף דער וואַלטמייסטער. ער שטעלט זיך אָפּ פאַר איר שטול, זאָגט:

— יאַ, יאַ. דאָס וואַר היפּש, יאַ, יאַ.

און קוקט אויף אַלץ אינאיינעם אויף אירע הייזלאַך. דאָ-נעמט ער זיך דרייען די וואָנסעס און ער באַשטימט אין זיך, פון היינט אָן נישט איינצולאַדן מער די מיטן „מויל,״ נאָר טאַקי די „אַמעריקאַנערן״ אויף צו באַשפּרעכן איבער דאָס שאָפּפּאַ...

משהל, זעענדיק דעם וואַלמייסטער, ריקט ער זיך אָפּ אָן אַ זייט — ער דאַרפן דאָ נייטיק צו האָבן! — און ער לאדט איין די גאַנצע „טרופּע״ צו זיך אויף אַ שנעפּסל.

דער „גראַדאָוועך,״ וואָס איז אַ מבין אויף אַ זעלכע זאַכן, רופט אַוועק „ראָזאַן״ און זאָגט איר אויפן אויער:

— זעסטו — דער „דויל״ איז „פּאַרקאָכט״ אין דיר... נעם אים אויף פּעסט... ער מוז נישט זיין קאַן אָרעמאַן...

און אין טעאַטר, בשעתן „אַנטראַקט,״ זיצן די יינגען און זיי זינגען שוין אויפן קול די לידלאַך, וואָס זיי האָבן דאָ גע-הערט, מיט די לידלאַך פירט אָן איטשל בשותּפות מיט פייפקען און עס ווערט שעור אין דעם טעאַטר נאָך איין טעאַטר — אַ צווייטס:

„דאַמען, אוי דאַמען, ווי רייצענד איז אייער בליק...״

ביז עס דערטראָגט זיך אַברמל אַרטיסטס קול:

— דער „זאַנאָוויעץ״ ריקט זיך שוין!

נעמט ברוך פּלייטניק די כּלי אין מויל אַריין, בלאָזט אָן די צוויי באַקן און אַ שרעקלאַך פייפן צעשווימט זיך איבער אַלע ווינקאַלעך.

ווערן אַלע מיטאַמאָל שטיל און עס קניפּן זיך ווידער אָן בליקן אָן דער „ראָזאַ,״ וואָס בלייבט שוין באַם נאָמען, פון היינט אָן: „די אַמעריקאַנערן.״

באַ אַ טייל, מיט אַברמלען אָן דעם שפּיץ, ווערט דע-מאָלט באַשאַפן אַ גרויסאַרטיקער געדאַנק וועלכער קריגט באַלד אָנזעען באַ די „פירנדע קרייזן״ פון דער ביבליאָטעק און

ס׳ווערט באַשלאָסן, טאַקי היינט נאָך, צו מאַכן אַ רייד מיט דעם דירעקטאָר מכח שטעלן אַ פיעסע צוזאַמען מיט די היגע „אַמאַ-טאָרן...״

נאָר פיניע גרעגער שטייט און קוקט אויף דער סצענע, אָבער — לא! ער קוקט טאַקי אַזוי ווי אַלע קוקן; ער זעט טאַקי, וואָס אַלע זעען, אָבער אינמיטן איז אים פאַרקראָכן אין די רעיונות אַריין, ער ווייסט אַליין נישט, ווי אַזוי, גאָר וועגן זאַלץ... זאַלץ, וואָס ווערט אַזוי טייער! אין געדאַנק רעכנט ער איבער וויפיל געלט ער פאַרמאָגט און ער טראַכט דאַדורך, ווי גוט ס׳וואָלט געווען, ווען ער זאָל אַ פּאָר וואָכן אונטערהאַנד-לען מיט זאַלץ... פאַרדינען אַ פּאָר הונדערט מאַרק... וועט ער צוזאַמען מיט די פּאָר הונדערט, וועלכע ער פאַרמאָגט שוין, קאָ-נען דינגען אַ סעדל. ער רעכנט אויך איבער די נעמען פון יענע, וועלכע וואָלטן זיך געטויגט פאַר שותפים און ער קאָן פאָרט ניש׳ אויסזוכן קאַ׳ פאַסיקערן, פון מעכאַלען...

— „מאַ — טראַכט ער זיך — וואָס ס׳איז געווען, איז גע-ווען — איז אַ דורך... זאַלץ, דאָס איז אַן אָפּן געשעפט און ברענגסט עס נאָר צו פירן, קריגסטו קישעדיק, דיין געלט...— האָט ער דעם געדאַנק פאַרענדיקט און כאַפּנדיק דעם אָטעם פאַר געשווינדקייט, — איפל-ל...

שטייט ער אַזוי און ער ווערט צופרידן מיט זיך. מאַכט ער זיך גלייך דאָס שניבסל. וואָס ער האָט היינט אָנגעטון אויף זיין קאָלנער, מחמת פייערלאַכקייט. און מער קיין אַנדערע גע-דאַנקען קריכן אים שוין נישט אין קאָפּ אַריין. ניש׳ דאָס איי-גענע, וואָס באַ אַלע אַנדערע יינגען!..

פיניע גרעגער האָט סיי ווי סיי געשמט פאַר אַ סריס... אַזוי דרייט ער מיט דער וועלט, קאָכט, רודערט — נאָר אַז ס׳קומט צו אַ מויד — איז ער אַ טויטער... ער פילט עפּעס נישט דאָס וואָס אַלע אַנדערע יינגען...

# פערצנטע קאַפּיטעל.

נאָך דער דאָזיגער נאַכט פון שפּי׳ן די „אַמעריקאַנערין" האָבן די אַקטיאָרן איינגעזען, אַז ס׳איז זיך נישטאָ וואָס צו איילן, גאָר נישט דאָ וואָס צו איילן מיטן אַוועקפאָרן... האָט מען אָפּגעדינגען אַ שטיקל פראָנט-קעלער באַ שמואל הויקער, פאַר-האַנגען דאָס קליינע פענצטערל, וואָס איז אויפן הויף אויס-געקומען גלייך מיט דער ערד, מיט אַ פּאַפּירן פויערהענגל, און ס׳איז אַוועק אַ לעבן!

דער קליינער משהלע כאַפּט זיך נאָך אַמאָל צו צו אַ „קאָן," אָבער ס׳טרעפט אויך, אַז ווען ער דאַרף אַכטונג געבן, עס זאָל נישט אויספעלן קאַ האָלץ הינטערן קעכעל, אָדער ס׳פייער זאָל נישט זיין צו שטאַרק, לאָזט ער שטיין אַלץ „נאַ פריי" און גייט גאָר אַראָפּ אין שמואל הויקערס קעלער און זעצט זיך אַוועק נעבן די „אַמעריקאַנערין". ער נעמט דעמאָלט אַרויס אַ פלעשל מיט אַ גלעזאַלע, גיסט איין, לייגט אַרויס אַ פּאָר טשאַסטקיס און ער קוקט איר אין מויל אַריין און האָט גרויס הנאה, אַז זי עסט נאָך אַ שטיקאַלע, אַז זי סרינקט נאָך אַ ביסעלע...

טיילמאָל, ווען אין אים צושפּילט עס זיך שטאַרק און, אַז זיי געפינען זיך אַליין, אין צווייען, רוקט ער זיך צו׳ן איר צו, נעמט זי אַרום און קישט זי. זי ווערט אים ניש. קריגט ער מער מוט און באַשמחהט הייבט ער זי אויף, זעצט זי אַוועק אויף זיך און זי ווייטער, זי ווערט אים אַלץ ניש. נאָר

ווען די אויגן נעמען זיך אין אים אנגליען און די האָר פון זיינע דיקע וואָנסעס, הייבן זיך אָן אַליין צו באַוועגן און, ער אַליין, שטעלט זיך אויף און קוקט זיך עפּעס אַזוי אַרום אין קעלערל — דעמאָלט נעמט זי לייכט אַרויס אירע הענט פון זיינע, גייט אַריבער אויף די צווייטע זייט טישל, באַם פענצטער צו, און זי נעמט גאָר רעדן צו׳ן אים מכּח טעאַטער, ראָלן און שטעטלאַך, וואָס זי האָט שוין געזען פאַרשידענע און אים לאָזט זי איצט ניש צו זיך צו.

דער דירעקטאָר, וואָס קומט טיילמאָל אַריין באַ אַזאַ סי־טואַציע און באַמערקט, ווי משהל ברענט אַזוי — מאַכט ער שפּעטער מיט איר אַ טענה וועגן דעם:

— דער „פּלאָכט" איז גוט פאַרקאָכט, זע איך, אין דיר. אָבער פאַרשטייסטו ראָזאַ, אַ זעלכן דאַרף מען קאָנען פירן... אַלץ יאָ, נאָר... פאַרשטייסטו...

— לייג דיך אין דר׳ערד אַריין — הערט ער.—איך ווייס שוין אַליין וואָס כ׳האָב צו טון. — און זי דרייט זיך אַוועק פון אים.

פאַרדריסט עס זי שטאַרק אויף דעם דירעקטאָר, דעם „גראַדאָל" — „וואָס ? אַ סאַך וואָלט ער געהאַט „זבאָר" אָן מיר ?" און זי באַשליסט אויסצופאָרשן משהלען, וויפיל ער קאָן דאָס פאַרמאָגן ; ווערט זי זיך אפשר אַליין „פאַרלייגן אַ טרופּע" — אַליין ווערן דירעקטאָרקע...

פון דעם אָן, ווען זי באַשליסט אַזוי, ערלויבט זי משה־לען מער, ווי ביז היינט און ער איז גאָר צודולט פון איר צוגעלאָזטקייט. „ניש אַנדערש — טראַכט ער — זי מוז זיין פאַרליבט אין מיר..." און ער איז זיכער, אַז נאָך אַזוי אַ טאָג — נאָך צוויי און...

האָט ער זי גענומען צו פּאַשן מיט די גיטע זאַכן. יעדן אָוונט, ווען זי קומט צוגיין פון „באַשפּרעכן איבער דאָס שאָפּ־פּאַ..." איז שוין אָנגעגרייט אַ פּערטאַלע גענזענס מיט אַ ווייס ברייטאַלע. אַ שנעפּסאַלע, פאַרשטייט זיך, פעלט אויך ניש. עסט

מען דעמאָלט און מ׳טרונקט און די אַמעריקאַנערין הייבט אָן צו באַקומען פאַרבן אין די בעקלאַך... אונטער דעם קלאָר פוכקען גאָמבאַלע לייגט זיך איבער, ווי אַ שניט... און די ברוסטלאַך ווערן שטייפער, שטיפּן אויס די בלוסקאַלעך...

און חברה לעקט נעבן איר אויך אָפּ אַ ביינדל. און, אַז ס׳מאַכט זיך, דאָס ערשטע פיר פונטיקע, ווייסע ברייטל ווערט צעמזקט און מ׳ווייסט נישט וואו ס׳איז אַהינגעקומען... נו שיקט מען אַרויס דעם פּיאָדאַרן, וועלכער שרייבט די אפּישן, צום בעקער און פאַר אים איז קיינמאָל נישטאָ קאַ רעשט, ברענגט ער פאַר די רעשט אויך ברויט... און ווען משהלע שטעלט אַמאָל אַ פלעשאַלע קאָניאַק פאַר איר, זענען זיי זיך אויך מכבד מיט גלעזלאַך...

אַזוי זעט אויס משהלע פאַרטון שטענדיק, ביז עס קומט דערצו, אַז יצחק יונה מיט יוסף לאַלקע זאָלן אים אָפּזאָגן פון שותפות. טרעט ער דעמאָלט שוין גאָר אינגאַנצן נישט אָפּ פון דער טרופּע. עסט ער מיט זיי, שלאָפט ער מיט זיי און גייט צוזאַמען מיט אין טעאַטער אַריין. און אַברמל אַר-טיסט גייט גאָר אַרום און פאַנטאַזירט, ווי ער פאָרט אַרום מיט זיי צוזאַמען איבער שטעטלאַך, „טרעט אויף,״ זינגט לידער, אַפילו אַ זעלכע, וואָס ער קאָן גאָר ניש...

האָט עס אַזוי געדויערט אַ צייט, ווי די דאָזיקע צוויי זענען געווען פאַרטון אין עולמות עליונים, ביז זייערע ווייבער האָבן זיי פון זייער שלאָף אויפגעוועקט. די ערשטע מיט אַ וועלגער-האָלץ, די צווייטע מיט אַ וועלגער-האָלץ זענען זיך צו-נויפגעקומען מיט די פאַטשיילעס אויף די קעפּ, וואָרן לענגער האָבן זיי שוין נישט געקאָנט אויסהאַלטן און זיי זענען צוגע-קומען צום קעלערל. אַריינגעקוקט דורך דעם קליינטשיקן פענצ-טערל און גאָרנישט געזען, ווייל דאָס פאַפּירענע פויערהענגל האָט פאַרשטעלט — זענען זיי גלייך צו דער טיר, געעפנט און, אַראָפּגייענדיק פון די פאָר שטיגלאַך האָבן זיי זיך שוין גע-פינען צווישן דעם גאַנצן זינגענדיקן עולם, וואָס פרעסן, זויפן

און זיצן אַזוי אַרומגענומען, אַז צווישן מאַן און ווייב איז שווער אַזוינס צו טרעפן...

דערזעט מען זיך איין צד דעם צווייטן — ווערט פינצ־טער אין ד'אויגן, די פנימער—ווייס, ווי קרייד. וואָרן חוץ אַלעם וואָס זענען זיי דען געקומען דאָ, די ווייבער — אויף אַ טע־אַטר ?.. — האָבן טאַקי די וועלגער־העלצער באַלד אָנגעהויבן צופליען אין די קעפּ אַריין און געוואַלטן האָבן אָנגעהויבן דורך דער אָפענער טיר אַרויסצופלייצן אויף די גאַס און אין מאַרק אַריין, פון וואַנען ס'האָט זיך שוין געגעמען צונויפטראָגן אַן עולם פון מאַרק־מענטשן און גלאַט אַזוי יינגען און מיידן און די חרפה וואָלט געקענט ווערן גאָר אַן אויסטערלישע...

נאָר זי איז נישט געוואָרן און דאָס האָבן די מענער געהאַט צו פאַרדאַנקען די שטענדיקע סוכסוכים צווישן די פרומע פון דעם שטעטל און דער „בילִיטעע." ס'האָט זיי שטענדיק, ווי געדרייט אין דער נאָז אָט די דאָזיקע „בילִיטעע" וואָס די דייטשן האָט עס נישט טייער געקאָסט באַם ערלויבן זיי און די יינגען האָבן זיך געהאַט באַ וואָס צו פאַרשפּילן. נאָר וואָס טוט מען דען נישט, כדי נישט צו לאָזן חלילה אַ וועלט אומ־ברענגען... האָט מען געגעבן פראָשעניאַלעך און ביטעסלאַך, מיט אַ מסירהלע, ביז עס האָט געהאָלפן... און אָט אין רעכטן מיטן קלאַפּ, ווען די וועלגער־העלצער זענען שוין געפלויגן איבער די אומגליקלאַכע מענערס קעפּ, האָט זיך געמאַכט אַזאַ מין בהלה אין שטעטל, אַז אַלע זענען אויפגעשטאַנען איינער אַנטקייגן דעם אַנדערן און שוין זיך צו שעלטן. אָט איז, צום ביישפּיל : פייפקע, בערטשע, יענקל, איטשל פון איין זייט און רעב יוואָווע, און דער רבי און נאָך בעל־הבתים פון דער אַנדע־רער זייט. דען נאָר וואָס האָט מען געשיקט נאָך שמואל מייטעס רופן אים אין מאַגיסטראַט אַריין צום בורגמייסטער, וואו ער האָט געקריגן אַ פאָרגעליינט אַ באַפעל פון קרייז־שעף, אַז דער פאַראיין זאָל זיך פאַרמאַכן און די שלימלען אַוועקגעטראָגן ווערן אין מאַגיסטראַט אַריין, אַליין מיט אייגענע הענט פאַרשליסן און אַוועקטראָגן... איז דאָך די פאַרביטערניש געווען זייער

גרויס און פיניע גרעגער האָט אויף אין דער געשווינד, ווי נאָר ער אַליין קאָן דאָס און ווייטער קיינער נישט, צונויפגעפויקט אַלע מיטגלידערס פון גאַנצן פאַראיין, אַז אַ קודם זאָלן נאָר אַלע זיין אויף איין אָרט. און ווען דאָס איז שוין געווען פאַר-טיק איז פיניע ערשט אַרויס מיטן אמתן לשון:

„איך האָב באַלד געוויסט, אַז זיי מיינען די „ביליטעק.״ וואָרן, וואָס האָט יידל בהוינפינמאַכער מיטן רב און אורן דאָ-זאָר צו טון אין קרייז? איך וויים, וואָס זיי האָבן צו טון, אָבער אַזוי לאַנג קרענקען זיי, ווי לאַנג דאָס וועט זיי ווערן געשענקט.

ער האָט ווייזט אויס נאָך געוואָלט עפּעס זאָגן, וואָרן ער איז איצט אַריינגעקומען אין דער מדריגה פון גיין פלעטן מח׳עס, האַקן ציין און נאָך און נאָך, ווי ס׳איז אַרויף אויף דער טרובונע דער ערשטער פּאָרזיצנדער און מיט אַ טרויריג פּנים באַשטעטיקט פיניעס השערה:

— יאָ, איך מוז קאָנסטאַטירן דעם פאַקט, ווענן וועלכן אונזער חבר האָט דאָ גערעדט און גלייכצייטיק בעטן אַלע חברים צו פאַרלאָזן דעם זאַל. איך מוז אים שוין שליסן און די שליסלען באַלייגן אין מאַגיסמראַט.

איז עס געוואָרן אַ מהומה נאָך די ווערטער, אַז קיינער האָט נישט געהערט, וואָס דער שכן זיינער האָט צו׳ן אים גע-רעדט. געשרייען האָבן זיך געריסן פון צענדליקער העלדזער אויף אַמאָל און מ׳האָט נישט געקענט דערגיין, וואָס ווער עס וויל.

— אַ פאַרזאַמלונג אָפּהאַלטן! — האָבן טייל געשריגן.

— אַ דעלעגאַציע קאַ׳ וואַרשע! — האָבן אַנדערע פאַר-לאַנגט.

— יאָ, יאָ. קאַ׳ וואַרשע דאַרף מען פאָרן!

— ניין, ניין. אין קרייז אַריין!

און צעהיצט האָט גרעגער איבערגעשריגן:

— די קעפּ דאַרף מען זיי פאַנאַנדערלייגן.

און נאָך מער צעהיצט איז פייפקע:

— וואָס ? אונזער זאַל ׳עלן זיי פאַרמאַכן ? אַ פייער אין זייערע לינגען אריין. איך גיי אַראָפּ נעם איך זיי באַלד צו דאָס „גלעזל!.."

אַזוי זענען די יינגען געוואָרן ווילד, הפקר און זענען געווען גרייט אויף אַלעם.

און אויך מענדלס זיין דאָ האָט געקאָנט עדות זאָגן, ווי ווייט אַלע יינגען זענען אָנגעריירט. מענדל, וואָס איז שוין נישט געקומען אין זרגעץ פון צייט יענער מעשה אָן... איצטער נעמט ער זיך צו באַרויטלען אויפן פנים מיט יענע גאָר לעבע-דיקע פאַרבן און ער רופט זיך שוין אויך עפּעס אָן, וואו מען דאַרף, אַזוי, אַז גוטע ברידער הייבן זיך אָן שטאַרק צו וויג-דערן און וואָלטן געגערן געמאַכט מיט מענדלען עפּעס אַ שמוס... אָבער ניש׳ איצט.... קאַ׳ צייט נישטאָ... אַן אומגליק זאָל זיי טרעפן, די שיינע יידן! זעט וואָס פאַר אַ בראָך זיי האָבן אָנ-געמאַכט !..

און מעכל, דער צווייטער פאָרזיצנדער — דער וויצע, האָט שוין אַמאָל צוואַנציק געקלינגען מיטן גלעקל און איצט רעדט ער:

— מיר פאַרשטייען וועמעס אַרבעט דאָס איז! ס׳האָבן זיך געפונען אַ פּאָר מענטשלאַך, וואָס זענען געווען, ,,וואו" מ׳דאַרף און געזאָגט ,,וואָס" מ׳דאַרף. מיט איין וואָרט: אַ מסירהלע !.. זענט איר אַלע איינשטימיק, אַז דאָס איז אַ מסירה ?

— יאָ ! — ענטווערן אַלע.

— דאַן פראָטעסטירן מיר אַמשאַרפסטן געגן די מוסרים, געגן די פינצטערע קליקע! זענט איר אַלע איינשטימיק ?

— יאָ! יאָ!

— דאַן זאָלן מיר אויסוויילן אַ דעלעגאַציע. די דעלע-גאַציע דאַרף באַלד פאָרן אין קרייז אַריין, אָנגעבן דאָרט אַ ביטע, זיך פאָרשטעלן, אַז מ׳זאָל צריק עפענען דעם פאַראיין; און אויב דאָס וועט ניש׳ העלפן. זאָל מען פאָרן קיין וואַר-שע, גיין אין אַלע פאַראייניגן אַריין, זוכן עצות, טון. אָבער

פאַר אַלעם, ווייל איך אויפמערקזאַם מאַכֿן, קיינער פון די חברים זאָל נישט אַרויסטרעטן מיט עפּעס אַ וואָרט, אָדער מיט אַ טאַט, ביז די דעלעגאַציע וועט צריקקומען און מיר וועלן זען, וואָס מ׳דאַרף צו טון. זענט איר אַלע איינשטימיק?

— יאָ! יאָ! יאָ! — האָבן אַלע געענטווערט דריי מאָל.

אָבער פּיניע האָט געמאַכֿט עפּעס צייכֿנס צו די יינגען און זיי פון זייער זייט — געהיימעניספולע מינעס. נאָר איין מענדל איז געשטאַנען און מיט ד׳ציין געביסן די הינטערשטע ליפּ...

---

# פינפצנטע קאַפּיטל.

—טאַטע—האָט מענדל געזאָגט.—זיי האָבן פאַרמאַכֿט אונזער „ביליטעיק,״ טאַטע. קום אַרויס אין גאַס אַריין!

—וואָס איז עס מיין זאַך?—ענטווערט פאַנטל—וואָס גייט עס מיך אָן?

— אָבער מיך גייט עס אָן! טאַטע, דו האָסט עפּעס אַ סאַך געוויסט פון אַ פאַראיין, פון אַרויפקומען, זיצן גלייך מיט אַלע בעליבתּישע קינדער און הערן, ווי מ׳לייענט פאָר?—

פאַנטל קוקט אָן דעם זון און קאָן נישט פאַרשטיין, וואָס מיט אים איז עס פּליצלינג געוואָרן. שוין פון אַ צייט פלעגט ער דאָך נישט אויסרעדן קיין איינציק וואָרט, אַז מ׳האָטן נישט געפרעגט. „נ״ש אַנדערש—טראַכֿט פאַנטל — נאָר ער ווערט שוין געזונט. אָבער וואָס רעדט ער עפּעס פון „פאַראיינעס?״ וואָס איז עס זיין דאגה?..״

און מענדל רעדט ווייטער:

—זיי האָבן מער נישט געהאַט, וואָס צו זאָרגן? אַזוי ציטערן זיי פאַר אַ ליאַדע וואָרט און דאָ ווילן זיי זיין שכאַ־קע. מכרן? טאַטע! קום אין גאַס אַריין!

— אָ, האָ, האָ!—קומט אַריינצולויפן אורקע.—באַ כיל שיעס האָט מען איצט „געכאַפט!..“ באַ כיל שיעס!

— אַזוי! רופט אויס מענדל — אַלע 'עלן זיי ליגן אין דר'ערד. דער פאַראיין מוז ווערן נעעפנט!—און ער מאַכט זיך גרייט צום אַרויסגיין.

— און יידל מיט וואָוון — דערציילט ווייטער אורקע — גייען צו צו פייפקען און זאָגן צו אים: אַ בראָך איז צו ענ־קערע קעפ! ווי זעט עך אַ צינט אויס?.. האָט זיי פייפקע גע־ענטפערט: מ'ווייס' ניש' צו וועמעס קעפ ס'עט דאָס זיין די בראָך... האָט אים יידל גענעמען זידלען, וואַרפט אים נישט פייפקע אַודאי אַריין אַ פעטשל, אַז יידל האָט באַלד אויסגע־שפיגן אַ צאָן...

—אַזוי, אַזוי...—רייסט מענדל איבער.

—נו—פאַרענדיקט שוין אורקע—האָט מע' פייפקען גענעמען אין די קאָזע אַריין.

—אַזוי?—חזרט נאָכאַמאָל איבער מענדל און ער איז שוין מיט איין פיס אין הויז.

—שטיי!—האַלט אים פאַנטל איין פאַר אַן אַקסל—ווער, זאָגסטו? יידל מיט וואָוון? שטיי!—שלעפט ער צריק מענדלען, וועלכער וויל זיך אַרויסרייסן פון זיין האַנט, מיינענדיק, אַז דער פאָטער וויל אים נישט אַרויסלאָזן אויף די גאַס. — שטיי, איך גיי אויך?

דערפרייט זיך מענדל און אורקע, וועלכן עס שטעלט זיך שוין פאָר אַ געשלעג. טאַנצט ער איבער דער שטוב, שטעלט זיך באַ דער וואַנט אויפן קאָפּ און כאַפּט נאָך אַריין אַ פּאָר קאָזשאַליקעס, ביז וואַנען דער טאַטע וואַרפט אויף זיך אַרויף די קורטקע.

אין אַ מינוט אַרום זעט דער גרויסער מאַרק גייז פאַנט־

לען אין דער מיט און זיינע צוויי זין באַ די זייטן. ער קומט צון מיט די זון צו אַ רעדל און שטעלט זיך אָפּ. זעען זיי, ווי דער בלינדער גרונם קומט אויף ערשט אָנצולויפן, געהערט, אַז מ'האָטן דעם צוקינפטיקן שוואָגער איינגעזעצט. גרונם האַלט די האַנט אין הויזן-קעשענע, דאָס גאַנצע פנים זיינס פלאַמט און דאָס בלינדע אייגל ציטערט און פלאַמט אַזוי ווי די פליגאַלעך פון אַ פייגעלע, ווען מען האַלט עס באַ די פיסלאַך מיטן קעפּל אַראָפּ.

צוקומענדיק צו די קופּע יידן, וואָס שטייען אַרום יידלען, שטעלט ער זיך אָפּ.

—רעב יידל—זאָגט ער.—פייפקע זאָל מע' שוין זיין אויף דער פריי! הע-ערסט?

פעלטע וואָס זיין הייזל איז אין אַ ראָג פון גרויסן מאַרק, זעט פאַנטלען דורכן פענצטער, קומט ער אַרויס צו קולעווען און ער גיט נאָך צו:

—ווי?—זאָגט ער—ווי 'עט מע' דאָס זעען אין רוסלאַנד? דאָרט יינגוואַרג — אין רוסלאַנד? האָ, האָ, — „בערעגיס" רעב יידל!..

דערנאָך קומט צו זיי צו יענקל טשאַפּ, שפּייענדיק זיך אין דער האַנט אַריין נאָך פון ווייטנס און איינרייבנדיק זי.

דערנאָך קומט אויך צו דער ווייסער כתריאל און מוליע; און אַברמטשע ועלוולס מיט בערטשן, וואָס זענען אין דער לעצ-טער צייט צוגעקלעפּט איינער צום צווייטן; און פון צווישן אַלע אַרויס הערט זיך שוין פּיניעס קול:

—הערט עץ! בליט 'עט זיך נאָך גיכן אין די גאַסן! וואָס מיינט עץ? ס'עט אַזוי שטיל אָפּגיין?

זעען יענע יידן, ווי די „חברה" וואַקסט, נעמען זיי זיך ריקן אויף הינטער און ס'געפינען זיך שוין אַ פּאָר בעליבתישע מענטשלאַך, וואָס טענהן:

—צי וואָס האָט „דאָס" געטויגט? מ'האָט עס נייטיק גע-דאַרפט?..

און דאָ קומען אָן די בעקער-בעליבתים; ייזן אין די פיינע כאַלאַטן, מיט די שיינע בערד, וועלכע גייען אַראָפּ צום רב מיט אַ געשריי:

—רבי! די יינגען זאָגן, אַז זיי ׳עלן דאָס טייג אונטער-גיסן מיט נאַפט, אָדער ז׳עלן אַריינשיקן די דייטשן... און דאָ איז שוין געראָשציניט, רבי!..

און צוזאַמען מיט זיי קומט צום רב אָן די ידיעה וועגן כיל שיעס. און באַם בעדער מאַכט מען שוין ווידער אַ אַ רעוויזיע. און אָרימע לייט קומען צו לויפן, שרייענ-דיק:

—געוואַלט, וואָס האָט עך געוואָלט פון אונז האָבן! עפנט זיי צריק זייערע „ביליטעען״ ענק ׳עט עפּעס אַרן, וואָס ס׳איז נישטאָ קאַ ברויט? עך האָט שטיין פילע זעק מיט מעל, ׳עט עך האָבן חלות... אונז אָבער דאַרף מע׳ האָבן ברויט!..

זעט דער רב, וואָס ס׳איז געוואָרן פאַר אַ חתונה פון יענע פאָר רייד... וואָרן וואָס האָט ער דען געוואָלט?.. מ׳עט פאַרמאַכן זיי די טומאה. ׳עלן זיי צריקערן אונטער די פליגלען פון די תורה הקדושה, ס׳עט זיך ווידער אויפטראָגן צו גאָט דאָס קול פון זיין תורה, פון זיין בית-המדרש אַרויס... וואָס האָט ער דען געמיינט?.. איצט אָבער, זעענדיק, וואָס עס טוט זיך אָפּ, באַלד אין ערשטן טאָג נאָך, האָט ער באַפוילן דעם שמש ער זאָל גיין נאָך „זייערע לייט:״ לאָ׳ מען הערן...

דערווייל איז די דעלעגאַציע צריקגעקומען פון די רייזע, אין קרייז האָט מען זיי געזאָגט, אַז די סבה פאַר וואָס מ׳האָט פאַרמאַכט זייער פאַראיין איז, ווייל דאָרט האָבן זיך אָפּגע-טון זייער מוסע זאַכן... וואָס זיי, די דייטשן קאָנען עס גאָר ניש פאַר זייערע ליפן ברענגען... האָט אָבער די דעלעגאַציע געזאָגט, אַז דאָס איז אַ „פאַרליימדונג״ ובכן פאָדערן זיי, אַז מ׳זאָל מאַכן אַן אויספאָרשונג איבער דער זאַך... נאָר דער צוייטער צד, ווייזט אויס איז פיל שטאַרקער... וואָרן מ׳האָט זיי אָנגעוויזן, אַז מ׳קאָן פאַר זיי גאָרניש טון... אין וואַרשע

ווידער האָט מען זיי געהייסן אָנשרייבן „ביטעס,“ האָבן זיי גע-שריבן... איצט זענען זיי געקומען צו פאָרן מיט שוואַכע האָ-פענונגען און דאָס גערידער אין שטאָט האָט זיי נאָך מער געדריקט, זיי האָבן אויסגעזען, ווי באַזיגטע און נישט גע-ווּסט, וואָס עס בלייבט זיי איצט צוטון. באַ דער מאַכט, ווייסן זיי שוין איצטער, זענען „יענע“ שטאַרקער — קומט נאָר אויס אויך צו גיין מסרן... אָבער מיט אַ זעלכע מיטלען?.. האָבן זיי געקלערט דערווייל צו שווייגן... אָבער די חברה, אונטער פּיניסס „איינפלוס“ איז שוין צו ווייט אַוועק... אַרויס פון די האָלאָביס... און נישט מעגלאַך צריקצוהאַלטן... איז, ווי נאָר דער שמש איז געקומען נאָך זיי פון רב, זענען זיי באַלד אַוועק, איבערלאָזנדיק עטלאַכע צוטרוילאַכע אין גאַס, צו פאַר-היטן דערווייל פון מסורות און באַם רב, ווי דער שטייגער איז זענען געפירט געוואָרן אַ קודם וכוחים איבער דעם גאַנצן מין „ביליטעען,“ נאָך וואָס מ׳דאַרף עס גאָר צו האָבן אין איבער די „בתי-משחק“ — טעאַטער בלע״ז, — וואָס איז חוקת-הגוי. מ׳האָט גערעדט געווייגטלאַך, געהיצט זיך, און ס׳איז סוף כל סוף געבליבן, אַז דער רב וועט זיך „סטאַרן“, מ׳זאָל זיי צריק עפענען „די שטוב...“

אין גאַס, אויפן גרויסן מאַרק, איז דערווייל דאָס רעדל אַרום פאַנטלען געוואַקסן און אַרום יידלען אָפּגעפאַלן. ווי אַזוי פאַנטל האָט אויסגעקאָנקורירט יידלען ווייסט מען ניש. נאָר אויסגעזען האָט עס: איינער האָט אַ גרויסער מחיה, דער אַנ-דערער — אַ קליינע. דער בלינדער גרונם זעענדיק, ווי יידל שאַרט זיך אַוועק פון זיין האַנט, חזרט איבער:

— רעב יידל! פייפקע זאָל מע זיין אויף דער פריי!..

און אין זיין האַנט זעט מען אַ שטיק אייזן, וואָס גלאַנצט אַ דורך פון צווישן די פינגער זיינע. גרונם נעמט אָן אַלץ אַ מער רויערן און האַרטערן בליק און ניש באַקומענדיק קאַן ענטווער שרייט ער צום דריטן מאָל:

— רעב יידל! פייפקע זאָל מע' שוין זיין אויף דער פריי!...

איז נישט רבּ יידל געלאָפן גלייך אין די קאָמענדאַנטור אַריין! איבערן וועג האָט ער זיך אַלץ געוויטש דאָט מויל מיט דעם רויטן שנופּטוך, וואָס ער האָט זיך אַראָפּגענעמען פון האַלדז, און שוין באַם טויער פון דער קאָמענדאַנטור, אַז זיין ווייב מיט די פיר טעכטער זענען אָנגעקומען מיט אַ גע-וואַלט: — וואו איז מיין מאַן? און: וואו איז דער טאַטע? — האָט ער זיי דען נישט אָפּגעשטויסן און איז אַרויף אין איין אָטעם אויף די שטיגן און געבעטן דעם קאָמענדאַנט, ער זאָל אַרויסלאָזן דעם יינג, וואָס איז גאָר ניש' שולדיק?.. דעם צאָן— ער האָט זיך אַליין אַ קלאַפּ געטון...

פייפקע, אַרויסקומענדיק פון קאָזע, איז ער ס'ערשטע אַריינגעפאַלן אין גרונמס אָרעמס און דערוויסנדיק זיך, אַז ווען נישט ער, ווער ווייסט ווי לאַנג ער וואָלט „געקיועטשט,” איז ער נאָכאַמאָל אַריין אין יענעמס אָרעמס און ער האָט צו-געשוואוירן, אַז באַלד, נאָך זומער, ס'עט נאָר זיין אַ שטיקל פרייע צייט, מאַכט מען אַ חתונה,—אַזוי לאַנג. בּיז גרונם האָט אים אַרומגעכאַפּט אַ דריט מאָל... אויף וואָס ביידע זענען, האַלטנדיק זיך אַקסל באַ אַקסל, אַזוי אַרויס אין מאַרק אַריין... האָבן דאָס בעלי-בּתּים דערזעען, איז יעדער אַוועק אַ היים, און באַ האַלטן אַ ביסל סחורה... „ווער האָט דען כּשרס?..” און די הויטן האָבן אויף זיי געציטערט... וואָס? זיי ווייסן דען נישט אויף וואָס „אַ זעלכע” לייט זענען פעהיג?.. און יינ-גען זענען זיך אויך צעגאַנגען זייער וועג, דערוויסנדיק זיך פון דער פאַרוואַלטונג מיטגלידער, וואָס ס'איז געבליבן באַם רב. אויפן מאַרק זענען נאָר געבליבן בלויז פיניע, וואָס האָט זיך נאָך נישט געקילט דאָס בּלוט און איטשל דעם קוואַרטיר מייס-טערס, וואָס איז טאַקי אָקאָרשט אַרויסגעקומען פון שטוב נאָך דעם מילכדיקן מיטאָג מיט אַ גלעזל מילך נאָך דעם עסן. ער האָט זיך געדרייט איבערן מאַרק הין און צריק, און יעדן,

וואָס ער האָט געטראָפן, האָט ער אָפּגעשטעלט און מודיע גע־
ווען:

— וואָפּנשטילשטאַנד אי״ דערקלערט געוואָרן...

און סאַקי האָבן די צוויי לייט אויסגעזען, ווי צוויי אי־
בערגעבליבענע גענעראַלן אויף אַ שלאַכט־פעלד, נאָך דעם ווי
דער כּאַרק איז ליידיק געבליבן...

---

# זעכצנטע קאַפּיטל.

שטעטל האָט זיך גענך באַרויקט נאָך די געשעענישן. אַ
דאַנק דעם „סטאַרן״ זיך פון רב און די דאָזאָרעס איז אין אַ
קורצער צייט צוריקגעצויגן געוואָרן דער באַפעל און די ייגנט
האָט באמת פייערלאַך אויפגענעמען די ידיעה. וואָס אַן אמת,
ס'איז שוין נישט געווען, ווי יענע פרייד, וואָס זיי האָבן גע־
פילט אין טאָג פון גרינדן זייער ביבליאָטעק, בשעת זיי זענען
מיט ברוך פלייטניקס מוזיק געגאַנגען איבער די גאַסן און
אויבן, אין דער ביבליאָטעק, האָט עס גערוישט, ווי שטורמדיק
וואַסער. שוין ניש יענע פנימער און די ווייסע יום־טובדיקע שלייפן
זייערע און די בלימלאַך אין די לאַצן — אָבער דאָך — אַ
פריידע.

נאָר וואָס ס'איז שטאַרק געבליבן דעם שטעטל, דאָס זענען די
מסירות, וואָס האָבן זיך פריער געשיט, און דאָס האָט אַ ביסל
געשטערט די פרייד און די גאַנצקייט פון דער שמחה.

אָט האָבן זיך אָנגעהויבן אין שטעטל אַריין צו באַווייזן
דאַדורך „אַגענטלאַך...״ וואָרן, אויב, ביז די מסירות איז אַלץ

געוועזן כשר — איז דאָך אַ סימן, אַז די דאָרטיקע פּאָליציי טויג אויף כּפּרות, דאַרף מען צושיקן נאָכאַרליי... און אַז „נאָכאַרליי," וואָס מען האָט זיי באַשטימט פון די הויכע פענצטער, פון דאָרט, וואוהין די מסירהלאַך האָבן זיך געשאָטן... האָט עס ווי-דער כאַרדראָסן די היגע פּאָליציי, פאַר וואָס די שטאָט האָט זיי אַזוי „פאַרשוואַרצט" באַ יענע אין ד'אויגן... האָט מען גע-נעמען רייסן פּאַסעס, שינדן הויטן, די ערשטע פאַר כּעס און די צוויי־טע, ווייל מען האָט דאָך זיי געשיקט דערויף, אַזוי אז יידן האָבן זיך שוין אַצינט געמעגט אָפּגעזעגענען מיט זייערע פּרנסות. אַ דייטש בטבע אַ רויקע בריאה, נאָר מען האָט אים פון געדולד אַרויסגעבּרענגט, מעג מען זיך שוין אַצינט באַ-גראָבן לעבעדיקערהייט. יעדן טאָג נייע „כאַפּעניש," יעדן טאָג נייע אומגליקן און דאָס לויפן זייערס און דאָס גציעג זייערס איז פונקט, ווי פון ווילדע חיות, די אויגן שטעכן, די אויגן לאָקערן און מ'איז איינגעשטעלט מיטן גאַנצן לעבן... און ווען מען האָט זיך שוין געהאַט אַ ביסל איינגעשטילט מיטן „צונע-מען," די „כאַפּערס" די נייע האָבן זיך „איינגעוואוינט," האָבן זיי ווידער אָנגעהויבן גלאַט צו צ'יען די קליי פון די ביינער אַרויס... מען האָט גענעמען דעם לעצטן גראָשן, מען האָט גע-צאַפּט ביר פון די ווענט אַרויס... אין שטעטל איז געוואָרן אַזוי ענג, אַזוי ענג, פונקט ווי אַ שטריק וואָלט זיך אַלעם אויפן האַלדז אַרויפגעלייגט.

— וואָס 'עט זיין, וואָס 'עט זיין? — האָבן יידן גע-ויפצט — אַ גוטע התונה אָנגעמאַכט מיט די מסירהלעך... גוט באַגראָבן זיך איינס דאָס אַנדערע?..

און פונקט ווי אַ שווערע כ'מאַרע האָט זיך אויפן שטעטל אַרויפגעלייגט, אַזאַ בענקשאַפט, אַז מען האָט זיך אָנגעהויבן צו דערמאָנען אָן די פריערדיקע פרידלאַכע יאָרן, פון פאַר דער מלחמה, בשעת מען האָט געמעגט טון וואָס מ'האָט געדאַרפן און מען האָט געלעבט צופרידן און גליקלאַך. איצטער אָבער זענען אַלע געגאַנגען מיט די קעפ אַראָפּ. מ'האָט אויפגעהערט



און ווי זיי הערן דאָס ווערט אַ געוויינערײ״...

צי אַרבעטן, אַפילו פאַנטל צו פאָרן און מען האָט אָנגעהויבן זיך אָפּצורוען...

אין יענע טעג האָט זיך אין שטעטל באַוויזן אַ מדינה-גייער, אַן אַלטער, אַ האַלב-בלינדער, געפירט פון אַ קליין מיידאַלע מיט אַ פאָר שוואַרצע בעהנעוודיקע אייגעלעך. די צוויי האָבן זיך אָפּגעשטעלט אין ערשטן געסל פאַר אַ הויז, וואו עס האָבן זיך געשפּילט אַ פּאָר קינדערלאַך אין דרויסן, האָבן זיי אָנגעהויבן צו זינגען אַ ליד, וואָס האָט אַרויסגעשלעפּט אַלע איינוואוינער פון די שטובן און ס׳האָבן זיך אַרום די צוויי אויסגעשטעלט יינגלאַך און מיידלאַך און אַלטע לייט, אַז דאָס ראָד איז געוואַקסן אַרום זיי — די גאַנצע שטאָט איז זיך צונויפגעלאָפן. ביי די ערשטע ווערטער גאָך פון דעם ליד האָט זיך עפּעס אַ ריס געטון אין די הערצער פון די אַלע יידן און ווייבער, פּונקט ווי מען וואָלט מיטאַמאָל מיט אַ האַק אויפגעהאַקט אַ שווערע פאַנצער-דעק און ס׳האָבן זיך אָנגעהויבן גיסן טרערן פון אַלעמענס אויגן. אַ צייט לאַנג זענען זיי, די דאָזיקע טרערן, געלעגן אונטער דער דעק, מען האָט גאָר אַפילו נישט געוויסט פון זיי, איז געקומען דער דאָזיקער מדינה-גייער און מיט די קלאַנגען פונם ליד עפּעס אַ ריר אָן געטון און יידענעס און ווייבער האָבן גענומען הייבן די שערצן צו די פּנימער און די נעז. די ווינקלען פון די פאַרקנייטשטע מיילער ציטערן און קרומען זיך, די בריסטן כליפּן און די העלדזער שלאָכצן און די גערדאַנקען באַהעפטן זיך אָן דעם יידס ווערטער זוון פליען מיט זיי מיט ערגעץ ווייט, ווייט אויף אַ וויסט פעלד, וואו עס ליגט אַ מאַמעט אַ זון און זינגט:

„שוואַרצער פויגל פלי געשווינד, אוי-וויי,
„שוואַרצער פויגל פלי געשווינד. אוי-וויי,
„זאָג מיין מאַמען, אַז איך בין געזונד, אוי-וויי, אוי-וויי,
„זאָג מיין מאַמען, אַז איך בין געזונד, אוי-וויי, אוי-וויי.

און ווי זיי הערן דאָס, ווערט אַ געוויינעריי, פּונקט ווי

נאָך אַ טויטן. דערנאָך האַלטן זיי זיך איין און הערן ווי־
דער:

„ניש׳ קיין טאַטן, ניש קיין מאַמען, אוי־ווײ,
„ניש׳ קיין שוועסטער, ניש׳ קיין ברודער. אוי־ווײ,
„צווישן פעלדער און וויסטע וועלדער, אוי־ווײ, אוי־ווײ,
„ליגן דאָרט געהרגעטע זעלנער, אוי־ווײ, אוי־ווײ.

און דאָ ווערט אַזאַ שטורעמדיק געוויינערײ:

„צווישן פעלדער און וויסטע וועלדער"
„ליגן דאָרט געהרגעטע זעלנער..."

אַז די גאַנצע גאַס דאַכט זיך האָט זיך אָנגעהויבן צו־
שאָקלען, אַז אויך די קינדער, וואָס זענען געשטאַנען ביז אַהער
מיט אָנגעגרייטע, אָנגעלאָדענע „ליאָמפּעס" האָבן זיך שוין מער
נישט געקאָנט איינהאַלטן און, אַנטלויפנדיק מיט די פנימלאַך אין
די מוטערס קליידער אַריין, זענען זיי אַרויס מיט געוויינען.

און דאָס דאָזיקע ליד האָט באַלד איבערגענעמען דאָס גאַנצע
שטעטל און אומעטום, וואו דו גייסט, וואו דו שטייסט הערסטו
דאָס. אַלטע באָבעס, ווען זיי פאַרגלייזן שוין די אויגן, ליגנדיק
אויפן קראַנקן בעט, באָמבקען נאָך אונטער:

„צווישן פעלדער און וויסטע וועלדער, אוי־ווײ..."

און באַ ... מאַמעס, פון ... דעמאָלט אָן, צייט דער
קוואַל טרערן האָט זיך אויפגעכאַפּט, האָט ער נישט געקענט
שטילן און נישט רוען. גייט מען צו צו עפּעס אַ זאַך, געפינט
מען אַן אַלט היטל פון אַ זון, אַ פּאָר שטיוול, אָדער אַ פּאַלטאָ,
נעמט מען אים אין דער האַנט אַריין, מ׳גייט צו צום פענצטער,
מען באַקוקט יעדעס ברעקאַלע, מען באַגיסט עס מיט טרערן

און אינעווייניק, אויפן הארץ, ליגט א שטיין אזוי גרויס, ווי די וועלט...

קומט צו פארן ווער פון א „פלען,״ לויפט מען פרעגן אויף א קינד, אויף א ברודער און מ׳גייט ווידער אוועק, באנעצנדיק דעם גאנצן וועג מיט טרערן.

זיצט מען שבת באם טיש, דערזעט מען ערשט, ווי די שטוב איז ליידיק, בלויז עלטערע יידן און ווייבער, וואס זיצן, ווי איינגעבויגן, ווי זיי וואלטן געקלאגט נאך עפעס... אין שטובן ווידער, וואו עס זענען געווען בלויז זין, זיצן ערשט נאר א פאר אלטע „דזשאד ז׳באבאן״ און ס׳קומט צו זמירות זינגען — פארלירט זיך דאס אלטע קול, עפעס הייבט עס אן צו וואגלען, בשעת די אויגן קוקן גאר אין יעגער צייט איבער ווייטקייטן, איבער ימים און מדבריות... וואו עס דאכט זיך זיי אויס צו זעען די קינדער זייערע לויפן מיט ביקסלאך... און נישט איינמאל ענדיקן זיך א זעלכע זמירות מיט א געוויין און מ׳שטייט אויף פון טיש אוועק נאך פארן בענטשן...

בא דער אלטער ווידער ציען זיך צונויף די לינגען... א שטויבאלע לופט קאן דארט נישט א דורך... די אויגן קריכן ארויס פון די טיפע לעכער... און צומארגנס אינדערפרי געפינט מען אין בעט ליגן עמיצן, שטיל איינגעשלאפן, ווי א טייבאלע...

און שבת פארנאכט, זיצן יידענעס באם „גאט־אברהם,״ שעפטשן און שאקלען צו מיט די קעפ און פון א חברה, וואס איז ערגעץ דאנעבן קומען ארויס די באהארצסטע און בענקענדיקסטע טענער פון שבת־פארנאכטיקע ניגונים, וואס פארדעקען און פארוועבן און פארוויגן זיי די הערצער. דעמאלט ווייסן זיי ניש, וואס מיט זיי טוט זיך; זיי הערן אויף צו זאגן דעם „גאט פון אברהם,״ שטעלן זיך ארויסקוקן אויף די מערבדיקע הימלען און זעען דאס גהנום, וואס ברענט און פלאקערט; און אין די רויט־צעגאסענע ווייטקייטן דאכט זיך זיי אויס צו זעען זאכן, וואס קומען זיי אויס באקאנט און נישט באקאנט; זיי דערמאנען זיך אן נעכט ניש׳ דערשלאפענע, בשעת זיי האבן אזוי

פיל פאַרבּרענגט נעבּן דעם וויגעל, אָן טעג ניש׳ דערעסענע און אַלץ מישט זיך בּאַ זיי אויס אין קאָפּ אונטער אַזאַ ווייסן, ווייטן שלייער...

אַזוי שטייען זיי אָפּ לאַנג, לאַנג, בּיז זיי ווערן מיד, לאָזן זיך אַראָפּ אויף שטולן, פאַרזונקן מיט די קעפּ אויף די קני, ווי אין דרימל. אָבּער זיי שלאָפן ניש׳ און אין קאָפּ פלאַטערן אים, ווי פליגאַלעך פון מלאָך החלומות און זיי זעען וואַכנדיקערהייט אין צושטאַנד פון שלאָפנדיקע אַ זעלכע זאַכן, וואָס זענען גאַנץ אין דער ווייט און מ׳קאָן זיי וואַכנדיק ניש זעען... דאָס איז ניש׳ קיין שלאָפן, נאָר אַ דרעמלען פון הערצער אונטער די טענער פון די קינדער-ליבּע, אַזוי ווי די ערד דרעמעלט אין כּסלו, ווען די ערשטע, צאַרטע שניי-פלעכטאַלעך לייגן זיך אויס אויף איר...

---

# זיבּעצנטע קאַפּיטל.

מאָדנע קלאַנגען האָבּן זיך אָנגעהויבּן צו טראָגן איבּער פּוילן, עפּעס האָט מען זיך געזאָלט דערציילן וועגן איין אָפּיציר, וואָס זאָל האָבּן געזאָגט, אַז ס׳וועט זיין נישט „גוט.״ וואָס ס׳וועט נישט זיין גוט, האָט ער ניש גערעדט — אָבּער מ׳האָט פאַרשטאַנען, אַז אין דייטשלאַנד איז עס ניש גלאַטיק. שמוסן שמוסט מען ניש דערפון, שרייבּן אין די צייטונגען שרייבּט מען אויך ניש, נאָר עס שפּירט זיך אין דער לופט. אַזוי איז נאָך אַלץ, ווי פריר: מיליטער מאַרשירט איבּער די וועגן פון קרוין-פּוילן און אין דער קרוין-שטאָט—אַלע וינטאָגן

נאָך מיטאָג ווערט געהערט די מיליטערישע מוזיק... רייזע-שיינען און אַלע אַנדערע זאַכן פירן זיך אין דער בעסטער אָרדינונג, ווי אַלע מאָל; רעקוויזיציעס — דעסגלייכן, מיט דעם זעלבן ברען און, דאַכט זיך, נאָך שטאַרקער, ווי פריער. די דייטשן זענען עפּעס צו דער באַפעלקערונג געוואָרן אַ ביסל קידער-ווידער, אַ ביסל צעלאָזטער און אויפגעהערט זיך צו שע-מען — אָבער מער קיין זאַך איז נישט צו באַמערקן.

דאָ אין שטעטל האָבן זיך אַפילו די צייטן פאַרבעסערט: מ'האָט אָנגעהויבן צריק צו שמוגלען און במילא צו האַנדלען. האָט מען „געכאַפּט" האָט מען אַרויפגעלייגט שטראָפן. יצחק יונה האָט מען שוין ווידער אַמאָל געכאַפּט, דאָס מאָל באַ משהלען אין שטוב. פון דעם לעצטן מאָל, וואָס מ'האָט אים „געכאַפּט" אין סאָד, האָט ער נאָך אויסצוצאָלן דריי ראַטעס צו צווייהונדערט מאַרק און ס'איז שוין ווידער דאָ אַ נייע שטראָף פון גאַנצע צווייטויזענט, אַחוץ שאָדן אין כלים און אין סחורה! און וואָס נאָך ערגער — איצט ווילן זיי גאָרניש אין ראַטעס, נאָר מיט איין מאָל אַריינטראָגן דאָס גאַנצע געלט! צייט האָט דער וואַכמייסטער געגעבן דריי טעג, מאָרגען איז שוין דער דריטער טאָג, וואָס טוט מען? לייבל, יצחק יונהס זון, וויל אַפילו נעמען די גאַנצע שולד אויף זיך און גיין „זיצן," אָבער קאָן מע' דען דערלאָזן צו דעם? וואָס? מ'ועט ניש, ווי אַזוי מ'קומט אַרויס פון זייערע הענט? נאָר טאָמער ניש „זיצן," מוז מען דאָך צאָלן! און וואו נעמט מען געלט? שלעכט. יצחק יונה האָט אַפילו אַ שטיקל רעכענונג געמאַכט מיטן ווייב:

— איין „קאָך" גיט אַרויס צען ליטער, איין ליטער גיט צען מאַרק ריוח. איבערן מעת-לעת קאָן מען מאַכן אַ פיר „קאָכן," האָט מען אַ קימאַ-לן פון צען מאָל צען, וואָס דאָס איז הונדערט — היינט פיר מאָל הונדערט? איז פיר הונדערט. קאָן מען דאָס פאַרדינען אין איין מעת-לעת. אַז מ'זאָל אַ גאַנ-צע וואָך אַרבעטן אָן שטערונג, וואָלט מען געקאָנט אַריינטראָגן די גאַנצע צווייטויזענט. פאַרשטייסט?

— אָבער וואו ׳עסטו אַרבעטן!—פרעגט איבער טשיפּע — באַ דיר—ניש; באַ יוספן—אויך ניש; היינט באַ משהעלען האָט מען דאָך דיך ערשט „געכאַפּט.” אפשר גאָד ווידער צריק אין סאָד אַריין? האָט מען דאָך אונז אָבער דאָרט שטענדיק „געכאַפּט!”

— אוי — ענטווערט שטיל אָפּ דער מאַן — מ׳זאָל מע׳ אַזוי אַלע געזונט זיין, ווי אין סאָד וואָלט מע׳ זיך געקאָנט שטעלן קאָכן. טאַקי, ווייל מ׳האָט שוין דאָרט „געכאַפּט” אַ פּאָר מאָל, ׳עט קיינעם נישט איינפאַלן, אַז מ׳איז דאָרט...

— יאָ, יאָ — זאָגט טשיפּע — ס׳עט קיינעם ניש איינפאַלן, יידלען זאָלן די אויגן פון קאָפּ אַרויספאַלן..,

— שאַ, יידענע, וואָס רעסטו עפּעס?..

— וואָס איך רעד.., אַ שיינער ייד... אָבער כ׳זאָל, אַזוי דערלעבן נחת פון מיינע קינדער, ווי נעכטן באַ משהלען איז אויך זיין אַרבעט...

— איי, וואָס דו רעדסט! און אים האָט מע ניש׳ „גע-כאַפּט” אַ סך מאָל? וואָס רעדסטו עפּעס? גיין אַרויף צום דייטש צו אַ גוי, און זאָגן: פלוני בן פלוני אַרבעט ברוינפין!.. שונאים נאָר קלערן אַזוי אויס!

אַזוי האָט גערעדט יצחק יונה און אין די ווערטער דער-קענען מיר צריק דעם אַלטן יצחק יונהן, וואָס איז נישט, ווי אַלע טאַנדייטניקעס, נאָר אונזער יצחק יונה...

און אין אַ שעה אַרום זיצן שוין אַלע אין יענעם פּיידל, די לאָדנס זענען פאַרמאַכט און מ׳צערייבט אַ פּאָר פונט הייוון אין די „זאַטשאַרן” אַריין, וועלכע אייזאַלע האָט אָנגעגאָסן מיט וואַסער, ביז צום אויג.

פאַרנאַכט האָט זיך דער הימעל געגעמען פאַרציען מיט וואָלקנס אי׳ן, ווען די זון איז אונטערגעגאַנגען איז אַזוי פינצ-טער געוואָרן, אַז מ׳האָט גאָר ניש׳ געקאָנט זען עטלאַכע טריט פון דער ווייטנס. די פינצטערניש האָבן זיי אָנגענומען פאַר אַ גוטן סמן און אַלץ האָט זיך פאַרטון. אין דער אַרבעט, שטיל און געשמאַק, די שעהן זענען געלאָפן. דער אָוונט איז אַוועק און ס׳האָט זיך אָנגעהויבן די נאַכט. דעמאָלט האָבן זיי

זיך געשטעלט אויסקאָכן „זאַטשער,“ וואָס זיי האָבן נעכטן אַרויסגעראַטעוועט. (אַ זאַטשער דאַרף שטיין אַ צוויי טעג, ביז מ׳קאָן אים נעמען צום קאָכן) בראָנפּין איז געגאַנגען — וויפיל זיי האָבן ניש׳ ערוואַרט. שטאַרק, אַז דאָס לעצט האָט אויך געהאַלטן פּיפּציק! מ׳האָט געזעען באַשיינפּאַרלעך, אַז ס׳איז אַ שעת הכשר. האָט מען געשמוסט, אַז אויב ס׳זאָל אַזוי גיין, קאָן מען דורך אַ קנאַפּע וואָך אָפּלייגן די צוויי טויזענט. געשמוסט האָט מע׳ שטיל, אַזוי ווי געשעפּטשעט. מיט אַ מאָל בלייבן אַלע אינגאַנצן שטיל און פאַרהאַלטן אין זייערע פּאָזעס, ווי פאַרכשופט׳ע. לייבל, האַלב-זיצנדיק און האַלב שטייענדיק, באַם קעכל, האַלט אין אַריינלייגן אַ האָלץ; יצחק יונה שטייט פאַרן לעמפּל, האַלטנדיק דעם גראַד פאַרן לעכט; יוסף ליאַלקע ליגט אויסגעצויגן אויף אַ געבונט שטרוי, מיטן מויל הינטערן קיל-רערל, האַלטנדיק באַ אַ שלינג טון; טשיפּע מיט איינגעבויגענע קני, באַם קיישל, אין מיטן אויפשטעלן זיך, ברײַנדל זיצנדיק אויף אַ שטויס האָלץ און, ציענדיק דעם זאָק צוזאַמען מיטן זאָקן-בענדל, וואָס וויל זיך נישט האַלטן איבער די קני און זרח אייזאַלע, שטייט גלאַט אַזוי אינמיטן שטוב, און די הענט הענגען אים נאָך ווי די העלצער. אַזוי זענען אַלע פאַרשטיינערט געוואָרן און איבער אַ מינוט בלויז זיך איינגעהערט. ס׳האָט זיך געדאַכט, אַז עפּעס אַ גערויש קומט אָן פון הויף. מיטאַמאָל הערן זיי אַ סקריפּ. רייסן זיך אַלע אויף פון זייער פאַרשטיינערטקייט און זיי ווערן דערשראָקן אויף טויט.

—געוואַלט! געוואַלט! די דייטשן גייען!

—אפשר איז עס פאַנטל געקומען צו פאָרן? — פּאַלט-איין לייבלען.

— גולם! — ענטוועט מען אים. — באַנאַכט ׳עט פאַנטל קומען!

נאָר די ליאַלקע, וואָס איז דער קלאָרסטער באַ אַ זעלכע מעשיות. לייבט ארויס א [illegible] אויס די ליפן אויז [illegible] אויס

דאָס לעמפּל. איז געוואָרן אַרום זיי אַ פינצטערניש, וואָס האָט זיך מיטאַמאָל, ווי אַ שוואַרצער זאַק אַראָפּגעלאָזט אויף זייערע אויגן. ווייל פונקט איז ס׳טירל פון אונטערן קעכל אויך געווען פאַרמאַכט. און ס׳נעמט זיי אויסוויין, אַז פון דער פינצטערניש קומען אָן גזלנים מיט כלערליי חיות רעות: מיט הערנער און מיט פייערדיקע צינגען... ווייל ד׳אויגן זענען נאָך געווען צו־געוואוינט צו די פרירדיקע פלאַמען... באַלד אָבער פאַרשווינדן די אַלע גזלנים מיט די חיות רעות. ווייל דאָס פייער פון קעכל האָט מיטאַמאָל באַלויכטן די שטוב און ס׳איז זיי פאָר־געקומען יעצט נאָך לעכטיקער, ווי פריר. אַז דאָס לעמפל האָט אויך געברענט...

דאָס גערויש קומט נענטער. האַלטן זיי איין די אָטעמס און די שרעק וואַקסט.

פליצלינג קלאַפּט עמיץ אָן אין לאָדן און שרייט:

—„קאַנאַליעס! שאָן ווידער איין ברענעריי?..“

דערקענען זיי דעם וואַכמייסטערס קול און טשיפּע ווערט אַזוי צוטומעלט, אַז איר קומט פאָר, ווי די דייטשן שרייען דאָס אין שטוב.

—וואָס פאַראַ „ברענעריי?“ דער הערע׳לע — וויל טשיפּע אָנהייבן אַ גאַנצע רעדע, אָבער זי פאַרהאַקט מיט די ציין איבער ליאַלקעס אַ פינגער, וואָס ער פאַריקט איר אין דער מינוט אין מויל אַריין. נאָר דאָס האָט גאָר נישט געהאָלפן, אויך נישט פאַרערגערט זייער לאַגע, ווייל דער וואַכמייסטער, וואָס איז געווען גיט שכור, האָט אַודאי ניש געהערט אירע רייד. יענער האָט איצט געקלאַפּט מיט דעם ברוינינג אין לאָדן אַריין, אַז אינעווייניק האָבן געפּלאַצט די שויבן איינע נאָך די אַנדערע.

—קאַנאַליעס! „עפנט“ די טיר, ווייל איך דערשיס אייך, ווי די הונדע!..

יוסף האָט געזען, אַז דאָס שטיל שווייגן וועט גאָר נישט העלפן, האָט ער אָנגעצונדן ס׳לעמפל און אויפגעמאַכט די טיר.

דער וואַכמייסטער איז באַלד אַריינגעקומען אין באַגלייטונג פון אַ „דאָלמעטשער,“ וואָס האָט אַליין אויך געציטערט פאַר שרעק, אָדער קעלט. דערקענענדיק, ווען ער האָט ווידער פאר זיך, האָט זיך דער וואַכמייסטער צעלאַכט און פאַר שכרות האָט ער זיך אַ וואַקל געטון, אָבער ער האָט זיך גלייך דערכאַפּט אָנשפּאַרנדיק אַ האַנט אָן זידיקן קעסל. פון דעם ברי איז ער צערייצט געוואָרן, דאָס ער האָט אויסגעשאָסן, ניש' קוקנדיק צומאָל, וואו ער שיסט, דאָס גליק איז געווען, וואָס פאַר אים איז קיינער נישט געשטאַנען, אָבער דאָס איז געווען גענוג פאַר די ברוינפינמאַכערס צו פאַרשטיין, אַז אויב זיי וועלן אַרויס לעבעדיק פון זיינע הענט, וועלן זיי מעגן גומל בענטשן. די, וואָס האָבן זיך געהאַט גענעמען פאַר די פעסער, ווילנדיק אין דער טונקלהייט עפּעס אַרויסראַטעווען, זענען געוואָרן, ווי אָפּ-גענעמען און דער וואַכמייסטער, ווען זיין אייגענער שאָס, האָט אַ ביסל געבערענגט צו זיך, איז אָבער נאָך אין אַ גרע-סערן כּעס אַריינגעקומען. ער האָט אָנגעהויבן צו דראָען יצחק יונהן, טאָמער באַצאָלט ער ניש' שוין די צווייטוויזענט מאַרק פון נעכטן, דערשיסט ער אים אויפן אָרט. זיי אָבער פאַרמאָגן ניש' קאַ' פעניק. דאָס, וואָס שטייט אַצינט אָנגעשטעלט איז אַלץ געבאָרגט. פאַלן זיי אויף די קני און וויינען מיט ביטערע טרערן, ער זאָל זיך דערבאַרמען, ער זאָל וואַרטן ביז מאָרגן— מילא, וואָס ס'עט זיין ׳עט זיין. ער וויל אָבער ניש' הערן פון קאַ' וואַרטן און ער הייסט דעם באַגלייטער זיינעם, „פעסטגע-מען“ יצחק יונהן און אין שטראָף-הויז אַריין פירן.

יצחק יונה איז געשטאַנען אַ טויטער. ער האָט געציטערט פאַר דער תּפיסה! שוין דאָס וואָרט תּפיסה אַליין האָט אים דאָס בלוט פון פּנים פאַריאָגט. ווענדט ער זיך צו זיינע און דאָס קול זיינס איז אַזוי שוואַך, ווי דאָס קול פון אַ קראַנק קינד.

— לאָ' מע' פאַרקויפן אַלץ פון שטוב אַרויס... די קי-שענס מיט די וועש... לאָ' מע' זיך פאַרקויפן פאַר עבד כנענים, נאָר גיץ מיך ניש' איבער אין זייערע הענט...

דער וואַכמייסטער, אין זיין גרויסן כּעס, קלויבט נישט

איבער. ער גיסט אַליין אויס די „זאַטשאַרס." ער צעהאַקט און צוברעכט די קעסלען מיט די פלעשער און, אַז ער איז שוין באַלד פאַרטיק מיט זיין אויסטראָטונגס-אַרבעט און די ליאַלקע שטיפט אים אין האַנט אַריין טויזענט מאַרק, וואָס מ'ווייסט ניש, וואו און באַ וועמען ער האָט זיך עס געקאָנט שאַפן אין מיטן דער נאַכט אַזוי פיל געלט, וואַרפט ער עס צריק מיט כעס און טרייסלט יצחק יונהן:

— די גאַנצע סומע לאָס מיר זיין!

און ער פירטן אַוועק אַ ווייסן, אַ ציטערדיקן און אַ וואַקעלדיקן, ווי איינעם, וואָס האַלט באַם אָפּשטאַרבן. לויפן אַלע נאָך און פאַלן איבער קושאַקעס און דערנער, אָדער איבער זאַמד-בערגלאַך, וואָס ווערן אַרויסגעשטופּט אויף די לעכטיקע שיין פון די מילווערם, וואָס גראָבן זיך הינטער דער אויבערפלאַך פון דער ערד. און די הערצער פון די נאָכלויפנדיקע זענען פול מיט טרערן און אַרום זיי איז אַ שטאָק פינצטערע נאַכט. צו זייערע אויערן שלאָגט אָן דאָס רוישן פון די ביימער און דאָס איז דאָס איינציקע, וואָס דערגרייכט צו זיי פון דער גאַנצער אַרומיקער וועלט.

ווען יצחק יונה פאַרשווינד מיט די צוויי דייטשן אין טויער פון מאַגיסטראַט, וואו עס איז אויך דאָס אַרעסט-הויז און די כּורטקע פאַרמאַכט זיך הינטער זיי, גייען אַלע צריק מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ און מיט פאַרטרוקנטע טרערן אין די אויגן, ווי מענטשן, וואָס גייען צריק פון בית עולם, וואו זיי האָבן אַ נאָענטן, זייער אַ נאָענטן איבערגעלאָזט.

אויפן הימל האָבן זיך געבראָכן די וואָלקנס און פון צווישן די שפּאַרעס האָט אַרויסגעקוקט די לבנה, אַזוי ווי דאָס העלע אויג פון אַ ריז. געוואָרפן אַ בליק אויף גאָטס וועלט; באַלויכטן אויף אַ מאָמענט די שפּיצן פון קאָשציאָל, באַהאַלט אויף אַ רגע דעם וועג פאַר די אַהיימגייענדיקע ברוינפּנמאַכערס און צריק פאַרשווינדן.

די וואָלקנס האָבן זיך ווידער צונאַנדבאַהאָפּטן.

# אכצנטע קאפיטל.

פאַרטאָגס האָט זיך ס׳שטעטל אויפגעכאַפּט פון שלאָף. באַנאַכט האָט מע׳ געהערט טריט פון אַ סאַך מענטשן נעבן מאַגיסטראַט! שפּעטער האָט דעם קאָמענדאַנטור-שרייבערס געליבטע געזאָלט דערציילן פאַר וועמען, אַז פון קרייז קלינגט מען כּסדר און דער טעלעפאָן אין דער קאָמענדאַנטורע רוט נישט פון צווייטע אָן; אויפדערנאַכט נאָך האָט אַפילו דערציילט איינער, וואָס איז געקומען פון וואַרשע, אַז מ׳שמוסט דאָרט עפּעס גאָר שטאַרק; נאָר וואָס מען שמוסט און וואָס מ׳קלינגט האָט קיינער נישט געוויסט. גענוג איז, אַז איבערוועקנדיק זיך זייער פרי און זעענדיק בשעת עפּענען די לאָדנס, ווי דייטשן לויפן פון דער קאָמענדאַנטור צום וואַכמייסטער און צריק — און די פּנים׳ער באַ זיי זענען דערהיצט — האָט דאָס שטעטל גלייך דערקענט, אַז ס׳איז עפּעס נישט גלאַטיק... אין אַ צען מינוט צייט זענען שוין אַוודאי האלב איינוואוינערס געווען אויפן מאַרק, קופּקאַלעכווייז און געמאַכט מיט די הענט, אַזוי ווי אין יענעם טאָג, ווען איבערן מאַגיסטראַט און אין מאַרק האָט זיך באַוויזן דער גרויס פּאַליענדיקער, דייטשער יום-טוב פאָן און, אויף דעם טויער איז געווען אויפגעקלעפּט דער קאָמוניקאַט פון שלום מיט רוסלאַנד. איצט אָבער האָט קיין זאַך נישט געגעבן צו מערקן, מיט וואָס עס איז, ס׳שטעטל זאָל

זיך קאָנען כאַטש אָנשטויסן, וואָס ס'איז געשעען. דער קאָמאַנ-דאַנטור-שרייבער, אַ יינגער דייטש אין ברילן, איז געלאָפן אַ פּאָרמאָל איבערן מאַרק און האָט ניש' געענטפערט אויף די פראַגן, וואָס אַ פּאָר האָבן אים געשטעלט, נאָכמער: ער האָט אַפילו ניש' זיך אָנגעבייזערט אויף קיינעם...

מיטאַמאָל קומט אָנצופאָרן דעם וואַכמייסטערס ברישט-קאַלע. פאָרנט זיצט דער דאָלמעטשער, וועלכער טרייבט אָן מיט די צוויי פערד און אויף דעם הונטערשטן געזעס זיצט דער וואַכמייסטער מיט זיין געהילף. פאַר דעם מאַגיסטראַט שטעלן זיך אָפּ די פערד און דער וואַכמייסטער שיקט אַרויף דעם גע-הילף זיינעם איין וואָרט צו פרעגן:

—„פאַרען?"

—פאַרען.—ענטפערט דער קאָמענדאַנט.

האָט דאָס ברישקאַלע געריררט צו יענעם געסל צו, פון וואַנען ס'פירט אַ שאָסיי-וועג גלייך אין די קרייז-שטאָט אַריין. פאַרבאַפאָרנדיק די קופקאַלעך, זעען יענע, ווי אין ברישקאַלע ליגן אָנגעוואָרפן פאַרשידענע פעקלאַך, גרעסערע און קלענערע און זיי בלייבן מיט אָפענע מיילער, נאָכקוקנדיק די אָפּפאָרענ-דיקע דייטשן און אין אַלעמענס אויגן צעוואַקסט זיך אַ פראַ-גע-צייכן און זיי פרעגן איינער באַם צווייטן:

— וואָס? — וואָס? —

דעמאָלט פאָרט אָן פון קאָליע-געסל אַ פויריש פירל און „מאַטעי קשאָנזשעק," וואָס קומט ערשט פון דער באַן, דער-ציילט נייעס, אַז אין דייטשלאַנד איז אַ רעוואָלוציע און אַלע דייטשן אַנטלויפן פון פוילן.

—„או ניך רעוואָלוציאַ, אַ ציסאַרזשאַ ווילושאַ זוטשילי ז'טראָנו... טיראַ' ווסיסצי ניעמצי אוטשעקאַיון ז'פּאָלסקי..."

אַזוי ווי ער רעדט דאָ די ווערטער, וואַקסן אויס, ווי פון דר'ערד אַרויס, חברות שגצימלאַך. זיי כאַפּן שטיינדאַלעך און וואַרפן נאָך דער שוין ווייטער אָפּפאָרנדיקער ברוטש-קע. איין שטיינדל האָט, דעריאָגט, געטראָפן דעם וואַכמייס-טער אין די פליי'צעס אַריין און אַ צוויטס הונטן אין

זוענטל פון דער בריטשקע. די בריטשקע פאָרט אָבער ווייטער, דער וואַכמייסטער—צומאָל ניש קיין בליק אויף צריק. ס׳האָט זין געדאַכטן, אַז ווי אין אַ חלום זיצט ער...

ניש׳ געשאָסן, ניש׳ געשלאָגן, ניש׳ געהייסן אַפילו „פעסטנעמען...” די פערד האָבן נאָר אָנגעהויבן אַ ביסל שנעלער צו גיין און צוזאַמען מיט דער בריטשקע צו פאַרלערן זיך פון אויג.

שטעטל האָט געגאַפט. וואָס איז דאָס? אין דייטשן צו וואַרפן שטיינער?.. יידן זענען שוין געשטאַנען מיט די גאַנצע גופים— אַ חוץ די קעפּ — אויסגעדרייט, גרייט צום אַנטלויפן... און יענער אויף דער בריטשקע — גאָר ניט... ניש אַנדערש זיי האָבן די קעפּ פאַרלוירן!!,..

מאַטעי האָט מיט זיין ידיעה די רעשט אויפגערודערט די גאַנצע שטאָט. זענען איצט אַרויס די קריסטן: מענער, פרויען און קינדער. די וואָס האָבן געקערט צו די פייערלעשער האָבן זיך אָנגעטון די געלע מאַרינאַרקעס מיט די מעשענע קאַסקעס און זיי האָבן זיך צעשטעלט איבער אַלע געסלאַך צו היטן די אָרדינונג. פון די שגצים טיילן זיך באַלד אויס צוואַנציק מאַן פון זעכצן ביז עטלאַכע צוואַנציק יעריקע און זיי מאַרשירן איבער דעם מאַרק, צום מאַגיסטראַט צו און בלייבן דאָרט שטיין אין אַ גלייכער רייע, ווי די זעלנער. מאַטעיס זון, יאַנעק, אַ שגץ פון אַ יאָר דרייאונצוואַנציק, וואָס איז שוין געווען אין די לעגיאָנען, טוט אַכטונג ס׳זאָל קיינער קיין איבעריקן ריר זיך נישט טון און, ווען ער זעט, אַז פון דעם שטיין וועט גאָר ניש אַרויסקומען, קלויבט ער אויס צוויי הויכגעוואַקסענע און גייט מיט זיי אַרויף, אַ דעלעגאַציע, אין דער קאָמענדאַנטור אַריין. אין אַ צען מינוט אַרום קומען זיי אַראָפּ מיט אַ מענגע ביקסן און שטילעטן, וואָס די דייטשן טראָגן אויף די זייטן. יאַנעק טיילט באַלד איין די ביקסן, וועלכע אַ טייל נעמען זיי אויף די לינקע אַקסלען און אַ טייל אויף די רעכטע... באַטיילט שוין אַלע, זענען עטלאַכע ביקסן נאָך איבערגעבליבן, קומען צו קלענערע, דרייצניעריקע און צוועלפיעריי-

קע, גיט מען אויך זיי, וועלכע קאָנען מיטביידע הענט קויםי דערהאַלטן די ביקס.

איצט האָט יאַנעק אַוועקמאַרשירט, איבערלאָזנדיק פיר מאַן—אַ וואַך פאַר דעם מאַגיסטראַטס און באַלד קומט ער צריק מיט אַ פאָן, אַן אַנדערן שוין, וועלכער ווערט ערשט אַריינגעזעצט אין די גרויסע האַקן-רינגען איבער דעם מאַגיסטראַט-טויער. אַז דער פאָן האָט זיך צופלאַטערט האָט די שטאָט דערזעען ערשט... ווערט אַ געמירמעל אויפן מאַרק און דער פאַן נעמט זיך פאַלבן, פונקט ווי אַ טייכל. איינער פרעגט באַם צווייטן:

— וואָס זענען דאָרט פאַראַ „ליטערעס?"

—דאָס איז: „פע," „אָ" „וואו."

—וואָס מיינט מען דאָס?

דאָס האָט קיינער ניש געטראָפן. ערשט אין אַ צייט אַרום א'ז מען געוואָר געוואָרן:

„פאָלסקאַ אָרגאַניזאַציע וואויסקאָוואַ!.."

איצט זענען די פירן אָנגעקומען פון וואַרשע און די יינגען, וואָס האָבן שוין געוויסט פון דעם נייס, זענען באַלד אַרויס אויף די גאַס. זיי האָבן זיך געדרייט אַרום דער אויסגעשטעלטער „שרענגע" און געקוקט מיט קנאה אויף די אַלע שגצים, וואָס טראָגן ביקסן און וואָס קומען שוין אויס אין זייערע אויגן גאָר ניש' די אייגענע... פייפקע קאָן זיך גאָר ניש' איינהאַלטן, ער מוז שוין טאַקי צוגיין צום „דאָוואודזעצ," וואָס פירט אָן מיט דער רייע „געביקסלטע" און זאָגן:

—„יאַנעק, דיי מי טאַקושע סטזעלבע!..."

אָבער, אַז יאַנעק ענטוועֿרט אים גאָר ניש, ער איז עפּעס גאָר פאַרנעמען — ער זעט גאָר ניש קאַ' פייפקן, ער קען גאָר ניש אַ זעלכן... גייט פייפקע צריק צו די זייניקע מיט אַ פאַרשעמט פנים...

די דייטשן האָבן געפירט אונטערהאַנדלונגען מיט די „זעלנער" און ס'איז זיי פאַרזיכערט געוואָרן אַ רויק אַוועק-

פאַרן פון שטאָט... האָבן זיי זיך שנעל געמאַכט די פעקלאַך און דער שרייבער פון דער קאָמענדאַנטור, וואָס האָט געהאַט די וועש זיינע באַ אַ וועשן אויפן צווייטן עק מאַרק — איז געגאַנגען נאָך איר אין באַגלייטונג פון אַ זעלנער...

שפּעטער, אַרום מיטאָג-צייט, זענען פאַרפאָרן אויפן מאַרק עטלאַכע „פּאָדוואָדעס" און אָפּגעשטעלט זיך באַם מאַגיסטראַט, זענען באַלד אַרויסגעקומען אַלע דייטשן, אויפגעזעצט זיך אויף די וועגנס און זענען אַוועקגעפאָרן אין די אייגענע ריכטינג, וואו ס'איז געפאָרן אין דער פרי דער וואַלמייסטער. אַ „סטראַזש" האָט זיי באַגלייט ביז אַ שטיק פון שטאָט אַרויס...

ווען די דייטשן זענען אַוועק האָבן זיך די זעלנער אַ לאָז געטון אין די צימערן פון דער קאָמענדאַנטור. יאַנעק אָבער האָט זיי אָפּגעהאַלטן...

—אפשר איז געמינעוועט...

זענען אַלע באַלד צריק אַראָפּ פון די שטיגן און אַרויס, אין איין אָטעם, פון טויער, אויף דער גאַס האָבן זיי ערשט פריי אָפּגעאָטעמט. צוויי, בלויז, פון די מוטיקסטע זענען אַרויף און געמאַכט אַ גרינדלאַכע רעוויזיע אין אַלע צימערן. דאַן איז יאַנעק געוואָרן אויסגערופן אויף קאָמענדאַנט פון שטאָט. ווי אַ קאָמענדאַנט האָט ער געפונען פאַר נייטיק אַרויסצוגעבן אַ באַפעל: „אַלע זאָלן זיך צעגיין אַהיים, מ'זאָל ניש שטיין אין קאַ' קיפקעס. מ'זאָל היטן די אָרדינונג."

האָט זיך אָפּגעליידיקס דער מאַרק און שטעטל איז געקומען עפּעס אין „וואַקלעניש" אַריין. מ'האָט ניש געוויסט, וואָס צו טון און וואָס צו רעדן.

ס'האָבן זיך גענעמען טראָגן קלאַנגען פון פאַרשידענע שטעט—גאָר ניש קאַ' פריילאַכע קלאַנגען;

. . . . . . . . . . . . . . .

...האָט מען זיך צונאַנדגעקליבן אין די שטובן און, אַרויסקוקנדיק, דורך די פענצטער און דורך די טירן פון די געוועלבן, האָט מע' געוואַרט, זען, וואָס שפּעטער וועט זיין.

די שמוגלאַרס זענען אַלע געזעסן באַ פעלטן אין שטוב און פאַנטל האָט זיך געחיצט:

— וואָס? — זאָגט ער — פאָרן און צולייגן געלט נאָך צו די „יאַזדעס"? 'עט מע' זיך אויסרוען אַ ביסל. אונטערוואַרטן אַ וואָך, אָדער צוויי, דערנאָך 'עט מע' שוין זען.

— איך האָב מורא גאָר — רופט זיך אָן קאָפּל — מ'זאָל שוין פאַרשפּאָרן אײַנגאַנצן צו פאָרן. וואָס 'עט מע' דאָס שמוגלען? אַלץ ווערט דאָך בחצי חנם!..

האָט זיך גרונם צוגעטשעפּעט צו פּייפקען, ווי אַ נוגל.

— אַ ברעכעניש אין דײַנע אויגן אַרײַן! — האָט ער געזאָגט — פּייפּקאַלע! נו?..

האָט פּייפּקע אײַנגעזען, אַז דער „ניגל" וועט אים נישט אָפּלאָזן. און ווידער לוינט עס אויך ניש. וואָס 'עלעך מען אַרומשלעפּן?" און ער טוט אַ רוף אויס:

— גרונם „שליעפ." מאַך אַ חתונה, פון מײַנעטוועגן אַפילו, הײַנט!

און גרונם, וואָס אַן אַנדערש מאָל, וואָלט זיך פּייפּקע שוין געמעגט „אָפּגעזעגענען" פאַר דעם קאָמפּלימענט, מיט וועלכן גרונם איז באַקרײַנט פון שטעטל — האָט איצט גאָר פאַרהערט דעם „שלעפּ" און ער האָט זיך געטראַכט: „כל זמן ס'אײַזן איז הייס, קלאַפּ, ברודער!.." נאָר די פּשיאַטשעלעס האָבן געשאָקלט מיט די פוטערגע קעפּ און יענקל האָט זיך אַפילו צעלאַכט:

— פּגירה אין זיי... הײַנט... אַ חתונה... כּי, כּי, כּי...

אָבער גרונם האָט די ווערטער יענקלס אויך ניש געהערט. צי ווייל ער האָט זיי פאַרהערט, ווי פּייפּקעס „שליע!" אָדער ווייל ס'איז שוין ניש געווען פון אים קאַ' זכר אין שטוב? ער איז איצט געלאָפן פון איין מחותן צום אַנדערן; און די שוועסטער זײַנע, רייטשע, האָט זיך אויף אַן אמת געבעמען מכין זײַן אויף איר חתונה...

נאָר פיניע איז געבליבן שטעקן אין דער מיט. די איציקע צײַט האָט אים צוגעקוועטשט אײַנגאַנצן און ער איז גע-

בליבן, ווי אַ שיף אינמיטן וואַסער, וואָס מען דזיט פון איר צוגענומען דעם רודער. וואו האָט איר איצט אַ פיניע? וואו הערט איר גאָר פון אים אַ קלאַנג? שלעכט מוט פיניען! אַן אַנ-דערש מאָל באַ אַ זעלכע געשעעניש, וואָס וואָלט ער עס אַלץ אויסגערעגערט!.. דאָס שוואַרציאָר האָט אים דעמאָלט, אין טעאַטער, איינגעגעבן דעם געדאַנק פון זאַלץ קויפן... וואָס האָט ער עס געדאַרפט צו האָבן נייטיק אין טאָפּ אַריין? ס׳פעלטן אפשר זאַלץ?... האָט ער געמאַכט אַ שתפות, און טאַקי ווידער-אַמאָל, מיט מעכלען... האָט ער מעכלען געשיקט אין אַ שטאָט אַריין קויפן פאַר אַ טויזענט מאַרק זאַלץ און ער אַליין, פיניע, איז געבליבן אינדערהיים, אויסזוכן אַ סוחר, וואָס זאָל באַלד צונעמען די סחורה, אַזוי ווי זי וועט נאָר אָנקומען. „ניכיי,״ וואָלט ער געווען געפאָרן און יענער דאָ געבליבן!.. נאָר באַ-שערט געווען עגמת נפש מיט היזק און, אַז צווישן אים מיט מעכלען זאָל עס ווערן אויס — אינגאַנצן אויס!..

ווער ס׳איז דאַרין שולדיק געווען? ווי קאָן מען זאָגן? מעכל האָט געקויפט דאָס זאַלץ באַ אַ ייד, אַ סוחר, וואָס האַנ-דלט דערמיט שוין פון צענדליקער יאָרן נאָך פון פאַר דער מלחמה. נאָר דער סוחר, באַ וועמען פיניע ווידער האָט גע-נעמען האַנט-געלט, האָט, באַלד באַם אַראָפּנעמען די זעקלאַך שוין געזאָגט:

— מיר דאַכט זיך, אַז דאָס זאַלץ שפירט מען עפּעס...

—וואָס רעדט איר עס? — האָט דעמאָלט געזאָגט מעכל— דאָס איז זאַלץ, שוין איינמאָל זאַלץ? דאָט איז, מ׳זעט עס גאָר ביש..

נאָר, ווען אַלע זעק זענען שוין געווען אַראָפּגעלייגט אין קעלער אַריין און דער סוחר האָט אויפגעטרענט איין זאַק און פאַרזוכט, האָט ער אויסגעשפיגן:

—נאַפט! ס׳שטינקט דאָך פון נאַפט!

—מעכאַלע!—שרייט ער, פיניע, אויך אויס, פאַרוואַנדיק— וואָס האָסטו געקויפט?

האָט מעכל גאָרניש געוויסט, וואו ער איז עס אין דער וועלט. ער האָט פאַרזוכט איין מאָל, נאָך אַ מאָל. אַז פון דעם שטאַרקן נאַפט-ריח איז אים שוער די גרינע גאַל איבערגעדרייט געוואָרן.

—וואָס איז דאָס?—זאָגט ער — איך ווייס דאָך פּאָרט, אַז עס באַדאַרף צו זיין גוט זאַלץ...

און ער, פיניע, איז שוין געווען אַריין אין זיין מדריגה. ער שוויצט, ריקט זיך דעם היט און פאַנטאַנ-דעלט:

— איפלל...—מאַכט ער אָן אַן אָטעם,—איינמאָל פאַר אַלע מאָל... ווען יעך מאַך מיט דיר שותפות, האָב איך אַזוי... נאָר איצט ,עט עס ניש אַזוי טריקן אָפּגיין... וואָס מיינסטו דאָס מיט דיר ?..

און ער כאַפּט אָן מעכלען אַרום האַלדז, גאָר ניש אויף קאַ' שפּאַס... קוועטשט אים, דריקט אים, אַז יענער נעמט שוין פאַרגלייזן די אויגן און די צינג קריכט אים פון מויל אַרויס, ווערט לענגער.. ווערט ברייטער... און דאָס פּנים ווערט אים אָנגעלאָפן... און ער נעמט זיך שוין וואַקלען אויף די פיס... ווער ווייסט אויב פיניע וואָלט ניש דאָ געוואָרן אַן אמת'ער רוצח, וואָרעם, ווי ער האַלט און דישעט אַזוי יענעם, ווערט אים אַליין דאָס פּנים אַלץ רויטער און פון די אויגן קוקט אים גאָר אַרויס אַ גרויסע פרייד... עפּעס אַ טייוול איז פיניע געוואָרן... וואָרום אַן אמתער חשק איז אים באַפאַלן צו זעען ווי ס'גיסט זיך יענעמס בלוט פון אונטער זיין האַנט אַ פּער... אַ צינט, אָ, איז פיניע שוין ווייט אַוועק! שטעכן, ברענען, רייסן די פעל מיט די אָדערן צוזאַמען, וואָלט נאָך פאַרן ווייניק געווען... ווען ס'לויפט ניש צו דער ,סוחר און רייסט ניש אָפּ דעם קרבן זיינעם, וועלכער איז ערשט נאָך גו-טע עטלאַכע מינוט קוים געקומען צו זיך...

אָט אין אַזאַ לאַגע האָט זיך דאָס געפינען פיניע, יוען ס'איז פאָרגעקומען די גרויסע איבערקערעניש אויף דער וועלט.

פאַרטאָגס איז ער גלייך מיט אַלע אַרויס אויף די גאַס, דערנאָך לויט דעם באַפעל פון יאַנעקן — אַריין אין שטוב. אָבער ער גייט אַרום מיט אַן אויפגעשטעלטן קאָלנער און אין שטוב באַ זיי זענען אויך דאָ נאָך עטלאַכע יידן, וואָס שמוסן און שרעקן זיך עפּעס „פארן ווייטער” און פיניע! — פון אים הערט מע׳ ניש קאַ׳ פּיפּעץ...

פליצלינג איז אין שטעטל געוואָרן אַ רעש. דער נייער קאָמענדאַנט איז געווען אין „קאָזע” און, אויספרעגנדיק, די אַרעסטירטע, פאַר וואָס די דייטשן האָבן זיי איינגעזעצט— האָט ער עטלאַכע באַפרייט. צווישן די באַפרייטע איז אויך געווען יצחק יונה, וועלכער איז אַהיימגעקומען, ווי אַיינער, וואָס מ׳האָט אים אין דער לעצטער מינוט אַראָפּגענעמען פון שטריקל...

איצט האָבן אַלע איינגעזען, אַז גאָטס פינגער איז געווען דאַרינען, וואָס דער וואַכמייסטער האָט באַנאַכט נישט געוואָלט צונעמען די טויזענט מאַרק, וועלכע מ׳האָטן געשטופּט אין די האַנט אַריין... איז דורך איין נאַכט פאַרדינט געוואָרן טויזענט מאַרק...

האָט זיך ס׳שטעטל איינגערויקט אַביסל נאָך יצחק יונהס באַפרייאונג. מ׳האָט אָנגעהויבן צו האָפן, אַז ס׳זענען שוין אַוועק די צייטן פון „שטראָף,” פון איינזעצן, פון „רעקוויזיציע” און פון נאָך, נאָך אַ סך אַ זעלכע פורעניות... זענען אַוועק, פאַרשווינדן און—געוואָלט גלייבן, אַז זיי וועלן שוין מער ניש׳ צריקקערן...

---

# ניינצנטע קאפיטל.

ערשט זענען זיך אַ־לע צונויפגעקומען צו פּייפקן אויף די התונה. ס׳זענען געקומען, אַ חיץ איין יידלען וואָס איז ניש געווען, אַלע בראָנפינמאַכערס, אָנהייבנדיק פון „בעדער" און ענדיגענדיק מיטן קליינעם משהלע, וואָס איז געבליבן אַ פּאַר־בענקטער, די „אַמעריקאַנערין" קאָן ער אַלץ בשום אופן ניש׳ פאַרגעסן. עם האָט געחלומט וועגן איר, ער האָט געזיפצט און אין געדאַנק האָט ער אַלץ באַדויערט: „ער אי׳ דעך שוין געווען גאָר נאָנט... נאָך אַ טאָג... נאָך צוויי..." ס׳זענען געווען זייפנמאַכערס, וואָס די גרעסטע טייל פון זיי זענען חסידים, אמתע חסידים... נאָר מיט פּייפקן וויל מע׳ ניש אָנהייבן... ס׳זענען געווען פּייפקעס קאָלעגעס, ווייטער פון גרונמס ווייבס זייט—אַלע שיסטערס, וויפיל זי האָט אין דער משפחה. קצבים זע־ען אַריין מיט האַק און פּאַק. ס׳האָבן זיך אויך אַרויסגע־זעען אַ פּאָר בכבודע בעל־בתּים, וואָס געהערן זיך אָן קרובה־שאַפט. די אָנזעעוודיקסטע געסט אָבער זענען געווען פאַנטלס און פעלטעס חברה, וואָס יעדער פון זיי איז געווען משכּמו

ומעלה, אַ חוץ פּאַנטלען. אויך זייער דבור האָט זיך געהערט אַרום טיש און ניש איינער פון די שוואַכע בעלי-בתימלאַך האָט זיך געטראַכט: „וואָס פאַר אַ מין געזינטעניש...״ פייפקע, דער חתן זיצט זיך אויבן-אָן אין אַ טיכן היטאַלע, וואָס ווינקט אַראָפּ פון זיין שפּיץ קאָפּ און זעט אויס גאָר, ווי די שכינה וואָלט אויפן גערוט... אַפילו איטשל אַליין קאָן אים גאָר נישט דערקענען. — אַרום לאַנגן טיש זיצן די געסט און רייכערן די פּאַפּיראָסן, ווער ס׳איז אַ רויכערער און ווער ניש. וואָרעם ס׳קאָסט דען עפּעס? פאַר דעם חתן שטייען זיי, די פיינע פּאַ-פּיראָסלאַך, אין אַ גרויסער פידלע און אַ מחיה פאַר קליינ-וואַרג. יעדע מינוט לויפט אָן אַנדערע צו. כאַפּט אַרויס אַ פּאָר פּאַפּיראָסן און אַנטלויפט מיט זיי צום ווינקל, וואו ס׳שטייען די יידן פון די חברות מיט טעלערס אויף נדבות. דער בלינ-דער גרונם דרייט זיך אַרום מיט אַ גרויסער טאַץ און אויב ס׳קומט אָן אַ פרישער גאַסט, טראָגט ער אים אַ קייגן אַ שטיק לעקאַך, וואָס די כלה אַליין האָט געבאַקן, און אַ גלאָז בראָנ-פין.

—טרינק, ברידער!—זאָגט ער—טרינק צום חתן!

קומט אָן דער אַלטער שעהקע אין אַן אַלטער טיכענער זשיפּיצע, וואָס איז שוין מער ענלאַך אויף אַטלאַס פון גלאַנ-ציקייט; אין דעם גרויסן סאַמעטענעם הוט מיט דער ברייטער דענקע; אַ רויטע פּאַטשייל אַרום דעם האַלדז! און באַ דער טיר נאָך רופט ער אויס:

—מזל טוב! זאָל זיין מיט גליק!

—מיט גליק זאָלט איר לעבן!—ווערט גיענטווערט.

דאַן באַווייזן זיך די צוויי נישט צו טיילבאַרע: אַברמטשע וועלוועלס און בערטשע.ביידע זענען שוין גיט שכור, וואָרן באַם געלן עליע האָבן זיי שוין גאַנצע צוויי פלעשלאַך אויס-געליידיקט. בערטשע גייט אַזוי ווי אַ האַלבע לבנה, נאָר צוקו-מענדיק צום חתן, גלייכט ער זיך אויס, טוט אַ זבענק פייפקן איבער די פלייצעס און שרייט אויס:

—פייפקע אַ צעזעצעניש אין דיינע פיס אַריין! כאַפּסט שוין היינט „כּאַסלערו?..

ווערט אַ רעש צווישן די בעלי-בתּישע מענטשן: וואָס איז דאָס גאָר — אויף אַ יידישע חתונה „כּאַסלערו!..״ און דער שוואַרצער בערל פּילט זיך אַ ביסל שולדיק קייגן זיי, וואָרן ער אַליין איז דאָך אויך אַ שמוגלאַר, אַ פיר-מענטש... וויל ער פאַרגלעטן אַ ביסל די ערשטעס חוצפּה, שטעלט ער זיך אויף און ציט אויס אַ האַנט צו פייפקן:

—חתן, ס׳זאָל זיין מיט מזל און הצלחה! צ׳זאָלט ענק ביידע עלטערן אין עשר און אין כּבוד!

פאַרשעמט זיך פייפקע מיט זיינעם אַ פשיאַטשעל. אָט איז אַ „ייד...״ אַ „ייד״ ווינשט אים... כאַפּט ער אַ שטיק קוכן פון גרונמס טאַץ אַרויס און כאָטש בערל האָט קוים, קוים די ליפּ, פון אויבן, איינגענעצט, ריקט ער אים צו דעם קיכן און ער נעמטן גאָר מיטאַמאָל צו אירצן:

— נאַט! נאַט! — זאָגט ער — פאַרבייסט אַ שטיקל קוכן...

—נו, ברידער, טראַסקע אַריין! — דרייט בערטשע איבער דאָס גלאָז און פאַרכלישעט זיך. אויסגעפּאַרסקעט, און אויס-געגאָסן און אָנגע„פּרוטע׳׳וועט אַזוי ווי אַ פערד, נעמט ער אַברמטשן זייער ליבלאַך אַרום האַלדז און פאַרבייסנדיק, לאָזן זיך ביידע אין די אַנדערע שטוב אַריין.

דאָרט, אין דער צווייטער שטוב איז איצט לעבעדיק. ברוך פּלייטניק בלאָזט מיט אַלע כּוחות און עס דאַכט זיך, אַז די באַקן וועלן אים באַלד אויפפּלאַצן. צאָדקע מאַלאַרוש, וואָס האָט געדינט פאַר ניקאָלאַיען, שטייט באַם באַס און דער הוי-כער ייצקע, דער קברן פון שטעטל, פּאַטשט מיט צוויי „בלאַ-כעס,״ וואָס פאַרהילכט און פאַרטויבט, אין טאַקט פון דער מוזיק. ס׳טאַנצן מיידלאַך, וועלכע פאַרטשעפּען זיך אַלע ווײַלע אָן די אַרויסגעשטעקטע פיס פון די אַלע ווייבלאַך און מייד-לאַך, וועלכע שטייען אַרום און אַרום געפּרעסט, אָדער זיי קלאַפּן זיך אָן די אַרויסגעשטעקטע „באָקעס״ פון די גראָבע

חנה, אַ יידענע, ווי אַ פּאַס, וואָס מאַכט פול די גאַנצע שטוב. אָט שטייט זי, דאַכט זיך, אין מיטן פון אַ רעדל און אַרום קאָן מען „קאַ' שפּילקע צו דר'ערד ניש' ווארפן, אָבער זי— מיטן בליק געפינט זי זיך שוין אין ווינקל, באַ דער כלה,— וועלכע גייט אָנגעהאָנגען אַ ווייסן שלייער אויפן קאָפּ — און זי פרעגט עפּעס באַ דער קאָפּילעכע און באַ גליקן, וואָס שטייען אויף ביידע זייטן פון די ברענענדיקע לעכט, מיט די הענט אויף די „באָקעס״ און מיט אַזאַ שמחה, ווי זיי וואָלטן אַן אייגן קינד צו דער חופּה געפירט... היינט זענען אַלע מחותנת־טעס! „נעבאַך״ די כלה—אַ יתומה „נעבאַך...״ ניש' קאַ' טאַטע, ניש' קאַ' מאַמע... גרוגמס ווייב טראָגט אַרום, ווי איר מאַן דאָרט באַ די מאַנסלייט, אַ גרויסע טאַץ מיט שטיקלאַך קוכן, באָר בראָנפין האָט זי זיסן און זי טיילט אַרום מיט קליינע גלעזאַלעך. אַ יידענע אַ פיל גלעזול; אַ מיידל—אַ האַלבס נאָר... אָפּגעטאַנצט, אָפּגע„פּאָלקע״וועט, אָפּגעוואַלצעוועט, שטעלן זיך אַוועק די מיידן מיט די רויטע, ווי אויסגעפּאַטשטע פּיסקעס און זיי קוקן צו די פרישע פּאָרלאַך, וואָס טאַנצן איצט אויף זייער אָרט. אָט צווישן די מידע און דערשוויצטע מיידלאַך „אַרבעט״ איצט אורקע... ער איז פּונקט, ווי די גראָבע חנה, נאָך פלינקער... אָט איז ער אין איין ווינקל און אָט שווימט ער אַרויס צווישן אַ פּאָר מיידלאַך אין ווייסע געפּרעסטע קליי־דער... ער לויפט אַרום, ווי אַ טחויער צווישן הינער. טייל מיידלאַך כאַפּן אים אָן און זיי נעמען אים פּאַטשן און רייסן באַ די אוירן, אָבער ער שטופּט זיך צו זיי מיט די גראָבע, וואַטענע קורטקע און מיט דעם פּאָטערס „שטיוואַליעס,״ אַז די מיידלאַך ריקן זיך באַלד אָפּ פון אים, מוראהאָבנדיק פאַר די קליידער און פאַר די ווייסע לאַטשן. אָבער אַזוי ווי זיי קאָ־נען ניש' ווייט זיך אָפּרוקן, מחמת ענקשאַפט, דאַריבער האַלטן זיי שוין פאַר גלייכער צו לאָזן זיך אַ טשעפּ טון... פליצלינג דרייען אַלע מיידן אויס די קעפּ צו דער טיר פון די מאַנס־

לייט און אַ געזשומערייַ ווערט צווישן זיי, אַז ברוך פּלייניק מוז נאָך שטאַרקער אָנבלאָזן די באַקן און ייצקע קברן מוז פאַרבייסן מיט די ציין פאַטשנדיק מיט די „בלאַכעס"—מ'זאָל זיי הערן.

—אוי, מ'עט טאַנצן „הערן און דאַמען..." „הערן און דאַ-מען" 'עט מע' טאַנצן...

אַברמטטשע ווערלוועלס ווינקט צו אַ גאַנצע באַנדע מיידן אין רויטע בלוסקעס. נאָר בערטשע „באַלאַמיטשעט" ניש', ער כאַפּט אַרום דעם „פּסחדיקן ווישניק," וואָס שטייט צום נאָנטסט פון אים און ער טאַנצט שוין מיט איר. ער קוקט גאָר ניש' אויף די מוזיק, וואָס שפּילט איצט „וואַלץ," ער זינגט זיך אַליין גאָר און קלאַפּט צו מיט די שטיוול, דרייענדיק זיך מיט איר אין אַ רעדל, בשעת די באַקן פון דעם „פּסחדיקן וויש-ניק" בליען און רייטלען זיך און בייטן זיך אין די פאַרבן גאָר שנעל, אַז קיין מאָלער וואָלט נישט געקאָנט דווינזשען קאַ' פאַרב אָנצושטעלן... האָבן שוין אָפּגעטאַנצט אַלע צו איינמאָל, צווייםאָל, דריימאָל, נאָר בערטשע פליט נאָך אַלץ אַרום מיט איר. און ווער ווייסט צי דער „פּסחדיקער ווישניק" וואָלט ניש אַרויס פון זיינע הענט אַ טויטע, וואָרן אַזוי ווי די רויטקייט האָט זיך אָנפאַנגס געשטאַרקט וואָס אַמאָל, ביז זי האָט דער-גרייכט די העכסטע מדרגה, אַזוי, אַז מ'וואָלט געקאָנט אַ לעכט אָנצינדן באַ איר פּנים, האָטן זי אָבער אָנגעהויבן צריק צו בלאַקירן און בלאַס צו ווערן, ביז זי האָט זיך גענעמען בלאָען דערנאָך גרינען, דערנאָך געלן, — און ווען בערטשע טוט זיך נישט אַ פאַרהאַק אָן חנהס אַ „באָק" און פאַלט ניש אים מיט-שלעפּנדיק אויף די פאָרטנערקע זיינע... ווער ווייסט וואָס פון „רויטן ווישניק" וואָלט געוואָרן. אָט דעמאָלט האָט זיך אורקע אַ ריק געטון פון ווינקל, וואו ער האָט זיך נאָר וואָס געפינען און איינבייגנדיק זיך—מיטן קאָפּ געמאַכט אַ וועג זיך, ביז צום רעדל טענצערס, ביז צום „פּסחדיקן ווישניק..."



— טרינק ברידער — זאגט ער — טרינק צום חתן!

ז. 109 ש. 18

ד. ט.

באַ די מאַנסלייט איז איצט אויך לעבעדיק, ייִנגען נע־מען צוזאַמען אַ „סקלאַדקע“ אויף עטליכע פעסלאַך ביר און יידן, שמשים פון חברות, שטעלן אויף זיירע טעלערס מיט די קוויטאַלעך פאַר הכנסת כלה, הכנסת אורחום, תלמוד תורה, וקור חולים, חברה קדושה און נאָך אַ סאַך... ייִנגען ווערן זערהיצט פון די בראָנפינס מיט די בירס, שטעלן זיי זיך אויף, גריכן אַריבער דעם טיש און גייען אַריין „צו די פרויען“— טאַנצן. עלטערע חברה־לייט, פּשיאַטשעלעס, שטעלן זיך אויך אויס באַ דער טיר, אַריינקוקן, זעען, ווי ס'גייט צו, באַם חתן זענען געבליבן אינגאַנצן צוויי בחורים: איטשל און מענדל. פיניע גרעגער איז אַפילו אויך דאָ, אָבער ער איז ניש אין רע־כענונק... אַברמטשע ווערלוועלס, וועלכער קומט אַריינצולויפן, אַ שמעק טון אויף אַ פּאָר מינוט, וויל ניש' אַנדערש נאָר פיניע זאָל אויך אַריינגיין טאַנצן... נעמט ער אים אָן פאַר די אַקס־לען, הייבטן אויף און וואַרפטן אַריין אין גאַנצן געדראַנג פון נקבות און מאַנסלייט. פיניע הייבט שוין אָן אינדערגיך צו שלינגען די ווערטער: איפלל, איפלל.. אָבער אַ פּאָר מיידן נעמען מיט אים רעדן וועגן דער ביבליאָטעק און פרעגן:

— זאָגן זי נאָך, מאָרגן דאַרף זיין אַ פאַרזאַמלונג?

און דעם „יאָפּאַנשיקס“ ווייב, פון אַ יאָר עטלאַכע דריי־סיק, אַ פריילאַכע, אַן אימקינדערדיקע, קראַצט אים מיט אַ פינ־גער אין האַלז.

— פינטשע — זאָגט זי — ווען וועט שוין זיין באַ דיר אַ חתונה?...

לאַכן די מיידלאַך און זיי זוכן אַן אָרט, וואו די קעפּ צו פאַרשטופן. איינע נאָר מאַכט אַן ערנסטע מינע און פאָכנדיק זיך מיט אַ פאָכער פרעגט זי אים:

—כ'בעט איהן, זי זענען שוין אַ חתן?..

דאס רופט שוין אַפילו צווישן ייִנגען אַרויס אַ געלעכטער, וועל־

בֿעס פליט אין קייקלט זיך צום חתן אין שטוב אַריין, אַ סיג־נאַל, אַז דאָ איז שוין איינמאָל פרייליאַך. זיצט ער, דער חתן, און הינטערן טיש הייבט זיך אים אַ פיסל און אַ שטאַרקער חשק נעמט אים אָן צו טאַנצן. אָבער ניש־קשה, פייפקע, אַז ער וויל, קאָן ער זיך אַן עצה געבן מיט דעם יצר־הרע. ער טוט נאָר אַ צי מיטן שפיץ נאָז און מיטן מויל, אַ היין און אַ הער און ער הערט שוין גאָר מיט כונה דעם שמוס, וואָס „יידן" פירן מכּח משיחס צייטן...

צווישן די פרויען לעבן גאָר אויף די יינגען. אַלע, אַלע זענען שוין דאָ און מירקע די אָדעסערין האָט זיך אויך ערשט ניש לאַנג באַוויזן. פליט נעבן איר פאַרבאַ אורקע, גיט ער איר אַ פעטשל אויף אַ ווייך אָרט און, אַז זי בייזערט זיך ניש אָפּ, זאָגט ער איר:

—מירקע, זי האָבן אַ גראָבן...

און, אַז זי לאַכֿט גאָר, שטעלט ער זיך אָפּ נעבן איר, רייבט מיט זיין האַנט איבער איר קלייד און די צינג קריכֿט אים פון מויל אַרויס ווידער, ווי דעמאָלס, ווען דעם טאַטעס אָגער האָט נאָכֿגעיאָגט די קאָבילקע...

— פייפקע, אַ פייער זולסט דיך! קום אַריין טאַנצן! הערט זיך פליצלינק בערטשעס קול — די „מאַטעיעכֿע" איז דאָ!..

פאַרשעמט זיך ווידער דער חתן, ווערט בייז און רופט צו הילף איטשלען.

—גיי—בעט ער אים — און זאָג אים, אַ' די כֿאָלערע זאָל אים דערדישען! אַ פייער אין זיין מאַמען אַריין...

גייט איטשל אַפּער און ער שרייט אַריין אין דער צוויי־טער שטוב:

—בחורים! ווי לאָזט מען עס עפּעס איבער אַ חתן אַליין? בחוריב, קומטץ אַריין!

ייסט איבער לייבישל זייפנמאַכֿער, אַ יידל אין אַן אַט־

לאַסענער קאַפּאָטע פון טאַטן, צי פון זיידן נאָך, דאָס געשפּרעך וועגן משיחן און ער וועגט זיך צו אַהרעלען.

— דו האָסטן אַ פיינעם זון — זאָגט ער — אַ לייטישער יינג!

ווערט אַהרעלע פול מיט עפּעס גאָר אַ גרויסן שטאָלץ, שטעקט ער אַריין די האַנט אין די בוזעם-טאַש, וואו ס׳ליגן „פּאַפּירן,״ נאָך אַ חיץ די, וואָס דער זון זיינער טראָגט אַרום.. און איז שוין גרייט אָנצוהייבן אויפסנייי די מעשה פון קאָ-מענדאַנט, ווען עס האָט זיך צעריסן דאָס שינעלכל... דאָ ווערט אָבער אַ גרויס גערידער פון די יינגען, וואָס קומען אַלע אַריין ניש, חלילה, אויף איטשעלס רוף, נאָר וייל ס׳איז פונקט געקומען צוגיין אויף די גאַנצע פּאַרוואַלטונג פון די ביבליאָטעק, אויף וועלכע מ׳האָט זיך שוין ניש׳ גע-רעכט.

פאַרייסן אַלע יידן די קעפ און קיקן מיט אָפּשיי אויף די פּאָר יינגעלייט אין די קאַפּעלושן, וואו זיי זעצן זיך באַלד אַוועק און טועם זייענדיג עפּעס און ווינטשנדיק עפּעס דעם חתן, נעמען זיי זינגען לידער... אַ טייל בעלי-בתים געפעלט עס—זינגען זיי מיט די מעלאָדיעס, וועלכע זיי לערנען זיך באַלד אויס!.. דערנאָך צעלאָזט זיך ערשט איטשעל און ווייזט וואָס ער קאָן און אויף אַברמלס באַפּעל הייבט ער אויך אָן צו „דיקלימירן,״ פון וואָס די יידן אין די סאַמעטענע היטלאַך קוועלן גאָר אָן און לעקן די פינגער... אַזוי געדוירט עס, ביז ס׳קומט אַריין דאָס „לעבעדיקע״ יידל, וואָס שטעלט זיך אַרויף אויף אַ בענקאַלע און נעמט באַזינגען דעם חתן מיט אַזאַ „מאָ-ראַליש״ קול, אַז אַלעמען ווערט טרויריק אויף די הערצער און די ווייבער, וואָס שטייען איצט אַלע אין דער טיר ווישן די אויגן מיט טוכלאַך און כליפּען הויך אויף אַ קול.

— „אוי, חתן, חתן, דיין לעבן אויף ווייטער שטייט פאַר דיר בלינד.—

און דיין לעבן ביז היינט אי׳ דעך פיל געווען מיט זינד..."

אזוי באַזינגט עס פייפקן דער בדחן, וועלכער ווייסט שוין אויף וועלכן וואָרט צו לייגן דעם טראָפּ... אויסצעציען לאַנג, מיט אַ קנייטשאַלע, מיט אַ כּונהלע... און מיט אַ קוועטש... ווערט קאָלעמוטנע הינטער די געווענטענע העמדער און אונ-זערע לייט הייבט עס אָן פאַרצוקומען, ווי זיי, נאָר זיי זענען עס שולדיק אין אַלעם שלעכטץ, וואָס עס טוט זיך אָפּ אויף דער וועלט... אָט אַזאַ לייבישל, וואָס איז ער אינגאַנצן? אַ שטרוי-אַלע... איין בלאָז... און דו!.. דו!..

„יאָ, יאָ, אַ מלחמהלע האָסטו... אַ שמוגלען... און ׳עסטו ניש וועלן, טאָ וואָס ׳עסטו ברודער, טיען... אויפעסן די פּאָר מאַרק, צוזאַמען מיט די פערד ׳עסטי אויפעסן..."

—אוי, חתן, חתן, דער מענטש אי׳ דעך
איינגעשטעלט יעטוועדע מיניט
צו פאַרלירן זיין לעבן,
צו פאַרגיסן זיין בליט!..

„הי, הי, הי!.. ווער נאָך ווייסט עס אַזוי ווי זיי?.. ווער נאָך, ווער נאָך?.. זענען זיי דען ניש געווען יעטוועדע מינוט איינגעשטעלט... און האָט „ער" דען ניש׳ געטיען, וואָס זיין האַרץ האָט געגליסט?... עך, דער דייטש!... און ערשט?... און איצטער? און ווייטער? וואָס עסטו טיען ברודער? אויפעסן די עטלאַכע מאַרק, מיט די פערד צוזאַמען?.."

און מענדלען כאַפּט נאָך אָן פון צייט צו צייט אַ ווייטאָג ערגעץ דאָרט אין קאָפּ, אָבער ער שפּירט, ווי זי ווערט קלענער מיט דער צייט. יאָ, ער ווערט געזינט. אָ! ער האָט שוין אַ סאַך מאָל געקלערט וועגן די „זאַכן..." וואָס האָט ער עס ניש איבערגעטראַכט דעמאָלס, אין וואַרשע?.. יעצט, יעצט זעט ער ערשט איין וויפיל זינד, אָ! אָ! וויפיל זינד עס ליגט עס אין זיין קאָפּ, דאָרט וואו די געדאַנקען ווערן געבוירן...

וואַקסן און ווערן פאַרלוירן... יאָ, יאָ, ער ווייסט שוין, אַז געדאַנקען קאָנען פאַרלוירן ווערן אויך... שטייט ער איצט באַ דער טיר פון וואַנען ס'קוקן אַריין די פרויען און ער זעט ריוועטשען, וואָס שיינט אַרויס פון צווישן אַלע ווייבער... איר שיין פאַרויטלט פנים קומט אים פאָר, ווי די פאַרב פון הימל אין מזרח זייט, ווען די זון גייט אויף אין אַ זומערדיקן באַגינען... די צוויי קאַשטאַן-פאַרביקע צעפּ, וואָס ליגן איר פון פאָרנט, פון איבער די אַקסלען פאַרוואָרפן, ווייזן אים אויס, ווי די צווייגן פון יענעם היכל בוים, וואָס שטייט אייגציק אַ שטיק נאָכן וואַלד, בשעת עס קוקן דורך זיי די זונשטראַלן אין טרוקענע הערבסט-טעג, וואָס פליסן, וואָס שטראָמען מיט גאָלד...

מענדל שטייט און ער שפירט, ווי די אויגן ווערן אים פייכט, אָבער אין האַרץ, אויך אין קאָפּ ווערט אים אַזוי גוט... אַזוי גוט...

פליצלינק — וואָס איז דאָס?.. זעט ער ניש חיים „שעווצאַק?.." און אין מיטן באַזינגען דעם חתן הערט מען אַ פליצלינקן געשריי און חיים קאַמאַשנמאַכער פאַלט אַוועק אָן אַ זייט מיט אַ בלאָ-אונטערגעשלאָגן אויג...

ווערט אַן אויפגערודער און פאַנטל קומט צו צו מענדלען, אַ בייזער, אַן אויפגערעגטער. איצט, אין מיטן באַזינגען, שלאָגן זיך גאָר!.. נאָך ווייניק זינדיק, האַ!.. אָבער מענדל פאַלט צו צום פאָטער און נעמט אים אַרום:

—טאַטע, לאָ' מע' שרייבן היינט אַ תנאים מיט ריוועטשען!..— זאָגט ער.

ווערט פאַנטל מאָמענטאַל דערפריידט. אַך! הייסט עס, אַז מענדל ווערט פאָרט אַ מענטש... ער האָט דאָך צומאָל ניש געוואָלט הערן דערפון... יאָ, ברודער... יאָ...

—מלכה?—רופט ער זיין שוועסטער—מלכה, אונז 'עבן נאָך היינט שרייבן אַ תנאים!..

ווערט אַ גערעדעריי צווישן די מיידלאַך און ריוווטשע ווערט רויט, ווי דעמאָלס, בשעת זי האָט גיענטווערט מענדלען, אַז נאָר אים האָט זי ליב... און פאַנטל פאַלט איצט אַריין אין עפּעס אַ געהויבענער פרייד, וואו איז איצט דאָ אַ זכר פון זינד?.. ווער?.. ווער איז זינדיק?.. און ווייטער?.. און ווייטער?.. ניש' געזאָרגט ברודער!.. ניש' געזאָרגט!...

— עך הערט?—דינערט זיין קול — היינט שרייבן מיר אַ תנאים! און מסחר—מסחר, ברודער! ניש געזאָרגט!.. עך הערט! איך, פאַנטל זאָג ענק: „שמוגל" 'עט זיך ערשט אָנהייבן — דער רעכטער שמוגל... ביז היינט אי' געווען אַ קינדער-שפּיל... אַ שיינע חכמה געווען צו שמוגלען... איצטער אָבער, ברודער — עך, פעלטע, פעלטע!.. — כאַפּט ער מיטאַמאָל אַרום פעלטן און זיין קול באַפאַרבט זיך מיט די גלאַטיקסטע העל-געלסטע קאָלירן. —עך, ברודער פעלטע! — און זיי האַלטן זיך שוין ביידע אין די אָרעמס... און ס'קומט נאָך צו זיי צו גרונמס קאָפּ אויך און קאָפּלס און יענקלס קעפּ... נאָר יענקל קוקט מיט די האַלב פאַרגלעזערטע אויגן, ווי דורך אַ חלום.—עך הערט ברודער!— ווערט מיטאַמאָל נאָך שטאַרקער פאַנטלס קול — איך, פאַנטל זאָג ענק: איצט ווערט זיך אָנהייבן דער אמתער שמוגל... דער רעכ־טער!...

אַזוי האָט גערעדט פאַנטל און געווען איז עס גערעדט מיט אַ נביאישן פינק, וואָרעם אַפילו די בעלי-בתישע יידן זע־נען געוואָרן מיטגעריסן און זייער כעס, וואָס האָט זיי באַ־הערשט אין די ערשטע מינוטן פון מענדלס שטערן דאָס באַ־זינגען דעם חתן איז, ווי פאַרפלויגן... און אויך די יינגען אֶלע האָבן אויפגעהויבן די פאַרשכורטע קעפּ און זייערע באַזויפענע אויגן האָבן זיך אויסגעוויזן, ווי זיי זעען ערשט אין פאַנטלען עפּעס גאָר אַ ווילדע בריאה, נאָר וועלכע זאָגט נביאות עפּעס פאַרהוילענע, גרויסע זאַכן, וואָס זענען נאָך פאַרבאָרגן פאַר אַלע מענטשן... און אַ געפיל האָט זיי באַהערשט, עפּעס אַזוינס באַ

וועלכן פאר פיל פרייד, קען מען זיך צעשלאָגן, צעמימתן, אַז ס׳בלוט, זאָל רינען... דאָ האָט זיך שוין דער חתן אַליין ניש׳ געקאָנט באַהערשן און, ווי ער וואָלט געוואָלט אַרויסזאָגן דאָס וואָס אַלע פאַרשטייען איצט, האָט ער געגעבן אַ פּלאַץ אַרויס דאָס שמוגל-ליד, ער, דער חתן אַליין, דאָס איז דאָס ליד פון אַלע לידער אַרויס, דאָס ליד פון אַלע שמוג-לאַרס...

נאָר מענדל האָט איצט ערשט, ווי מיטאַמאָל, מ׳ווייסט ניש פאַר וואָס, צי טאַקי צוליב פייפקן מיט דעם שמוגל-ליד, וואָס האָט אים דערמאָנט אָן עפּעס... דערזעען נאַטשען, וואָס איז געזיצן אין דער פרויען-שטוב אין אַ ווינקל... זי איז גע-ווען אָנגעטון „קראַקראָוויאַצקע״ און דאָס קעפּל האָט זי גע-האַלטן אויף דער שויס איינגעגראָבן אין דעם גאַנצן געבאַנדט פון ברייטע פיל קאָלירטע בענדער מיט גרויסע קיילאַכדיקע קרעלן... אין זיין זכרון האָט מיטאַמאָל אויפגעוואַכט יענע צייט, יענע טעג... יענע אָוונטן... האָט אים אין האַלז געגעמען עפּעס דריקן און ער האָט באַקומען אַ חשק צו שרייען הויך, מיט זיין גאַנצן כח, מיט דעם לעצטן כח אויסצורופן:

—נאַטשאַ!.. נאַטשאַ!..

אין מח האָט אים גענעמען עפּעס האַקן, דערנאָך בויערן, ווי אַן עגבער וואָלט זיך אַריינגעגראָבן אין זיין קאָפּ. פאַר די אויגן האָט אים אָנגעהויבן טונקל צו ווערן, דערנאָך רויט און אַלץ האָט זיך גענעמען פאַר זיי דרייען, ווי אין אַ טאַנץ... און אַלע האָבן זיך אים געדאָכטן צו האַלטן די קעפּ אויף די שויסן איינגעגראָבן אין מענגעס בענדער מיט קרעלן... דערנאָך איז עס אים אויסגעקומען, ווי אַלע ווערן פאַרשווינדן מיטאַמאָל און אין שטוב בלייבן איבער נאָר בלויז קרעלן און בענדער, וואָס דרייען זיך מיט אַ געוואַלדיקער שנעלקייט, אַז דאָס אויג קוקנדיק, ווערט צומישט פון די אַלע העלקייטן, וואָס טוישן זיך, מיגניען, בלישצן אַזוי ווי בליט, וואָס שפּריצט מיטאַמאָל

אויס פון ערגעץ... נאָר אָט ווערט זיין פנים ווייס, ווי קרייד דאָס גאַנצע בליט איז פון דאָרט פאַרשווינדן. אָט פליט ער שוין און דרייט זיך עפּעס אין אַ קאַראָכאָד און מיטאַמאָל איז ער אַליין אויף אַ בינטל קרעלן מיט בענדער... נאָר צווישן די מענער האָט אַלץ ווייסער און ווייטער, געקלינגען דאָס ליד פון די שמוגלאַרס מיט אַ ליכטיקן בליק און אויפגעהויבענע קעפּ אין דער צוקונפט אַריין...

ענדע

וואַרשע—1920